העגריק איבסען

# געזאַמעלטע דראַמען

## העדדאַ גאַבלער

## דער בוימייסטער



פערלאג: מייזעל עט קאמפ.
422 גרענד סט.
ניו יארק.

# העדדא גאבלער



**איבערזעצט פון א. ים.**



# פערזאָנען:

---

זשאָרזש טעסמאַן.

העדדאַ טעסמאַן, זיין פרוי.

פריילין יוליאַ טעסמאַן, זיין טאַנטע.

פרוי עלוועסטעד.

ריכטער בראַק.

עילערט לאָוובאָרג.

בערטאַ, אַ דיענסט ביי די טעסמאַנס.

האַנדלונגס־פּלאַץ אין טעסמאַן׳ס ווילאַ, אין מעריב־טייל פון קריסטיאַנאַ.

---



# ערשטער אַקט.

---

אַ גרױסער, שײנער און געשמאַקפֿול־מעבלירטער זאַל, דעקאָרירט אין טונקעלע קאָלאָרען. צום הינטערגרונד, אַ ברײטער דורכגאַנג, בעהאַנגען מיט פֿונאַנדער־געעפֿענטע גאַרדינען, װאָס פֿיהרט צו אַ קלענערן צימער, דעקאָרירט אױף׳ן זעלבען אַרט װי דער זאַל. אין װאַנט, רעכטס פֿון זאַל, א רוק־טיר װאָס פֿיהרט צום קאָרידאָר. אין דער װאַנט אַנטקעגען, לינקס, א גלעזערנע טיר אױך בעהאַנגען מיט פֿונאַנדער־געעפֿענטע גאַרדינען. דורך די שױבען זעהט זיך א טײל פֿון דער װעראַנדאַ אין דרױסען, און בױמער בעדעקט מיט הערבסט־בלעטער. א האַלב־רונדער טיש, בעדעקט, מיט שטוהלען ארום, שטעהט גאַנץ פֿון פֿאָרענט. בײ דער רעכטער װאַנד שטעהט א ברײטער אױװען פֿון דונקעלען פֿאָרצעלײ, אַ לעהן־שטוהל, אַ װײכער פֿוס־האַלטער און צװײ פֿוס־בײנקלעך. אַ קושעטקע מיט א קלײן רונד טישעל פֿון פֿאָרענט פֿערנעהמט דעם פֿאָדערסטען װינקעל רעכטס. פֿון פֿאָרענט לינקס, עטװאָס אַבגערוקט פֿון װאַנד, שטעהט אַ זאָפֿאַ. װײטער אַװעק פֿון דער גלעזערנער טיר שטעהט אַ פּיאַנאָ. אױף יעדער זײט פֿון׳ם דורכגאַנג אַן עטאַזשערקע מיט טערראַ קאָטטאַ און מאַזשאָליקאַ קונסט־זאַכען. — בײ דער הינטערסטער װאַנד פֿון מיטעלצימער, אַ זאָפֿאַ מיט אַ טיש און אַ פּאָר שטוהלען. איבער דער זאָפֿאַ הענגט א פּאָרטרעט פֿון אַ בילד־שעהנעם, עלטערען מאַן אין אַ גענעראַל׳ס מונדיר. איבער׳ן טיש איז א הענג־לאָמפּ מיט אַן אַבאַזשור פֿון מאַטטגלאָז. אין זאַל שטעהען אױסגעפּוצט אײניגע בוקעטען אין װאַזאַנען און גלעזער. אַנדערע ליעגען אױף׳ן טיש. די דיעלען אין בײדע צימערן זײנען בעדעקט מיט דיקע טעפּיכער. פֿריהמאָרגען ליכט. די זון שײנט אַרײן דורך די גלעזערנע טיר.

פריילין יוליאַנאַ טעססמאַן, אין הוט און מיט'ן זונען־שירם אין האַנד, קומט אַריין פון קאָרידאָר, הינטער איהר געהט בערטאַ, וועלכע טראָגט אַ בוקעט איינגעוויקעלט אין פּאַפּיער. פריילין טעססמאַן איז אַ ליעבליכע דאַמע מיט אַן אַנגענעהמען אויסזעהן, ארום פינף און זעכציג יאָהר אַלט. זי איז נעט אָבער איינפאַך געקליידעט אין אַ גרויען גאַס־קאָסטיום. בערטאַ — אַ מיטעל עלטערליכע פרוי, איינפאַך און עטוואָס דאָרפיש אין איהר בענעהמען.

פ ר י י ל י ן  ט ע ס ס מ א ן: (שטעלט זיך אָב האַרט ביי דער טיר, האָרכט זיך צו און זאָגט שטיל) אויף מיין וואָרט! מיר דאַכט אז זיי ריהרען זיך נאָך נים.

ב ע ר ט א: (אויך שטיל) איך האָב דאָך אייך געזאָגט, פריי־לין. פערגעסט נים ווי שפּעט די שיף איז אַנגעקומען לעצטע נאַכט. היינט, ווען זיי זיינען אַנגעקומען א היים! ליעבער גאָט, וויפיעל פּעק די יונגע באַלעבאָסטע האָט געמוזט פונאַנדער פּאַקען איידער זי האָט געקענט געהן שלאָפען!

פ ר י י ל י ן  ט ע ס ס מ א ן: נו, נו, לאָזען זיי זיך אויס־שלאָפען. מען דאַרף־נור זעהן זיי זאָלען דאָ קריגען עפּעס אַ ביסעל פרישע מאָרגען־לופט, ווען זיי וועלען אויפשטעהן.

(זי געהט צו און עפענט אויף די גלעזערנע טיר.)

ב ע ר ט א: (שטעהט ביי'ם טיש און ווייס נים וואָס צו טהון מיט'ן בוקעט וואָס זי האַלט אין האַנד) אזוי וואַהר איך לעב, דאָ איז שוין גאָר קיין פּלאַץ נים געבליבען. איך רעכען, איך וועל עס אוועק־שטעלען אָט דאָ, פריילין. (זי שטעלט עס אוועק אויפ'ן פּיאַנאָ.)

פ ר י י ל י ן  ט ע ס ס מ א ן: נו, האָסטו שוין איצט אַ נייע באַלעבאָסטע, מיין ליעבע בערטאַ. און גאָט ווייס ווי שווער מיר איז געוועזען זיך צו שיידען מיט דיר.

ב ע ר ט א: (וויל זיך צעוויינען) און איהר מיינט, אז מיר איז עס נים שווער געווען, פריילין? נאָך די אַלע געבענשטע יאָה־רען, וואָס איך בין געוועזען ביי אייך און פריילין רינאַ.

פ ר י י ל י ן  ט ע ס ס מ א ן: מען מוז נעהמען ווי עס געהט,

בערטא. אנדרעש האָט מען ניט געקענט מאַכען. זשארזש, פער־
שטעהסטו, קען אָהן דיר ניט אויסקומען — ער קען אבסאָלוט ניט.
ער איז אזוי געוועהנט דו זאָלסט ארום געהן ארום איהם, זינט ער
איז געוועזן אַ קליינער איינגעל.

ב ע ר ט א: אך, פריילין יוליא, איך קען אָבער ניט פער־
געסען אז פריילין רינא ליעגט נעבאך הילפלאָז אין דער היים, און
האָט נור די נייע דיענסט־מיידעל ארום זיך. יענע וועט זיך קיינ־
מאָל ניט אויסלערנען ווי ארומצוגעהן ארום א קראנקע.

פ ר י י ל י ן ט ע ס מ א ן: אָה, איך וועל שוין זעהען זי
אויסצולערנען. און, פערשטעהסטו, דעם גרעסטען טייל וועל איך
נאטירליך נעהמען אויף זיך. דו דארפסט ניט זיין אונרוהיג ווע־
גען מיין ארימער שוועסטער, מיין ליעבע בערטא.

ב ע ר ט א: יא, דאָ איז אָבער נאָך עפּעס אנדערש, פריי־
לין. איך בין אין איינע ציטערניש טאָמער וועל איך ניט קענען
האָווירען דער יונגער באַלעבאָסטע.

פ ר י י ל י ן ט ע ס מ א ן: אה, נו, די ערשטע צייט קענען
פאָרקומען אזעלכע זאכען —

ב ע ר ט א: זי וועט מסתמא זיך פיהרען געפעהרליך גרויס־
ארטיג.

פ ר י י ל י ן ט ע ס מ א ן: נו, אויף דעם דארפסטו זיך
ניט וואונדערן — גענעראל גאבלער'ס טאָכטער! בערעכען צו וואָס
פאר א סאָרט לעבען זי איז געוועזן געוועהנט אין איהר פאָטער'ס
צייט. געדענקסטו ווי מיר פלעגען זיי זעהען רייטענדיג אראָב נאָס
צוזאמען מיט'ן גענעראל? אין דעם לאנגען שווארצען רייט־קאָס־
טיום, מיט פעדערן אין איהר הוט?

ב ע ר ט א: יא, געוויס — איך געדענק עס שוין גוט! אָבער
דו ליעבער גאָט, מיר וואלט זיך קיינמאָל ניט גע'חלום'ט דאמאָלס,
אז זי און דער יונגער זשאָרזש וועלען זיין א פּאָאר.

פ ר י י ל י ן ט ע ס מ א ן: מיר אויך ניט. אָבער גוט
וואָס ס'איז געקומען צו רייד, בערטא, גראָד בעת עס איז מיר ארויף

אויפ'ן זין — אין דער צוקונפט זאָלסטו מעהר ניט זאָגען דער יונגער זשאַרזש. דו מוזט זאָגען דר. טעסמאַן.

ב ע ר ט א: יא, די יונגע מאַדאַם האָט שוין אויך גערעדט וועגען דעם — נעכטען ביי נאכט — דיזעלבע מינוט ווי זיי זיינען נור אריינגעקומען אין שטוב. איז עס טאקע אמת, פריילין?

פ ר י י ל י ן  ט ע ס מ א ן: יאָ, אודאי איז עס אמת. שטעל זיך דיר פאָר, בערטאַ — א אוניווערזיטעט אין אויסלאַנד האָט איהם געגעבען דעם טיטול דאָקטאָר — בעת ער איז געווען אויף דער רייזע, פערשטעהסט. איך האָב קיין וואָרט ניט געוואוסט וועגען דעם, ביז ער האָט עס מיר אליין דערצעהלט ארונטערגעהענדיג פון שיף.

ב ע ר ט א: יא, יא, ער איז געלערנט גענוג, איז ער. איך האָב אָבער ניט גערעכענט אז ער וועט זיך נעהמען היילען קראנקע אויך.

פ ר י י ל י ן  ט ע ס מ א ן: ניין, ניין, אזא סאָרט דאָקטאָר איז ער ניט. (שאָקעלט בעדייטונגספול מיט'ן קאָפּ) אָבער איך וויל דיר זאָגען, אז באלד, קען זיין, וועלען מיר איהם דארפען רופען מיט נאָך א גרעסערען טיטול.

ב ע ר ט א: וואָס איהר רעדט! און וואָס פאר א נאָמען קען דאָס זיין?

פ ר י י ל י ן  ט ע ס מ א ן: (מיט א שמייכעל) ה'ם, וואָלסט טאקע וועלען וויסען! (גערירהרט) אָך, מיין גאָט — ווען מיין זעליגער ברודער וואָלט געקענט ארויסקוקען פון קבר און זעהען וואָס פאר א מענש זיין קליין איינגעל איז געוואָרען! (קוקט זיך ארום) אָבער זעה נור בערטאַ, צו וואָס האָסטו דאָס געטהון? פאר וואָס האָסטו אראָבגענומען אלע איבערצוגען פון די מעבעל?

ב ע ר ט א: די מאַדאַם האָט מיר געהייסען. זי קען ניט פערטראָגען, זאָגט זי, קיין איבערצוגען אויף די שטוהלען.

פ ר י י ל י ן  ט ע ס מ א ן: ווילען זיי דען געברויכען אט דעם צימער פאר זייער געוועהנליכען זאאַל?

ב ע ר ט א: יא, אזוי האָב איך פערשטאנען — פון דער מאַ־ראם. דער יונגער זשאָרזש — דער דאָקטאָר — האָט גאָרניט געזאָגט.

(זשאָרזש טעסמאַן קומט ארויין פון רעכטס אין תינטערציסער, זובגענדינג צו זיך און טראָגענדיג א לעדיגען שעפּעטעל אין האַנד. ער איז פון מיטלען געוואוקס מיט א יונגען אויסזעהען פון א מאַן פון עטליכע און דרייסיג, א ביסעל דיקלעך מיט א רונדען, אָפענעם און פרעהליכען פּנים, מיט בלאָנדע האָאָר און א באָרד. ער טראָגט ברילען און איז עטוואָס נאכלעסיג אָנגעטאָן אין א בעקוועמען הויז־אָנצוג.)

פ ר י י ל י ן ט ע ס מ א ן: גוט מאָרגען, גוט מאָרגען, זשאָרזש.

ט ע ס מ א ן: (שטעהענדיג אין טיר) טאנטע יוליא! ליעבע טאנטע יוליא! (געהט צו צו איהר און דריקט איהר ווארעם די האנד) געקומען פון אזוי וויים — און אזוי פריה! הא?

פ ר י י ל י ן ט ע ס מ א ן: נו, געווים, איך האָב דאָך גע־מוזט קומען זעהען וואָס איהר מאכט.

ט ע ס מ א ן: ניט קוקענדיג וואָס דו האָסט זיך לעצטע נאכט אפילו ניט אויסגערוהט ווי געהעריג אין?

פ ר י י ל י ן ט ע ס מ א ן: אָה, דאָס איז ביי מיר גאָר־נישט.

ט ע ס מ א ן: נו, איך האָף דו ביסט אָנגעקומען בשלום אהיים פון דער שיף, הא?

פ ר י י ל י ן ט ע ס מ א ן: גאַנץ זיכער, א דאנק גאָט. ריכטער בראַק איז געווען אזוי פריינדליך מיך צו בעגלייטען ביז צו מיין טיר.

ט ע ס מ א ן. אונז האָט אזוי באנג געטאָן וואָס מיר האָבען דיך ניט געקענט מיטנעהמען אין דער קארעטע. דו האָסט דאָך אליין געזעהן וויפיעל קאסטענס העדדאַ האָט געמוזט שלעפּען מיט זיך.

פ ר י י ל י ן  ט ע ס מ א ן: יאָ, זי האָטווירקליך געהאַט א מאסע קאָסטענס.

ב ע ר ט א: (צו טעסמאן) זאָל איך אפשר אריינגעהן זעהען צי איך קען עפּעס טהאָן פאר דער מאדאם?

ט ע ס מ א ן: ניין, א דאנק, בערטא, ס'איז ניט נויטיג. זי האָט געזאָגט, זי וועט אָנקלינגען אויב זי דארף עפּעס.

ב ע ר ט א: (געהט נאָך רעכטס) גוט.

ט ע ס מ א ן: אָבער קום נאָר אהער — נעהם מיט אָט דעם שעפּעטעל.

ב ע ר ט א: (נעהמט עס) איך וועל עס אוועקלעגען אויפ'ן בוידים.

(זי געהט ארויס דורך די טיר פון קאָרידאָר.)

ט ע ס מ א ן: שטעל זיך פאָר, טאנטע, איך האָב געהאַט דעם גאנצען שעפּעטעל פול אָנגעשטאָפּט מיט איבערגעשריבענע דאָקומענטען. דו וואָלסט גאָר ניט געקענט גלויבען וויפיעל איך האָב אָנגעזאמעלט אין די אלע ארכיוועז וואָס איך האָב אונטער־זוכט — מערקווירדיגע אלטע זאכען, פון וועלכע קיין מענש האָט גאָר ניט געוואוסט —

פ ר י י ל י ן  ט ע ס מ א ן: יאָ, עס זעהט אויס, זשאָרש, אז דו האָסט ניט פערגיידעט די צייט אויף דיין האָכצייטס־רייזע.

ט ע ס מ א ן: ניין, דאָס מעג איך זאָגען. אָבער טהו דאָך אויס דיין הוט, טאנטע. קום, לאָז מיך אויפמאכען די בענדער, הא?

פ ר י י ל י ן  ט ע ס מ א ן: (בעת ער טהוט עס) אך, גאָט — דאָס איז אקוראט ווי דו וואָלסט נאָך אַלץ געווען אין דער היים ביי אונז.

ט ע ס מ א ן: (האַלט איהר הוט אין האנד, בעקוקט איהם פון אלע זייטען) זעה נור אָבער, וואָס פאר א צאצקעדיגען הוט דו האָסט עס איינגעהאנדעלט!

פ ר י י ל י ן  ט ע ס מ א ן: דאָס האָב איך געקויפט פון העדדא'ס וועגען.

טעסמאן: פון העדדא'ס וועגען, הא?

פריילין טעסמאן: יא, כדי העדדא זאל זיך ניט דארפען שעהמען מיט מיר, ווען עס זאל זיך אונז מאכען צו געהן אין גאס צוזאמען.

טעסמאן: (גלעט איהר באק) דו רעכענסט אלץ אויס, טאנטע יוליא. (לעגט אוועק דעם הוט אויף א שטוהל נעבען טיש) און איצטער — ווייסטו וואס — לאמיר זיך גאר אוועקזעצען בע־קוועמליך אויפ'ן זאפע און שמועסען א ביסעל ביז העדדא וועט אריינקומען.

(זיי זעצען זיך. זי שטעלט אוועק איהר זונען־שירם אין א וויג־קעל פון דער זאפע.)

פריילין טעסמאן: (נעהמט זיינע ביידע הענד און קוקט אויף איהם) ווי עס פרעהט מיך דיך ווידער צו זעהען א לע־בעדיגען, א גאנצען פאר מיינע אויגען, זשאָרזש! מיין זשאָרזש — מיין ארימען ברודער'ס אייגען קינד!

טעסמאן: און מיך פרעהט עס אויך דיך ווידער צו זעהן, טאנטע יוליא! דו, וועלכע ביזט געוועזן פאר מיר א פאטער און א מוטער אין איין פערזאָן.

פריילין טעסמאן: יא, איך ווייס אז דיינע אלטע טאנטעס וועלען דיר אימער בלייבען איינגעבאקען אין הארצען.

טעסמאן: און וואס מאכט עפעס טאנטע רינא? קיין בעסערונג ניט, הא?

פריילל. טעסמאן: אך, ניין — פאר איהר קען מען שוין קיין בעסערונג ניט ערווארטען. זי ליעגט דארט הילפלאָז, אזוי ווי זי איז די אלע יאָהרען געלעגען. הלואי זאל נור גאָט געבען זי זאל זיך נאך האלטען ביי מיר. טאמער פערליר איך זי, וועל איך ניט וויסען וואס צו טהאָן מיט זיך, זשאָרזש — בעזאָנדערס איצטער אז איך האב שוין ארום דיר אויך ניט וואס צו טהון.

טעסמאן: (גלעט איהר אויפ'ן שולטער) נו, נו, נו!

פריילל. טעסמאן: (פלוצלינג ענדערענדיג איהר טאָן)

ווי איך דענק מיר אָבער, אז אַט ביזטו א פערהייראטער מאַן, זשאַרזש! און אז דו ביזט דער, וואָס האָט געוואונען הערדאַ גאבלער — די שעהנע הערדאַ גאבלער! בערעכען נור — זי, נאָך וועלכער עס האָבען זיך געיאָגט אזויפיעל קאוואליערען!

טעסמאַן: (זינגט אונטער א ביסעל און שמייכעלט צופריעדען) יא, איך שטעל מיר פאָר, אז איך האָב עטליכע גוטע פריינד אין שטעדטיל, וואָס זיינען מיך גוט מקנא — הא?

פרייל. טעסמאַן: הייגט אזא לאנגע האָכצייט־רייזע וואָס דו האָסט געמאכט! איבער פינף — כמעט זעקס מאָנאַט —

טעסמאַן: נו, פאר מיר איז עס אויך געווען א שטודיום־רייזע. איך האָב זיך געדאַרפט גריבלען אין אזוי פיעל אלטע ארכיוועו—און האָב געמוזט אזוי פיעל ביכער דורכלעזען, טאנטע.

פרייל. טעסמאַן: א, יא, איך שטעל מיר פאָר. (פערטרויליך און א ביסעל שטילער) אָבער הער נור, זשאַרזש — האָסט דו מיר גאָרניט צו דערצעהלען — גאָר ניט ספעציעלעס?

טעסמאַן: וועגען אונזער רייזע?

פרייל. טעסמאַן: יא.

טעסמאַן: ניין, איך ווייס ניט קיין אנדער זאַך, א חוץ וואָס איך האָב דיר געשריעבען אין מיינע בריעף. איך האָב געקריגען דעם טיטול דאָקטאָר — אָבער דאָס האָב איך דיר שוין דערצעהלט געסטערן.

פרייל. טעסמאַן: יא, יא, דאָס האָסטו שוין דערצעהלט. אָבער וואָס איך מיין, איז — האָסטו ניט עפּעס — עפּעס וועלכע ערוואַרטונגען—?

טעסמאַן: ערוואַרטונגען?

פרייל. טעסמאַן: ס'הייסט, — פערשטעהסט ניט, זשאַרזש? — איך בין דאָך דיין אלטע טאנטע!

טעסמאַן: נו, אודאי האָב איך ערוואַרטונגען.

פרייל. טעסמאַן: אָך!

ט ע ס מ א ן: איך האָב די בעסטע אויסזיכטען באלד צו ווערען א פראָפעסאָר.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: יאָ, א פראָפעסאָר —

ט ע ס מ א ן: ווירקליך, איך קען זאָגען, אז איך בין זיכער דערמיט. אָבער, מיין ליעבע טאנטע, מיר דאכט אז דו ווייסט דאָס שוין!

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: (לאכט צו זיך) יאָ, געוויס ווייס איך. דעריין ביזטו געדעכט. (אין אנאנדער טאָן) אָבער מיר האָבען גערעדט וועגען דיין רייזע. עס האָט געמוזט קאָסטען א שעהן ביסעל געלד, זשאָרזש?

ט ע ס מ א ן: נו, פערשטעהסטו מיך, דאָס גרויסע סטי־פענדיום וואָס איך האָב געקראָגען האָט א רעכט ביסעל אויסגע־האָלפען.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: איך זעה נור ניט איין ווי אזוי דאָס האָט געקענט קלעקען פאר צוויען.

ט ע ס מ א ן: ניין, דאָס קען מען טאקע אזוי לייכט ניט איינזעהן, הא?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: און איבערהויפט ארומרייזען מיט א דאמע — איך הער אז דאָס מאכט זעהר גרויסע אויסגאבען.

ט ע ס מ א ן: יאָ, גאנץ געוויס — דאָס קאָסט א ביסעל טייערער. אָבער העדדא האָט געמוזט מאכען די רייזע, טאנטע! זי האָט ווירקליך געמוזט. אנדערש האָט זיך דאָס ניט געפאסט.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: ניין, ניין, איך רעכען אז ניט. אָהן א האָכציים־רייזע נעהט עס ניט היינטיגע צייטען. אָבער זאָג מיר נור, האָסטו שוין גוט ארומגעקוקט דאָס הויז?

ט ע ס מ א ן: יאָ, מענסט שוין זיכער זיין, אז איך האָב עס געטהאָן. פון בעגינען אָן בין איך אויף די פים.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: און ווי געפעלט עס דיר אין גאנצען?

ט ע ס מ א ן: אויסגעצייכענט! גאָר אויסגעצייכענט!

נישט מעהר, איך בעגרייף נים, וואס וועלען מיר טהאן מים די צוויי לעדיגע צימערן וואס צווישען אט דעם הינטערסטען זאאל און הערדא'ס שלאף־צימער.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: (לאכט) א, מיין ליבער זשארוש, איך מיין, אז זיי וועלען אייך אויך צוניץ קומען — מיט דער צייט.

ט ע ס מ א ן: אך, געווים, דו ביסט גאנץ גערעכט, טאנטע יוליא! דו מיינסט פאר די ביכער פון מיין ביבליאטעק וואס וואקסט — הא?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: טאקע יא, מיין ליעב קינד. איך האב טאקע געטראכט וועגען דיין ביבליאטעק...

ט ע ס מ א ן: דערהויפט בין איך צופריעדען פון הערדא'ס וועגען. נאך איידער מיר זיינען פערלאבט געווארען פלעגט זי אפט זאגען, אז זי וואלט אנדערשוואו נים געוואלט וואהנען, ווי נור אין דעם שטאאט־ראטה פאלק'ס ווילא.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: יא, עס איז געווען א גליק וואס דאס הויז האט זיך פערקויפט; אקוראט נאכדעם ווי איהר זיים אבגעפאהרען.

ט ע ס מ א ן: יא, טאנטע יוליא, מיר האבען ווירקליך גע־האט מזל, אפשר נים — הא?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: אבער די קאסטען, מיין ליעבער זשארש! דאס וועט דיר בעטרעפען א שעהנע מטבעה.

ט ע ס מ א ן: (קוקט אויף איהר אומעטיגלעך) יא, איך רע־כען אזוי, טאנטע!

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: אך, גאט!

ט ע ס מ א ן: וויפיעל רעכענסטו דאך? אזוי אן ערך? — הא?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: איך האב קיין בעגריף נים, איי־דער אלע רעכנונגען זיינען אריינגעקומען.

ט ע ס מ א ן: נו, גליקליכערווייזע האט ריכטער בראק אויס־

געפיהרט פאר מיר די בעסטע בעדינגונגען — אזוי האָט ער גע־
שריבען אין א בריעף צו הערדא'ן.

פּ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: יא, דאגה נור ניט, מיין קינד.
— א חוץ דעם, פאר די מעבעל און אלע טעפּיכער האָב איך גוט־
געזאָגט.

ט ע ס מ א ן: דו האָסט גוט־געזאָגט? דו, מיין ליעבע טאַנ־
טע יוליא? וואָס פאר א סאָרט ערבות האָסטו געקענט געבען?

פּ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: איך האָב געגעבען אין משכון
אונזער יעהרליכע הכנסה.

ט ע ס מ א ן: (שפּרינגט אויף) וואָס? דיין און טאַנטע
רינא'ס הכנסה!

פּ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: יא, איך האָב קיין אנדער פּלאן
ניט געקענט געפינען, פערשטעהסטו.

ט ע ס מ א ן: (שטעלט זיך אויף אַנטקעגען איהר) צי ביזטו
פון זינען אראָב, טאַנטע! דיין הכנסה — דאָס איז דאָך דאָס איינ־
ציגע, פון וואָס דו און טאַנטע רינא האָבען צו לעבען.

פּ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: נו, נו, ווער ניט אזוי אויפגע־
רעגט וועגען דעם. דו ווייסט, עס איז איינגאנצען נישט מעהר ווי
א פאָרמאליטעט — ריכטער בראק האָט אליין געזאָגט. ער טאַקי
איז געווען אזוי פריינדליך דורכצופיהרען דעם גאנצען עסק פאר
מיר. עס איז נישט מעהר ווי א פאָרמאליטעט, האָט ער געזאָגט.

ט ע ס מ א ן: יא, דאָס אלעס מעג זיך זיין גאנץ רעכט.
אָבער דאָך —

פּ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: איצט וועסטו האָבען דיין איי־
גענעם געהאלט, וועסטו קענען אָבצאָהלען. און, גוטער גאָט, וואָס
איז דאָרטען אז מיר ועלען אויך אָבצאָהלען א ביסעל! דיר צו־
העלפען א ביסעל פון אָנהויב —! וואָס איז, עס וואָלט אונז
נור געמאכט פערגעניגען.

ט ע ס מ א ן: אך, טאַנטע — וועסטו קיינמאָל ניט מיעד
ווערען צו אָפּפּערען זיך פאר מיר!

פריל. טעסמאן: (שטעהט אויף און לעגט איהר האנד אויף זיינע אקסלען) האב איך דען עפעס אנדערע פריידען אויף דער וועלט, ווי זעהן עס זאל דיר גוט געהן, מיין ליעב קינד? דו האסט דאך ניט געהאט ניט קיין פאטער, ניט קיין מוטער איך וועמען זיך אנצושפארען. איצטער האבען מיר שוין געגרייכט אונ־זער ציעל, זשארוש! מאנכעסמאל האט אויסגעקוקט טרויעריג גענוג; אבער איצטער, א דאנק גאט, דארפסט שוין גאר קיין מורא ניט האבען.

טעסמאן: יא, עס איז ווירקליך וואונדערבאר, ווי אלעס האט זיך אויסגעדרעהט צום בעסטען.

פריל. טעסמאן: יא, און אלע דיינע געגנער — אלע וואס זיינען דיר געשטאנען אין וועג — זיי אלע ליעגען איצט אונטער דיינע פיס. זיי זיינען געפאלען, זשארוש! דער, וואס איז געווען דיין געפעהרליכסטער געגנער — ער איז געפאלען טיע־פער פאר אלעמען. איצטער ליעגט ער ווי ער האט זיך אויסגע־בעט — דער ארימער, פערפיהרטער מענש.

טעסמאן: האסטו עפעס געהערט וועגען עילערט? זינט מיין אוועקפאהרען, מיין איך.

פריל. טעסמאן: איך האב נור געהערט זאגענ־דיג, אז ער האט אבגעדרוקט א נייעם בוך.

טעסמאן: וואס! עילערט לאוובארג! נישט לאנג — הא?

פריל. טעסמאן: יא, אזוי זאגט מען. ווייס גאט צי זיין בוך קען עפעס האבען א ווערטה! אך, אבער ווען דיין נייעם בוך וועט ערשיינען — דאס וועט זיין וואס אנדערש, זשארוש! וועגען וואס וועט זיך דארט האנדלען?

טעסמאן: עס וועט בעהאנדלען די הויזליכע אינדו־סטריען פון בראבאנט אין מיטעלאלטער.

פריל. טעסמאן: שטעל זיך נאר פאר — אז דו זאלסט קענען שרייבען איבער אזא געגענשטאנד!

ט ע ס מ א ן: איבריגענס, עס קען נאָך נעהמען א שטיק צייט איידער דאָס בוך וועט זיין פערטיג. איך מוז פריהער אלע זאמלונגען אין אָרדנונג ברייגנען, פערשטעהסטו מיך.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: יא, זאמלען און ברייגנען אין אָרדנונג — דעריין קען דיך קיינער ניט אריבערשטייגען. דערויף ביזטו געבוירען; ניט אומזיסט ביזטו מיין ארימען ברודער'ס ליבליכער זוהן.

ט ע ס מ א ן: איך קוק שוין ארויס מיט אונגעדולד אויף דער צייט, ווען איך וועל זיך קענען זעצען ארבייטען אויף דעם. איבערהויפט איצט, אז איך האָב מיין איינען, פראכטפול הויז וואו צו ארבייטען.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: און מעהר ווי אלץ איצט, אז דו האָסט די פרוי וואָס דיין הארץ האָט בעגעהרט, מיין ליעבער זשאָרזש.

ט ע ס מ א ן: (נעהמט זי ארום) אה, יא, יא, טאנטע יוליא! העדדא — זי איז דאָס בעסטע פון אלץ! (קוקט אויף דעם ארויס־גאנג) מיר דאכט אז אָט קומט זי — הא?

(העדדא קומט אריין פון לינקס דורכ'ן מיטעלסטען צימער. זי איז א פרוי פון א יאָהר ניין און צוואנציג. דאָס געזיכט און פיגור, עדעל און אריסטאָקראַטיש. איהר הויטפארב איז בלייך־מאַטעווע. איהרע שטאָהל־גרויע אויגען דריקען אויס א קאלטע, קלאָרע רוהיגקייט. איהרע האָר האָבען אַ אַנגענעהמע מיטעל־ברוינע פארב, אָבער זיי זיינען ניט בעזאָנדערס געדיכט. זי איז אָנגעטאָן אין א געשמאַקפולען, עטוואָס לויזען מאָרגען־אנצוג.)

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: (געהט איהר אַנטקעגען) גוט מאָרגען, מיין ליעבע העדדא! גוט מאָרגען און הערצליכען ווילקאָמען!

ה ע ד ד א: (גיט איהר די האנד) גוט מאָרגען, ליעבע פריי־לין טעסמאן! אזוי פריה שוין צום בעזוך! דאָס איז זעהר פריינדליך פון אייך.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: (פיהלט זיך א ביסעל אין א פער־

לעגענהייט) האָט די יונגע פרוי גוט געשלאָפען אין איהר נייע היים?

העדדא: אה, יא, דאנקע. ציעמליך גוט.

טעסמאן: (לאכט) ציעמליך! נו, דאָס געפעלט מיר, העדדא! דו האָסט געשלאָפען ווי א שטיין ווען איך האָב זיך אויפגעכאפט.

העדדא: גליקליכערוויז. עס פערשטעהט זיך, מען מוז זיך ערשט צוגעוועהנען צו די נייע אומשטענדען, ביסלעכווייז, פריילין טעסמאן. (קוקט לינקס) אך, די דיענסט איז געגאנגען און האָט געעפענט די טיער צו דער ווערא‏נדא און האָט אריינגעלאָזט א גאנצען שטראָם פון זונען־שיין.

פריילין טעסמאן: (געהט צום טיר) נו, וועלען מיר עס צומאכען.

העדדא: ניין, ניין, ניט דאָס! טעסמאן, זיי אזוי גוט און פערציה די גארדינען. דאָס וועט געבען א ווייכערע ליכט.

טעסמאן: (גיבט טיר) שוין גוט, שוין גוט, אָט שוין, העדדא. איצט ווערטו האָבען אי שאָטען, אי פרישע לופט.

העדדא: יא, פרישע לופט איז דאָ אודאי נויטיג, צו אָט די אלע פעק בלומען — אָבער — פאר וואָס זיצט איהר ניט, פריילין טעסמאן?

פריילין טעסמאן: ניין, איך דאנק אייך. אז איך האָב שוין געזעהן, אז דאָ ביי אייך איז אלעס אין אָרדנונג, א דאנק גאָט, מוז מען שוין אָנהויבען צו געהן א היים, מיין שוועסטער ליעגט דאָרט, נעבאך, און וואַרט אויף מיר.

טעסמאן: גיב איהר מיין בעסטען גרוס, טאנטע, און זאָג איהר אז איך וועל זיך אריינכאפען זי זעהען שפעטער ביי טאָג.

פריילין טעסמאן: יא, יא, איך וועל איהר זיכער איבערגעבען. יא, מחשבות׳ן, זשאָרזש, (זוכט אין טאש פון קלייד) איך האָב שיער ניט פערגעסען. איך האָב דאָ עפעס פאר דיר.

טעסמאן: וואָס אזוינס, טאנטע, — הא?

פרייל. טעסמאן: (נעהמט ארויס א פלאך פעקיל, איינגעוויקעלט אין ציימונג פאפיער און דערלאנגט איהם) קוק נור, מיין ליעב קינד.

טעסמאן: (עפענט דאָס פעקעל) נו, איך זאָג אייך! האָסטו עס ווירקליך געהאלטען פאר מיר, טאנטע יוליא! זעה נור, העדדא! איז עס ניט ריהרענד — הא?

העדדא: (נעבען דער עטאזשערקע, רעכטס) נו, וואָס איז?

טעסמאן: מיינע אלטע מאָרגען־שיך! מיינע פאנטאָ־פעל.

העדדא: טאקע. איך געדענק אז דו האָסט זיי אָפט דערמאָנט, ווען מיר זיינען געווען אויף דער רייזע.

טעסמאן: יא, זיי האָבען מיר זעהר געפעהלט. (געהט צו איהר) איצט קענסטו זיי זעהען, העדדא!

העדדא: (געהט צום אויווען צו) א דאנק, עס אינטערע־סירט מיך ניט.

טעסמאן: (געהט איהר נאָך) בעדענקען נור — אין בעט ליעגענדיג א קראנקע האָט עס טאנטע רינא אויסגענעהט פאר מיר. אה, דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלען וויפיעל עראינערונגען עס זייע־נען דערמיט פערבונדען.

העדדא: (ביים טיש) פאר מיר ניט.

פרייל. טעסמאן: געווים ניט פאר העדדא'ן, זשאָרזש.

טעסמאן: יא, אָבער איצטער אז זי געהערט שוין צו אונזער פאמיליע, האָב איך געקלערט —

העדדא: (שלאָגט איהם איבער) מיט דער דיענסט וועלען מיר קיינמאָל ניט קענען אויסקומען, טעסמאן.

פרייל. טעסמאן: מיט בערטא'ן ניט קענען אויס־קומען?

ט ע ס מ א ן: וואָס הייסט, מיין טייערע? וואָס פאַלט דיר עפּעס איין — האַ?

ה ע ד ר אַ: (אַנצייגענדיג) זעה נור! זי האָט געלאָזען איהר אַלטען הוט זיך ארומוואלגערען אויף א שטוהל.

ט ע ס מ א ן: (אין שרעק, ווארפט ארונטער די פאַנטאָפעל אויף ד'רערד) אָבער, העדדא — !

ה ע ד ד א: שטעל זיך נאָר פאָר אז אימיצער זאָל אריינקומען און דאָס דערזעהען!

ט ע ס מ א ן: אָבער, העדדא — דאָס איז דאָך טאנטע יו־ליא'ס הוט.

ה ע ד ד אַ: אזוי?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: (נעהמט דעם הוט) יא, געוויס איז עס מיינער, און קיין אלטער איז ער אויך ניט, מאדאם העדדא.

ה ע ד ר אַ: ווירקליך, איך האָב זיך ניט גוט צוגעקוקט צו איהם, פריילין טעסמאן.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: (טהוט אָן דעם הוט) איך קען דיר זאָגען, אז עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב איהם אָנגע־טאָן — וואהרהאפטיג צום ערשטען מאָל.

ט ע ס מ א ן: און עס איז טאקי א שעהנער הוט אויך — נאָר א פּראכט!

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: אָה, ס'איז נאָר ניט אזא גרויסע זאַך, זשאָרזש. (זוכט ארום זיך) מיין פאראסאָל — ? אַך, דאָ. (נעהמט עס), דאָס איז אויך מיינער — (מורמעלט) ניט בערטא'ס.

ט ע ס מ א ן: א נייער הוט און א נייער פאראסאָל! שטעל זיך פאָר, העדדאַ!

ה ע ד ד אַ: ווירקליך זעהר שעהן.

ט ע ס מ א ן: יא, ניט וואהר — האַ? אָבער טאנטע, קוק זיך נור גוט איין אויף העדדא'ן איידער דו געהסט. זעה ווי שעהן זי איז!

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: אַך, מיין ליעב קינד, דאָס איז

קיין נייעס נים. העדדא איז אלעמאל געווען שעהן. (זי פערנייגט זיך און געהט ארויס.)

טעסמאן: (געהט איהר נאך) יא, אבער האסטו בעמערקט ווי געזונד זי זעהט אויס? ווי זי איז געווארען פול און רונד אויף דער רייזע?

העדדא: (געהט דורכ'ן צימער) אך, לאז דאך צו־רוה — !

פרייל. טעסמאן: (איז געבליבען שטעהן און דרעהט זיך אום) פולער געווארען?

טעסמאן: יא, דו קענסט עס אזוי גוט נים בעמערקען, ווייל זי טראגט יעצט אט די קלייד; אבער איך, וועלכער קען זעהען —

העדדא: (נעבען דער גלעזערנער טיר, אונגעדולדיג) אך, דו קענסט גארנישט זעהען.

טעסמאן: דאס מוז זיין די בערג־לופט אין טיראל —

העדדא: (שלאגט איהם איבער, קורץ) איך בין פונקט די אייגענע, ווי ווען איך בין ארויסגעפאהרען.

טעסמאן: אזוי זאגסט דו, איך בין אבער גאנץ זיכער אז דו ביזט נים. האלסט דו נים מיט מיר, טאנטע?

פרייל. טעסמאן: (קוקט אויף איהר מיט צוגעבויגענע הענד) העדדא איז ליעבליך — ליעבליך — ליעבליך. (געהט צו צו איהר, בויגט איהר ארונטער דעם קאפ מיט ביידע הענד און קושט זי אויף די האר) גאט בענש און בעשיץ העדדא טעסמאן — פון זשארזש'ס וועגען.

העדדא: (בעפרייט זיך פון איהר, פארזיכטיג) אך, לאזט מיך לויז!

פרייל. טעסמאן: (געפיהלפול, רוהיג) איך וועל אייך קומען זעהן יעדען טאג.

טעסמאן: יא, ועסט קומען, טאנטע? הא?

פרייל. טעסמאן: אדיע — אדיע!

(זי געהט ארויס דורכ'ן פארצימער, טעסמאן בעגלייט זי. די

מיר בלויבט תאלב־אפען. עס הערט זיך ווי טעססאן וויעדערהאלט זיין גרוס צו טאנטע רינא און דאנקט איהר נאך אמאל פאר די פאנטאפעל.)

(העדדא שפאצירט ארום איבער'ן צימער, הויבט אויף איתרע ארעמס און דריקט צונויף די פויסטען, שטארק ערביטערט. דאן רוקט זי אב האסטיג די גארדינען פון דער גלעזערנער טיר, און קוקט ארויס. באלד קעהרט זיך טעססמאן אום און מאכט צו די טיר הינטער איהם.)

טעססמאן: (הויבט אויף די פאנטאפעל פון ד'רערד) וואס קוקסטו, העדדא?

העדדא: (ווידער רוהיג און בעהערשט) איך קוק נור אויף די בלעטער. זיי זיינען אזוי געל — אזוי פערוועלקט.

טעססמאן: (וויקעלט ארום די פאנטאפעל און לעגט זיי אוועק אויפ'ן טיש) נו, מיר זיינען דאך שוין א שטיק אין סעפטעמ־בער.

העדדא: (ווידער אונרוהיג) יא, בערעכען נור! שוין אין — סעפטעמבער.

טעססמאן: מיינסטו נים, אז טאנטע יוליא איז עפעס היינט געווען אזוי זאנדערבאר? אזוי פייערליך געשטימט? קענסטו בעגרייפען וואס איז מיט איהר געווען דער מעהר? הא?

העדדא: איך קען זי דאך כמעט נאך נים. איז זי דען נים אפט אזוי?

טעססמאן: ניין, נים ווי זי איז היינט געווען.

העדדא: (געהט אוועק פון דער גלעזערנער טיר) מיינסטו אז זי האט פאריבעל גענומען וועגען דעם הוט?

טעססמאן: אה, נים זעהר. אפשר עטוואס, גלייך אין מאמענט.

העדדא: אבער וואס איז עס טאקע פאר א וועג צו נעה־מען און לאזען דעם הוט זיך ארומוואלגערען דא אין זאאל! אזא זאך טוט מען נים.

טעססמאן: נו, מעגסט שוין זיכער זיין, אז טאנטע יוליא וועט דאס שוין נאך א מאל נים טהאן.

ה ע ד ר א: יערענפאלס וויל איך שוין זעהן זיך איבערבע־טען מיט איהר.

ט ע ס מ א ן: יא, מיין ליעבע, גוטע העדדא, הלואי וואלסט דו עס טאקע טהון.

ה ע ד ר א: ווען דו געהסט אריין צו זיי היינט נאכמיטאג, קענסטו זיי איינלאדען אויף היינט אין אבענד.

ט ע ס מ א ן: יא, איך וועל עס אודאי טהון. און דו וואלסט נאך עפעס קענען טהון, וואס עס וואלט דערפרעהען איהר הארץ.

ה ע ד ר א: וואס איז עס?

ט ע ס מ א ן: ווען דו וואלסט נור ביי זיך געקענט פועל'ן צו זאגען „דו" צו איהר. דו וועסט עס מיר טהון, העדדא? הא?

ה ע ד ר א: ניין, ניין, טעסמאן — דאס זאלסטו פון מיר ניט פערלאנגען. איך האב שוין דיר דאס געזאגט. איך וועל זיך סטארען זי רופען „טאנטע", אבער דו מוזט זיך בענוגענען דער־מיט.

ט ע ס מ א ן: נו, יא. מיר האט זיך געדאכט, איצט אז דו געהערסט שוין צו דער פאמיליע —

ה ע ד ר א: ה'ם — איך זעה ניט איין פאר וואס — (זי געהט צו דעם מיטעלסטען ארויסגאנג.)

ט ע ס מ א ן: (נאך א קורצער פויזע) איז דיר עפעס, העדדא? הא?

ה ע ד ר א: איך קוק נור אויף מיין אלטע פיאנא. זי פאסט דא גאר ניט צו אלע איבעריגע זאכען.

ט ע ס מ א ן: ווי נור איך וועל קריגען מיין ערשטען גע־האלט וועלען מיר קענען זעהען ווענען אומבייטען זי.

ה ע ד ר א: ניין, ניין — ניט בייטען. איך וויל זיך מיט איהר ניט שיידען. ווי איז א שטייגער, ווען מיר שטעלען זי אוועק אין דעם מיטעלסטען צימער און קויפען אן אנדערע אוועקצושטעלען דא אויף איהר ארט? איך מיין, ווען מען וועט קענען.

ט ע ס ט א ן: (אויסמײַנגליך) יא, עס פערשטעהט זיך, מען קען עס טהון.

ה ע ד ד א: (נעהמט דעם בוקעט פון פיאנא) די בלומען זיינען דא ניט געווען נעכטען ביי נאכט ווען מיר זיינען אנגעקומען.

ט ע ס ט א ן: טאנטע יוליא האט זיי געמוזט ברינגען פאר דיר.

ה ע ד ד א: (בעקוקט דעם בוקעט) א וויזיט־קארטע. (נעהמט ארויס און לעזט.) „ועל וויעדער אריינגעהן שפעטער ביי טאג״. קענסטו טרעפען פון וועמען דאס איז?

ט ע ס ט א ן: ניין. פון וועמען? הא?

ה ע ד ד א: דער נאמען איז „פרוי עלוועסטעד״.

ט ע ס ט א ן: איז עס ווירקליך? לאנדריכטער עלוועסטעד'ס פרוי? געוועזענע פריילין ריזינג.

ה ע ד ד א: יא, עס שטימט. די פרוי מיט די אויפרעגענדע האר, מיט וועלכע זי פלעגט זיך אימער גרויס האלטען. איך הער, אז זי ביזט אמאל געווען ניט גלייכגילטיג צו איהר.

ט ע ס ט א ן: (לאכט) אה, דאס האט ניט לאנג אנגעהאלטען, און עס איז געווען איידער איך האב דיך געקענט, העדדא. אבער וואס זאגסטו דערצו, וואס זי איצט גראד אין שטאדט!

ה ע ד ד א: עס איז זאנדערבאר, אז זי זאל אונז מאכען א וויזיט. איך האב זי כמעט ניט געזעהן זינט מיר האבען פערלאזען די שוהל.

ט ע ס ט א ן: איך האב זי אויך ניט געזעהן, גאט ווייס ווי לאנג. עס איז מיר א וואונדער ווי אזוי זי האלט עס אויס צו לעבען אין אזא פערוואָרפענעם העק, הא?

ה ע ד ד א: (דענקט נאך און זאגט דאן פלוצלונג) זאג מיר טעסמאן — איז עס ניט ערגיץ דערביי, וואו ער — אט דער עילערט לאוובארג וואהנט?

ט ע ס ט א ן: יא, ער איז טאקע ערגיץ אין יענעם געגענד.

(בערטא קומט אריין דורכ'ן פארציטער)

ב ע ר ט אַ: גנעדיגע פרוי, די דאַמע ועלכע האָט אַ ווײלע פריהער געבראַכט די בלומען, איז איצט ווידער דאָ. (ווײזט מיט'ן פינגער) אָט די בלומען וואָס איהר האַלט אין האַנד.

ה ע ד ד אַ: אַה, זי איז דאָ? ט, זײט אַזוי גוט, פיהרט זי אַרײן.

(בערטאַ עפענט די טיר פאַר מאַדאַם עלווסטעד און געהט אַליין אַרויס. — מאַדאַם עלווסטעד איז אַ פרוי מיט אַ צאַרטער פיגור און שעהנע, ווייכע געזיכטסציגען. איהרע אויגען זיינען העל־בלוי, גרויסע, רונדע, עפּוואָס אַרויסגעשטאַרצט, מיט אַ שרעקעדיגען, פראַגענדיגען אויסדרוק. איהרע האָר זיינען מערקווירדיג העל, כמעט פלאַקסענע, אונגעוועהנליך געדיכט און גרייזעלדיג. זי איז עטליכע יאָהר אינגער פאַר העדדאַ. זי טראָגט אַ טונקעלע בעזוך־קלייד, געשמאַקפול אָבער ניט אקוראַט נאָך דער לעצטער מאָדע.)

ה ע ד ד אַ: (געהט איהר אויף ווארעם) וואָס מאַכט איהר, מיין ליעבע פרוי עלווסטעד? עס פרעהט מיך זעהר איך ווידער צו זעהען.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (נערוועז, זוכט זיך צו בעהערשען) יאַ, עס איז שוין זעהר לאַנג, זינט מיר האָבען זיך געזעהען.

ט ע ס מ אַ ן: (גיט איהר די האַנד) און מיר אויך, האַ?

ה ע ד ד אַ: איך דאַנק פאַר די פראַכטפולע בלומען —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אַה, ניטאָ פאַר וואָס —. איך וואָלט אַרײנגעגאַנגען גלייך נעכטען נאָך מיטאָג, נור איך האָב געהערט, אַז איהר זייט געוועזן פערדרייזט —

ט ע ס מ אַ ן: זייט איהר אַקאָרשט געקומען אין שטאָדט, האַ?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: איך בין אָנגעקומען נעכטערן אַרום מיטאָג־צייט. אַה, איך בין געוועזן גאַנץ פערצווייפעלט, ווען איך האָב געהערט, אַז איהר זייט ניטאָ צו הויז.

ה ע ד דאַ: גאַנץ פערצווייפעלט! וואָרום דען?

**מעממאַן:** אבער, מײן ליעבע פרוי ריזינג — איך מײן פרוי עלוסטער —

**העדראַ:** איך האָב אז עס האָט גאַרנישט פּאסירט?

**פרוי עלווסטעד:** יא, עפּעס. און איך קען דאָ נים קײן אַנדער לעבעדיג בעשעפעניש צו ווענדען זיך צו ווענדען.

**העדראַ:** (לעגט אוועק דעם בוקעט אויפ'ן טיש) קומט, לאָמיר זיך דאָ זעצען אויפ'ן זאָפע —

**פרוי עלווסטעד:** איך בין צו אויפגערעגט צו קענען זיצען.

**העדראַ:** נו, ראַך. קומט אָט דאָ. (זי ציהט זי אַרונ־טער אויפ'ן זאָפע און זעצט זיך נעבען איהר.)

**מעממאַן:** נו, וואָס איז, פרוי עלווסטעד?

**העדראַ:** האָט עפּעס וואָס פּאסירט ביי אייך צו הויז?

**פרוי עלווסטעד:** יא און—נײן. אָה, איך וואָלט אזוי נים וועלען איהר זאָלט מיך מיספערשטעהען —

**העדראַ:** דאַן איז דער בעסטער פּלאַן איהר זאָלט אונז דערצעהלען די גאַנצע מעשה, פרוי עלווסטעד.

**מעממאַן:** איך רעכען אז צוליעב דעם זײט איהר גע־קומען — האַ?

**פרוי עלווסטעד:** יא, יא, געווים. נו, אלזאָ, מוז איך אייך דערצעהלען — אויב איהר ווייסט שוין דאָס נים אליין — אז עילערט לאָוובאָרג איז אויך דאָ אין שטאָדט.

**העדראַ:** לאָוובאָרג — !

**מעממאַן:** וואָס! איז עילערט לאָוובאָרג צוריקגעקו־מען? רעדנ נור, העדראַ!

**העדראַ:** יא, נו, איך הער.

**פרוי עלווסטעד:** ער איז שוין דאָ א וואָך צייט. שטעלט זיך נור פאָר — א גאַנצע וואָך! איינער אליין אין אָט דער שרעקליכער שטאָדט! וואו ער קען קומען צו א נסיון אויף יעדען שריט און טריט.

ה ע ד ד א: אבער, מיין ליעבע פרוי עלוועסטער — וואס נעהמט איהר זיך אזוי צום הארצען ווענען איהם אייגענטליך?

פ ר ו י ע ל ו ו ע ס ט ע ר: (קוקט אויף איהר דערשראָקען און וואגט שנעל) ער איז געוועזן די קינדער'ס לעהרער.

ה ע ד ד א: אייערע קינדער'ס?

פ ר ו י ע ל ו ו ע ס ט ע ר: מיין מאן'ס קינדער. איך האב קיינע.

ה ע ד ד א: אייערע שטיף־קינדער, הייסט עס?

פ ר ו י ע ל ו ו ע ס ט ע ר: יא.

ט ע ס מ א ן: (שוואַך אונזיכער) איז ער, הייסט עס, גע־ווען — איך ווייס ניט ווי דאס אויסצודריקען — איז ער געווען — גענוג רעגעלמעסיג אין זיין אויפפיהר צו קענען פערטרויען אזא שטעלע? הא?

פ ר ו י ע ל ו ו ע ס ט ע ר: פאר די לעצטע צוויי יאהר האט מען אנקענען זיין אויפפיהר גאר ניט געקענט אויסזעצען.

ט ע ס מ א ן: אזוי? דענק נור, העדדא!

ה ע ד ד א: איך הער.

פ ר ו י ע ל ו ו ע ס ט ע ר: גארנים אויסזעצען, איך קען אייך פערזיכערן. אין יעדער הינזיכט. דאך אבער — איצט אז איך ווייס, אז ער איז דא אין אט דער גרויסער שטאדט — און מיט א גרויסער סומע געלט אין די הענד — שרעק איך זיך פאר איהם געפעהרליך.

ט ע ס מ א ן: ווארום איז ער ניט פערבליבען וואו ער איז געוועזן? ביי אייך און אייער מאן? הא?

פ ר ו י ע ל ו ו ע ס ט ע ר: נאכדעם ווי זיין בוך איז ער־שיענען, איז ער געווארען צו־ראונרוהיג, צופיעל אויפגערעגט צו קענען בלייבען ביי אונז.

ט ע ס מ א ן: יא, טאקע, מאנטע יוליא האט מיר געזאגט, אז ער האט ארויסגעגעבען א בוך.

פ ר ו י ע ל ו ו ע ס ט ע ר: יא, א גרויס בוך, און וועלכען

עס ווערט בעהאנדעלט דער פארטשרים פון דער ציוויליזאציע — אין בריטע שטריכען, אזוי צו זאגען — און עס האט געמאכט אזא איינדרוק —

מ ע ס ט א ן: האט עס ווירקליך געהאט אזא ערפאלג? דאס מוז זיין אן ארבייט וואס איז געלעגען ביי איהם נאך פון אמאל, פון זיינע בעסערע צייטען.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: נאר פון אמאל, מיינט איהר?

מ ע ס ט א ן: יא.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: ניין, ער האט עס אינגאנצען אנגעשריבען פאר דער צייט וואס ער איז געוועזען ביי אונז. — אין פערלויף פון לעצטען יאהר.

מ ע ס ט א ן: איז עס נים א פרעהליכע נייעס, העדדא? רעגט נור!

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: אך, יא — ווען דאס זאל נור אנהאלטען!

ה ע ד ד א: האט איהר איהם געזעהען דא אין שטאדט?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: ניין, נאך נים. איך האב געהאט די גרעסטע שוועריגקייט אויסצוגעפינען זיין אדרעס. ערשט היינט אין דער פריה האב איך עס ענדליך אויסגעפונען.

ה ע ד ד א: (קוקט אויף איהר פארשטענד) איהר ווייסט, מיך חדוש'ט א ביסעל אויף אייער מאן — ה'ם —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: (מיט א נערוועזען צוק) אויף מיין מאן? וואס?

ה ע ד ד א: פאר וואס ער שיקט איך אין שטאדט אויף אזא שליחות — פאר וואס ער איז אליין נים געקומען אכטונג געבען אויף זיין פריינד.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: אך, ניין, ניין — מיין מאן האט קיין צייט נים געהאט, א חוץ דעם, איך — איך האב דא וואס איינצוקויפען.

העדדא: (מיט א ליכטיגן שמייכעל) אַה, דאָס איז עפּעס אנדערש.

פרוי עלווסטער: (שטעלט אויף שנעל און אומרוהיג) אלזאַ, איך בעט אייך זעהר, הערר טעסמאַן — אויב עילערט לאָור בּאָרג וועט אריינקומען צו אייך, נעהמט איהם אויף פריינדליך! און איך בין זיכער אז ער וועט קומען. איהר זייט דאָך אמאָל געווען אזעלכע גרויסע גוטע פריינד. און דערצו זייט איהר דאָך פעראינטערעסירט אין דעמזעלבען שטודיום — אין דעמזעלבען צווייג פון וויסענשאפט — אויף ווי וויט איך פערשטעה.

טעסמאַן: וועניגסטענס, זיינען מיר געווען פריינד.

פרוי עלווסטער: דעריבער בעט איך דאָס אזוי שטארק, אז איהר — איהר אויך — זאָלט האָבען אַן אויג אויף איהם. אַה, איהר וועט עס מיר פערשפּרעכען, הערר טעסמאַן — נים וואהר?

טעסמאַן: איך פערזיכער אייך, אז איך וועל טהאָן פאַר עילערט'ן אלץ וואָס איך קען נור. איהר מעגט זיך פערלאָזען אויף מיר.

פרוי עלווסטער: אַה, ווי זעהר, זעהר פריינדליך דאָס איז פון אייער זייט! (דריקט איהם די האַנד) איך דאנק, איך דאנק! (דערשלאָגען) איהר פערשטעהט, מיין מאַן האָלט אזוי פיעל פון איהם.

העדדא: (שטעהט אויף) דו דאַרפסט נעראָדע שרייבען צו איהם, טעסמאַן. אפשר וועט ער נים וועלען קומען צו דיר אונגעבעטען.

טעסמאַן: יאָ, אפשר איז עס טאקי רעכט, העדדא? האַ?

העדדא: און וואָס שנעלער, אלץ בעסער. און פאַר וואָס טאקע נים גלייך?

פרוי עלווסטער: (מיט געבעט) אַה, ווען איהר וואָלט עס געטהאָן!

ט ע ס ט א ן: איך וועל די מינוט שרייבען. האָט איהר
זיין אדרעס, פרוי — פרוי עלווסטער?
פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: יאָ. (נעהמט ארויס א בלעטיל פּאַ-
פּיער פון איהר טאש און דערלאַנגט איהם) אָט איז עס.
ט ע ס ט א ן: נו נו. אָט געה איך אריין — (זוכט
עפּעס ארום זיך) יאָ, וואו זיינען מיינע פּאַנטאָפעל? אַך, דאָ.
(נעהמט דעם פּעקיל און וויל געהן.)
ה ע ד ד א: זעה נור איהם אָנצושרייבען א וואַרימען,
פריינדליכען בריעף. און א רעכט לאַנגען אויך.
ט ע ס ט א ן: יאָ, איך וועל.
פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: אָבער, איך בעט אייך, דער-
מאָהנט נור נים מיט קיין וואָרט, אז איך האָב עס אויסגעבעטהען.
ט ע ס ט א ן: ניין ווי קענט איהר נאָר דענקען, אז איך
וואָלט דאָס געטהאָן? הא?
(ער געהט ארויס רעכטס דורך דעם מיטעלסטען ציממער.)
ה ע ד ד א: (געהט צו צו פרוי עלווסטעד, שמייכעלט און
זאָגט אין א נידעריגע שטימע) נו, אָט האָבען מיר געטראָפען צוויי
האזען מיט איין קלאַפּ.
פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: וואָס מיינט איהר דערמיט?
ה ע ד ד א: האָט איהר נים פערשטאַנען אז איך האָב גע-
וואָלט ער זאָל אוועקגעהן?
פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: יאָ, שרייבען דעם בריעף —
ה ע ד ד א: און כדי איך זאָל מיט אייך קענען ריידען
אליין.
פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: (צוטראָגען) וועגען דעמזעלבען
געגענשטאַנד?
ה ע ד ד א: יאָ, פּונקט אזוי.
פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: (ענגסטליך) אָבער עס איז ניטאָ
מעהר וואָס צו רעדען, פרוי טעסמאַן! אבסאָלוט ניטאָ!
ה ע ד ד א: אח, יאָ, עס איז דאָ. זעהר פיעל מעהר —

איך זעה עס. זעצט זיך אַט דאָ און מיר װעלען זיך גאַנץ בעקװעם און פערטרױליך דורכשמועסען.

(זי צװיגגט פרוי עלװסטער זיך צו זעצען אין דעם לעהן־שטוהל װאָס נעבען אױװען, און זעצט זיך אַלײן אױף אײנעם פון די פוס־בײנקלער.)

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: (ענגסטיג, קוקט אױף איהר זײ־גער) אָבער, מיין ליעבע פרוי טעסמאַן — איך האָב װירקליך גאָר געדאַרפט אװעקגעהן.

ה ע ד ד א: אָה, װאָס האָט איהר זיך אַזױ צו אײלען? נו, דערצעהלט מיר עפּעס װי עס געהט אײך בײ אײך אין הױז.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: אָה, װעגען דעם װאָלט איך בעסער װאָס װעניגער װעלען רעדען.

ה ע ד ד א: אָבער מיט מיר, מיין ליעבע —? מיר זײנען דאָך געגאַנגען אין אײן שוהל.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: יאָ, אָבער איהר זײט געװען אײן קלאַס העכער פאַר מיר. אָה, װי איך האָב דאַן מורא געהאַט פאַר אײך!

ה ע ד ד א: מורא געהאַט פאַר מיר?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: יאָ, שרעקליך. װאָרים װען מיר פלעגען זיך בעגעגענען אױף די טרעפּ, פלעגט איהר מיר אַלעמאָל רײסען פאַר די האָאָר.

ה ע ד ד א: פלעג איך עס טהאָן, װירקליך?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: יאָ, און אײנמאָל האָט איהר געזאָגט, אַז איהר װאָלט װעלען מיר פערברענען די האָאָר אױפ'ן קאָפּ.

ה ע ד ד א: אָה, דאָס זײנען אַלץ געװען קינדערײען, פער־שטעהט זיך.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: יאָ, אָבער איך בין דאַמאָלס געװען אַזױ נאַריש. — און אױסער דעם, זײנט פון דער שוהל

האָבען מיר זיך אזוי רערווייסטערט אייגע פון די אנדערע. אונזער
ת׳ רייזען ווייגען נעווען אזוי ווייט פערשידען.

ה ע ד ד א: ט, נעם, מיר מוזען זעהען זיך ווייטער צוזאַמ־ צוקומען. איצט האָרכט נור! אין שוהל פלעגען מיר זיך „רח״ צען און פלעגען רופען אייגע די אנדערע ביים ערשטען נאָמען —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: ניין, איך בין זיכער אז איהר האָט א טעות.

ה ע ד ד א: איך האָב שוין גאָר נים קיין טעות! איך גע־ דענק עס גאַנץ קלאָר. אין לאָמיר איצטער אָבפרישען אונזער אַל־ טע פריינדשאַפט. (רוקט צו דאָס פוס־בייגקעל נעהנטער צו פרוי עלווסטעד.) נו, אָט אזוי! (קושט איהר אין באַק) איהר מוזט מיך זאָגען „רח״ און מיך רופען העדדא.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: (דריקט און גלעט איהר די הענד) אה, ווי גוט און ליעבליך איהר זיים! איך בין נים געוועהנט צו אזא ליעבליכקיים.

ה ע ד ד א: זעהסטו! און איך וועל דיר אויך זאָגען „רח״, ווי אין די אמאָליגע צייטען, און וועל דיך רופען מיין ליעבע טהאָרא.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: מיין נאָמען איז טייא.

ה ע ד ד א: אך. געוויס! איך מיין טייא. ((קוקט אויף איהר מיט מיטלייד) אזוי, ביזט נים געוועהנט צו גוטסקייט און ליעבליכקייט, טייא? אין דיין אייגענער היים אויך נים?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: אה, ווען איך וואָלט געהאט א היים! איך האָב אָבער נים — איך האָב קיינמאָל נים געהאט קיין היים.

ה ע ד ד א: (קוקט אויף איהר א מינוט) מיר האָט זיך גע־ דאכט כמעט אזוי.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: (קוקט האַפנונגסלאָז פאַר זיך) יא — יא — יא.

הערדא: איך געדענק ניט גענוי — ביזט דאכט זיך פון אָנהויב אָנגעקומען צו הערד עלווסטער אלס הויז־דאַמע?

פרוי עלווסטער: אייגענטליך בין איך אָנגעקומען צו איהם אלס גובערנאנטין. נור זיין פרוי — זיין זעליגע פרוי — איז געווען א קרענקליכע, איז זעלטענ־ווען ארונטער פון בעט. נו, האָב איך געמוזט איבערנעמען אויפ'ן הויז אויך.

הערדא: און דאן — ענדליך — ביזטו געוואָרען די באַלעבאָסטע פון הויז?

פרוי עלווסטער: (אומעטיגלעך) יא, איך בין געוואָרען.

הערדא: לאָמיר זעהען — און ערך ווי לאנג צוריק איז עס?

פרוי עלווסטער: זינט מיין חתונה?

הערדא: יא.

פרוי עלווסטער: עס איז פינף יאָהר.

הערדא: טאַקע, עס מוז שוין זיין אזוי לאנג.

פרוי עלווסטער: אָה, די ראַזיגע פינף יאָהר —! יעדענפאלס די לעצטע צוויי אָדער דריי יאָהר! אָך, ווען איהר קענט זיך דאָס פאָרשטעלען —

הערדא: (גיט איהר א לייכטען פּאטש איבער'ן האנד) „איהר"? פע, טייא!

פרוי עלווסטער: יא, יא, איך וועל פּרובירען — אָה, ווען דו וואָלסט זיך נור געקענט פאָרשטעלען און פערשטעהן—

הערדא: (זאכט) עילערט לאָווברג איז געווען אין דיין נאכבאַרשאַפט ארום דריי יאָהר, ניט וואָהר?

פרוי עלווסטער: (קוקט איהר אָן אומזיכער) עילערט לאָווברג? יא, — ער איז געווען.

הערדא: האָסטו איהם געקענט פון פריהער, דאָ אין שטאָדט?

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: כמעט גאָר נים. איך מיין — איך האָב געהערט זיין נאָמען, נאַטירליך.

ה ע ד ד א: אָבער דו האָסט איהם אָפט געזעהן דאָרט'ן אויפ'ן לאַנד?

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: יאָ, ער פלעגט קומען צו אונז יעדען טאָג. דו פערשטעהסט, ער פלעגט קומען לערנען מיט די קינדער, דען שפּעטער־צו האָב איך נים געקענט טהאָן אלעס אליין.

ה ע ד ד א: יאָ, דאָס פערשטעהט זיך. — און דיין מאַן? איך שטעל מיר פאָר אז ער איז אָפט ניטאָ אין דער היים?

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: יאָ, דו ווייסט דאָך, אלס לאַנדריכטער האָט ער א סך ארומצופאָהרען אין זיין בעצירק.

ה ע ד ד א: (שפּאַרט זיך אָן אן זיים שטוהל) טייא, כיין אָרימע, ליבע טייא — איצט מוזטו מיר אלעס דערצעהלען — גענוי ווי די זאַך שטעהט.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: נו, דאַן מוזטו מיר שטעלען פראַגען.

ה ע ד ד א: וואָס פאַר א סאָרט מענש איז דיין מאַן, טייא? איך מיין, פערשטעהסט, אין געוועהנליכען לעבען. איז ער גוט צו דיר?

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: (אויסווייכענדיג) איך בין זיכער, אז זיין מיין איז א גוטער אין אלץ וואָס ער טהוט.

ה ע ד ד א: מיר דאַכט, אז ער מוז גאָר אין גאַנצען זיין צו אַלט פאַר דיר. עס מוז אודאי זיין אן אונטערשיעד פון צוואַנציג יאָהר צווישען אייך, איז עס נים אזוי?

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: (אונרוהיג) יאָ, דאָס איז אויך ריכטיג. ער איז מיר אין אלץ צורווידערליך! מיר האָבען נים געמיינשאַפטליך צווישען אונז קיין איינציגען געדאַנקען. קיין פּונקט פון סימפּאַטיע צווישען איהם און מיר.

ה ע ד ד א: אָבער ליעבט ער דיך דען נים וויפיעל עס איז? אויף זיין אייגענעם שטייגער?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: איך ווייס ווירקליך נים. איך דענק אז ער האלט זיך בלויז פאר א ניצליך איינגענומים. און דער־צו קאָכט נים פיעל מיך אויסצוהאלטען. איך בין נים טייער.

ה ע ד ר א: דאָס איז פון דיר א נארישקייט.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) עס קען אנדערש נים זיין — נים מיט איהם. איך דענק נים אז איהם אהרט פאר ועמען עס איז, א חוץ פאר זיך אליין — און אפשר פיעל־ווייניג פאר די קינדער.

ה ע ד ר א: און פאר עילערט לאָווּבאָרג, טייא?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (קוקט אויף איהר) פאר עילערט לאָווּבאָרג? ווי קומט דיר דאָס אויס'ן זינען?

ה ע ד ר א: אבער, מיין טייערע, מיר דאכט, אויב ער קען דיך שיקען פון זיינעטוועגען אזא מהלך אהער אין שטאָדט — (שפּיעלט קוים צו בעמערקען) אויסערדעם, האָסטו עס דאָך אליין געזאָגט טעטמאן'ען.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (מיט א נערוועזע צוק) האָב איך אזוי געזאָגט? יאָ, מסתמא האָב איך. (הייבט אבער נים אויף) ניין — איך וועל דיר בעסער אלץ גלייך ערקלערען! דען די זאַך מוז ארויסקומען יעדענפאלס.

ה ע ד ר א: וואָס הייסט, מיין ליבע טייא? —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: נו, אלזא, קורץ און גוט: מיין מאן האָט נים געוואוסט אז איך פאָהר.

ה ע ד ר א: וואָס! דיין מאן האָט עס נים געוואוסט!

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: ניין, עס פערשטעהט זיך אז נים. דעם אמת געזאָגט, איז ער אליין גאר צו־הויז נים געווען — ער איז געווען אויף דער רייזע. אָה, העדדא, איך האָב עס שוין מעהר נים געקענט אויסהאלטען! איך האָב ווירקליך נים גע־קענט — לעבען דאָרטען ווייטער גאר איינגאנצען איינע אליין.

ה ע ד ר א: נו, איז וואָס דאן?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: האָב איך מיר איינגעפּאקט ווי

פיעל עס איז פון מיינע זאכען — דאס טיטינסטע וואס איך האב גענומען — אזוי שטיל ווי סטגליך. און האב פערלאזט דאס הויז.

העדדא: האסט קיינעם גארנישט געזאגט?

פרוי עלווסטעד: ניין — און האב געזוכט די באהן דירעקט אהער.

העדדא: אך, מיין ליעבע, גוטע טיא — בערעכען, אז דו זאלסט וואגען טהאן אזא זאך!

פרוי עלווסטעד: (שטעהט אויף און געהט ארום אין צימער) וואס דען האב איך אנדערש געקענט טהאן?

העדדא: אבער וואס רעכנסטו וועט דיין מאן זאגען, ווען דו קומסט וויעדער אהיים?

פרוי עלווסטעד: (נעבען טיש, קוקט אויף איהר) קומען צוריק צו איהם?

העדדא: עס פערשטעהט זיך.

פרוי עלווסטעד: איך וועל קיינמאל נים געהן צוריק צו איהם.

העדדא: (שטעהט אויף און געהט צו צו איהר) הייסט עס, דו האסט פערלאזען דיין היים אין גאנצען אויף אייביג?

פרוי עלווסטעד: יא, עס איז מיר קיין אנדער זאך נים געבליבען צו טהאן.

העדדא: אבער דאך — נעהמען און ענטלויפען אזוי אפען.

פרוי עלווסטעד: אה, אזעלכע זאכען קען מען בסוד נים האלטען.

העדדא: אבער וואס קלערסטו וועלען מענשען זאגען וועגען דיר, טיא?

פרוי עלווסטעד: זיי מעגען זאגען וואס זיי ווילען — מיך ארט נים. (זעצט זיך מיעד און אומעטיג אויפ'ן זאפא) איך האב געמוזט טהאן דאס וואס איך האב געטהון.

ה ע ד ר א: (נאך א קורצער פאוזא) און וואס זיינען דיינע פלענער איצטער? וואס רעכנסטו צו טהאן?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: איך ווייס נאך נים. איך ווייס נור איינס, אז איך מוז לעבען דא וואו עילערט לאוובארג איז — אויב איך קען איבערהויפט לעבען.

ה ע ד ר א: (נעהמט א שטוהל פון ארום טיש, זעצט זיך נעבען איהר און גלעט איהר די הענד) מיין ליעבע טיא — ווי אזוי איז ענטשטאנען אט די — די פריינדשאפט־פערהעלטניס — צווישען דיר און עילערט לאוובארג?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: אה, עס איז אויסגעוואקסען ביסלעכווייז. איך האב געקריגען אויף איהם א געוויסען איינפלוס.

ה ע ד ר א: אזוי?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: ער האט אויפגעגעבען זיינע אלטע געוועהנהייטען, נים ווייל איך האב איהם געבעטען ער זאל דאס טהאן; דאס האב איך קיינמאל נים געוואגט. עס פערשטעהט זיך, ער האט געזעהן ווי זיי זיינען מיר צרווידערליך, האט ער זיי אויפגעגעוואָרפען.

ה ע ד ר א: (פערשטעלט א נים־וויל׳ענדיג שפעטישען שמייכעל) דו האסט איהם, הייסט עס, ארויסגעצויגען פון זומפף — ווי עס רעדט זיך — מיין קליינע טיא.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: ער זאגט עס אליין, יעדענפאלס. ער ווידער, פון זיין זייט, האט פון מיר געמאכט א ווירקליכען מענשען — ער האט מיך געלערנט דענקען און פערשטעהן אזויפיעל זאכען.

ה ע ד ר א: האט ער דיר אויך געגעבען שטונדען, הייסט עס?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: נון, מען קען עס נים אנרופען אקוראט שטונדען. אבער ער פלעגט רעדען מיט מיר — רעדען וועגען אזויפיעל פערשיעדענע זאכען. און דאן איז געקומען די

שעהנע גליקליכע צייט, ווען איך האָב אָנגעהויבען נעהמען אנטייל
אין זיין ארבייט — ווען ער האָט מיר ערלויבט איהם צו העלפען!

ה ע ד ר א: אזוי — ער האָט דיך געלאָזען?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: יא! ער האָט קיינמאָל אָהן
מיין הילף גאָרנישט ניט געשריבען.

ה ע ד ר א: איהר זייט, הייסט עס, געווען צווישען זיך
גוטע קאמעראדען?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (היציג) קאמעראדען! יא,
שטעל זיך פאָר, העדדאַ — פונקט דאָס אייגענע וואָרט וואָס ער
האָט געברויכט! — אה, איך האָב זיך געדארפט שעצען פאָל-
קאָם גליקליך. און דאָך קען איך עס ניט, וואָרים איך וויים ניט
ווי לאנג דאָס וועט אָנהאלטען.

ה ע ד ד א: אזוי ווייניג קענסטו זיך אויף איהם פערלאָ-
זען?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (אומעטיגלער) דער שאָטען פון
א פרוי שטעהט צווישען עילערט לאָוובאָרג און מיר.

ה ע ד ד א: (קוקט אויף איהר ענגסטיג) ווער קען דאָס זיין?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: איך וויים ניט. איינע, וועל-
כע ער האָט געקענט אין זיין — אין זיין פערגאנגענהייט. אזא
איינע, וועמען ער האָט קיינמאָל אינגאנצען ניט געקענט פערגע-
סען.

ה ע ד ד א: וואָס האָט ער דיר געזאָגט — וועגען דעם?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: איינמאָל נור — אזוי פערביי-
געהענדיג — האָט ער דערמאָהנט וועגען דעם.

ה ע ד ר א: נו, און וואָס האָט ער דאן געזאָגט?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: ער האָט געזאָגט, אז ווען זיי
זיינען זיך פונאנדערגעגאנגען, האָט זי געוואָלט איהם שיסען מיט
א פיסטאָלעט.

ה ע ד ד א: (קאלט און בעהערשט) אך, אונזין! קיינער
טהוט דאָ ניט אזוינע זאכען.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: ניין, דעריבער דענק איך אז דאָס האָט געמוזט זיין יענע רויט־האָריגע זינגערקע, מיט וועלכער ער האָט א געוויסע צייט —

ה ע ד ר א: יא, זעהר מעגליך.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: וואָרים איך נערענק ווי מען פלעגט זאָגען אויף איהר אז זי טראָגט זיך ארום מיט אָנגעלאָדענע וואפען.

ה ע ד ר א: אָה — דאן איז עס זיכער, אז זי האָט דאָס געמוזט זיין. —

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: (ברעכט די הענד) און איצט שטעל זיך נור פאָר, העדרא — איך האָב געהערט, אז די דאָזיגע זינגערקע — אז זי איז ווידער דאָ אין שטאָדט! אָה, איך ווייס ניט וואָס צו טהאָן —

ה ע ד ר א: (קוקט צום הינטערשטען צימער צו) שאַ! אָט קומט טעסמאַן: (שטעלט זיך אויף און זאָגט איהר שטיל) טייא — דאָס אלעס מוז בלייבען צווישען אונז.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: (שפּרינגט אויף) אה, יא — יא! אום גאָטעס ווילען — !

(זשאָרזש טעסמאַן מיט א בריעף אין האַנד, קומט אריין פון הינ־טערסטען צימער.)

ט ע ס מ א ן: נו, שוין — די מגילה איז פאַרטיג.

ה ע ד ר א: דאָס איז גוט. פרוי עלווסטעד וויל שוין טאקע אוועקגעהן. וואַרט א מינוט — איך וועל מיט דיר צוגעהן ביז'ן טויער.

ט ע ס מ א ן: דענקסטו ניט, העדרא, אז בערטא וואָלט געקענט אוועקטראָגען דעם בריעף אויף דער פּאָסט?

ה ע ד ר א: (נעהמט דעם בריעף) איך וועל איהר זאָגען.

(בערטא געהט אריין פון קאָרידאָר.)

ב ע ר ט א: ריכטער בראק איז דרויסען און לאָזט פרעגען צי די מאַדאַם וויל איהם אויפנעהמען.

ה ע ד ר א: יא, בעט ריכטער בראק אריין. און זעהט נור — לעגט אוועק דעם בריעף אויף דער פּאַסט.

ב ע ר ט א: (נעהמט דעם בריעף) יא, מאדאם.

(זי עפענט די טיר פאר ריכטער בראַק און געהט אליין ארויס. בראק איז א מאַן פון פינף און פערציג, דיקלעך אָבער גוט געבויט און שעהן־ריהרעווודיג. ער האָט א קיילעכיג געזיכט מיט אַן אריסטאָקראַ־טישען פּראָפיל; קורצע, גאנץ שווארצע האָאר, זאָרגפעלטיג פערקאַמט; לעבהאפטע און פינקעלדיגע אויגען, דיקע ברעמען און שנור־באָרד. געקליידעט אין אַן עלעגאנטען אַנצוג, וועלכער איז א ביסעל צו־יונ־גענדליך פאר זיין עלטער. ער טראָגט אַ בריל, וועלכע ער נעהמט אלע ווײַילע אַרונטער.)

ר י כ ט ע ר  ב ר א ק: (פערנייגט זיך מיט'ן הוט אין האַנד) מעג מען וואגען אָבצושטאטען א וויזיט אזוי פריה?

ה ע ד ד א: געוויס מעג מען.

ט ע ס מ א ן: (דריקט איהם די האַנד) איהר זייט ווילקאָמען צו יעדער צייט (שטעלט איהם פאָר:) ריכטער בראק — פרײלין רייזינג.

ה ע ד ד א: אַך! —

ב ר א ק: (פערנייגט זיך) זעהר אנגענעהם —

ה ע ד ד א: (קוקט אויף איהם און לאכט) עס איז א פערגעניגען אייך אָנצוקוקען ביי טאָג, הערר ריכטער!

ב ר א ק: געפינט איהר אז איך זעה אוים אנדערש?

ה ע ד ד א: עטוואָס יונגער, גלויב איך.

ב ר א ק: איך דאנק בעסטענס.

ט ע ס מ א ן: אָבער וואָס דענקט איהר וועגען העדדא — הא? זעהט זי ניט אוים בליהענד? זי איז ווירקליך —

ה ע ד ד א: אָה, לאָז מיך געמאך. דו האָסט נאָך ניט בע־דאנקט ריכטער בראק פאר זיין מיהע וואָס ער האָט זיך גענומען —

ב ר א ק: אך, אונזין — דאָס איז פאר מיר געווען א פערגעניגען —

ה ע ד ר א: יא, איהר זייט אן אמת'ער פריינד. אָבער מייא ווארט מיט אונגעדולד אוועקצונעהן — נו, צום ווידערזעהן, הערר ריכטער. איך קום באלד צוריק.

(זיי זעגענען זיך. פרוי עלווסטעד און העדדא געהען ארויס דורך די פאָרצימער טיר.)

ב ר א ק: נו — איז אייער פרוי עפּעס צופריעדען —

ט ע ס מ א ן: יא, מיר קענען איך גאָר ניט אָבדאנקען. נאטירליך, זי מיינט אז מען וועט דארפען אייניגע זאכען איבערשטעלען און וואָס־עס־איז נאָך צו קריגען. מיר וועלען נאָך-מורזען איינקויפען פערשיעדענע קלייניגקייטען.

ב ר א ק: אזוי גאָר?

ט ע ס מ א ן: מיר וועלען אָבער איך ניט מעהר בעמיהען וועגען די איבעריגע זאכען. העדדא זאָגט אז זי וועט שוין אליין אויפפאסען דערויף. — אפשר וועלען מיר זיך צוזעצען, האַ?

ב ר א ק: דאנקע, מען קען זיצען אַ ווײלע. (זעצט זיך נעבען טיש) איך האָב מיט איך וועגען עפּעס געוואָלט רעדען, מיין ליעבער טעסמאן.

ט ע ס מ א ן: אזוי? אָה, איך פערשטעה! (זעצט זיך) איצטער, רעכען איך, קומט אויף דער רייה דער ערנסטער טייל פון דער שמחה, האַ?

ב ר א ק: אָה, די געלד־פראגע האָט נאָך צייט; הגם, אז עס האלט שוין דערביי, וואָלט איך דערמאָנט, אז מיר האָבען געדארפט זיין אַ ביסעל מעהר עקאָנאָמיש.

ט ע ס מ א ן: אָבער איהר ווייסט דאָך, אז דאָס האָט ניט געקענט געהן! דענקט נור וועגען העדדא, מיין ליעבער מענש! איהר קענט דאָך זי אזוי גוט — איך האָב אויף קיין פאַל איהר ניט געקענט אָנמוטען אַ געמיין־בעל־הבית'שען לעבען.

ב ר א ק: ניין, ניין — דאָס איז טאקע די צרה.

ט ע ס מ א ן: און דאן — גליקליכערווייז — קען עס דאָך לאנג ניט דויערן ביז איך בעקום מיין שטעלע.

ב ר א ק: יא, איהר פערשטעהט — אזוינע זאכען טרעפט אז זיי פערציהען זיך א שטיק צייט.

ט ע ס מ א ן: האט איהר געהערט עטוואס בעשטימטעס, הא?

ב ר א ק. גאנץ בעשטימטעס ניט — (האקט זיך אב) יא, וואס האב איך געוואלט זאגען? — איך האב פאר אייך א שטי־קעל נייעס.

ט ע ס מ א ן: נו, וואס?

ב ר א ק: אייער אלטער פריינד, עילערט לאוובארג, איז דא וויעדער אין שטאדט.

ט ע ס מ א ן: דאס ווייס איך שוין.

ב ר א ק: אזוי! פון וועמען האט איהר זיך דערוואוסט?

ט ע ס מ א ן: דורך יענע דאמע, וועלכע איז אקארשט ארויסגעגאנגען מיט העדדא.

ב ר א ק: ווירקליך? ווי האט זי געהייסען? איך האב ניט גוט געהערט.

ט ע ס מ א ן: פרוי עלווסטעד.

ב ר א ק: אהא — לאנדריכטער עלווסטעד'ס פרוי? עס פערשטעהט זיך — ער האט געוואוינט דארטען אין זייערע גע־גענדען.

ט ע ס מ א ן: און שטעלט זיך נור פאר — צו מיין גרוי־סער פרייד הער איך אז ער איז וויעדער געווארען א גאנץ אנ־שטענדיגער מענש!

ב ר א ק: יא, אזוי זאגט מען.

ט ע ס מ א ן: און דאן האט ער אבגעדרוקט א נייעס בוך, הא?

ב ר א ק: יא, אזוי איז עס.

ט ע ס מ א ן: און איך הער, אז ער האט געמאכט א גע־וויסען רושם!

ב ר א ק: גאר אן אונגעוועהנליכען רושם.

ט ע ס מ א ן: שמעלט זיך פאר! איז עס נים גוטע נייעס? א מאן מיט אזא אויסערגעווענליכען טאלאנט. — עס האט מיר אזוי לייד געטהאן ווען איך האב געדענקט אז ער איז שוין געווען איינגאנצען א פערפאלענער.

ב ר א ק: דאס האבען אלע אזוי געדענקט.

ט ע ס מ א ן: איך קען אבער גאר נים פערשטעהן צו וואס ער וועט זיך איצטער נעהמען! וואו וועט ער געפינען זיך צו פערדינען אויפ'ן לעבען, הא?

ה ע ד ד א: (איז ארויינגעקומען דורך די פארצימער־טיר, אונטערבאפענדיג די לעצטע ווערטער. זאגט צו בראק מיט א שפאטישען געלעכטער:) טעסמאן זארגט זיך נאכאנאנד פאר אלעמען פון וואנען זיי וועלען נעהמען צו לעבען.

ט ע ס מ א ן: נו, זעהסטו, מיין טייערע, — מיר האבען גערעדט וועגען דעם ארימען עילערט לאווובארג.

ה ע ד ד א: (גיט אויף איהם א שנעלען קוק) אך, אזוי? (זעצט זיך אין לעהנשטוהל נעבען אויוועז און פרעגט גלייכגילטיג) וואס איז דען דער מעהר מיט א י ה ם?

ט ע ס מ א ן: נו, זיין פערמעגען האט ער אודאי שוין לאנג אייבגעבראכט, און ער קען דאך נים אנשרייבען אלע יאהר א נייעס בוך — הא? נו, קען איך ווירקליך נים פערשטעהן וואס עס קען ווערען פון איהם.

ב ר א ק: וועגען דעם פונקט קען איך אייך אפשר עטוואס דערצעהלען.

ט ע ס מ א ן: ווירקליך!

ב ר א ק: איהר מוזט געדענקען אז זיינע קרובים האבען א היבש ביסעל איינפלוס.

ט ע ס מ א ן: אה, צום אונגליק האבען זיינע קרובים זיך אינגאנצען אבגעזאגט פון איהם.

ב ר א ק: פריהער אבער האבען זיי איהם אנגערופען די האפנונג פון דער פאמיליע.

ט ע ס מ א ן: פריהער יא! ער האָט אָבער געמאַכט א סוף פון אלעס.

ה ע ד ד א: ווער ווייס? (מיט א לייכטען שמייכעל) איך הער אז דאָרט'ן אין'ם לאַנדריכטער עלווסטער'ס הויז איז ער נאָר א נייער מענש געוואָרען —

ב ר א ק: און דאָן דאָס בוך וואָס ער האָט איצט אָבגע־דרוקט —

ט ע ס מ א ן: יא, איך האָף אז זיי וועלען געפינען פאר איהם עפּעס וואָס צו טהאָן. איך האָב איהם אקאָרשט געשריבען. איך האָב איהם געבעטען, ליעבע העדדא, ער זאָל קומען אונז בע־זוכען נאָך היינט אין אָוונד.

ב ר א ק: אָבער, מיין ליעבער פריינד, היינט אין אָוועגד מוזט איהר דאָך נאָר זיין ביי מיר אויף מיין בחור'שע וועטשערינקע. איהר האָט דאָס מיר פערשפּראָכען נאָך לעצטע נאכט אויפ'ן שיף־בריק.

ה ע ד ד א: האָסטו פערגעסען, טעסמאַן?

ט ע ס מ א ן: יא, איך האָב איננאַנצען פערגעסען.

ב ר א ק: עס מאַכט ניט, וואָרים איהר מעגט זיין זיכער, אז ער וועט ניט קומען.

ט ע ס מ א ן: פאַר וואָס דענקט איהר אזוי, הא?

ב ר א ק: (עטוואָס אונגוויליג, שטעהט אויף און שפּאַרט זיך אָן הינטערן שטוהל) מיין ליעבער טעסמאַן — און איהר אויך, מאַ־דאַם טעסמאַן — איך רעכען אז איך טאָר אייך ניט האַלטען אין דונקעלען וועגען עפּעס, וואָס — וואָס —

ט ע ס מ א ן: וואָס איז נוגע עילערט'ן —?

ב ר א ק: וואָס איז נוגע אייך ביידען.

ט ע ס מ א ן: נו, מיין ליעבער ריכטער, ארויס דערמיט!

ב ר א ק: איהר מוזט זיין פאָרבערייט פאר דעם פאַל, אז אייער קריגען די שטעלע קען אָבגעלענט ווערען אויף לענגער ווי איהר ווינשט אָדער ערוואַרטעט.

טעסמאן: (שפרינגט אויף אונרוהיג) איז עפּעס דאָ אָן אָבהאַלט אין דעם, הא?

בראַק: עס קען זיין, אז די שטעלע וועט אוועקגעגעבען ווערען ערשט נאָך דעם ווי עס וועט געהאַלטען ווערען א קאָנקורס־נער עקזאַמען —

טעסמאן: א קאָנקורסנער עקזאַמען! דענק נור, העד־דא!

העדדא: (שפּאַרט זיך אָן טיעפער אין שטוהל) אהא — אהא!

טעסמאן: ווער קען אָבער זיין מיין קאָנקורענט? נע־ווים ניט צווישען מיר און —?

בראַק: גראַד יא — עילערט לאָווביאָרג.

טעסמאן: (נעהמט צונויף די הענד) ניין, ניין — עס איז גאַנץ אונבעגרייפליך! גאַנץ אונמעגליך! הא?

בראַק: ה'ם — מיר קענען אָבער דאָך ערוואַרטען.

טעסמאן: אָך, אָבער, הערר ריכטער, דאָס וואָלט דאָך געהייסען בענעהן אַנטקעגען מיר אַן אונגלויבליכע עולה. (זשעסטי־קולירט שטאַרק מיט די הענד) וואָרים, בערענקט נור — איך בין א פערהייראַטער מאַן! מיר האָבען געהייראַט; מיר האָבען גע־באָרגט געלד אפילו פון טאַנטע יוליא. אָך מיין גאָט! זיי האָ־בען מיר אַזוי גוט ווי פערשפּראָכען די שטעלע — הא?

בראַק: נא, נא — ס'איז קיין צווייפעל, אז איהר וועט ענדליך קריגען די שטעלע; נאָר ניט אָהן א קאָנקורסיע.

העדדא: (שטייף אין איהר לעהנשטוהל) שטעל זיך פאָר, טעסמאַן, דאָס קען זיין אינטערעסאַנט אלס א געוויסער ספּאָרט.

טעסמאן: אָבער, מיין ליעבסטע העדדא, ווי אַזוי קענ־סטו רעדען אַזוי גלייכגילטיג וועגען דעם?

העדדא: (ווי פריהער) איך בין גאָר ניט גלייכגילטיג. איך בין העכסט נייגיריג צו זעהען ווער עס וועט געווינען.

בראַק: יערענפאַלס, מאַראַם טעסמאַן, איז עס בעסער

ווען איהר ווייסט ווי די זאך שטעהט. איך מיין — איידער איהר נעהמט זיך איינקויפען די אלע קליינינקייטען, ווערבע איך הער אז איהר ווילט.

הע דר א: דאס קען נים מאכען קיין אונטערשיעד.

ב ר א ק: אזוי? דאן האב איך מעהר גאר ניט וואס צו זאגען. אדיע! (צו מעסמאן) איך וועל זיך אריינכאפען צו אייך געהענדיג צוריק פון מיין נאכמיטאג שפאצירגאנג און וועל אייך מיטנעהמען צו זיך אהיים.

מ ע ס מ א ן: יא, יא — אייערע נייעס האט מיך גאר צו־טומעלט.

ה ע ד ד א: (אתינטער בויגענדיג זיך אין שטוהל, שטרעקט אויס איהר האנד) אדיע, הערר ריכטער! געדענקט־זשע אריינצו־קומען נאך מיטאג.

ב ר א ק: איך דאנק פיעל מאל. אדיע, אדיע!

מ ע ס מ א ן: (בעגלייט איהם צו דער טיר) אדיע, מיין ליע־בער ריכטער! איהר מוזט מיר ווירקליך ענטשולדיגען —

(ריכטער בראק געהט ארויס דורך דעם פארצימער.)

מ ע ס מ א ן: (געהט איבער'ן צימער) אה, העדדא — מען טאר קיין מאל זיך ניט אריינלאזען אין ריזיקאלישע אונטערנעהמונ־גען. הא?

ה ע ד ד א: (קוקט אויף איהם מיט א שמייכעל) טהוסט דו דאס?

מ ע ס מ א ן: יא, העדדא — מען קען ניט זאגען, עס איז געווען ריזיקאליש צו געהען הייראטען און איינפיהרען א הויז אויף בלויזע ערווארטונגען.

הע דר א: און דעריין ביזטו אפשר גערעכט.

מ ע ס מ א ן: נו, יעדענפאלס האבען מיר אונזער פראכט־פאלע היים, העדדא! דענק נור, די היים, וועגען וועלכער מיר האבען ביידע געטרוימט — די היים, אין וועלכער מיר זיינען געווען פערליעבט, וואלט איך כמעט געקענט זאגען. הא?

הערדא: (שטעהט אויף לאנגזאם און מיעד) עס איז גע־וועזן א טייל פון אונזער אבמאך, אז מיר זאלען אריין אין „געזעל־שאפט“ — האלטען אן אפען הויז.

טעסמאן: ווען דו וואלסט נור געוואוסט ווי איך האב אויסגעקוקט אויף דעם! דענק נור — דיך צו זעהען אלס ווירטהין — אין א געקליבענעם קרייז! הא? נו, נו —פאר דער־ווייליגע וועלען מיר זיך מוזען בעגעהן אהן געזעלשאפט, הערדא — די טאנטע יוליא וועלען מיר נור ווען־ניט־ווען איינלאדען. אה, איך האב געהאפט, אז דו וועסט קענען פיהרען גאר א גאנץ אנדער לעבען — !

הערדא: קיין דיענער אין ליווערע, פערשטעהט זיך, וועל איך דערווייליגע ניט קענען האבען.

טעסמאן: אך, ליידער ניט. ווענגען האלטען א דיענער איז איצט גאר ניט וואס צו רעדען.

הערדא: און דעם רייט־פערד וואס איך האב געזאלט האבען —

טעסמאן: (דערשראקען) דעם רייט־פערד!

הערדא: ווענגען דעם, הייסט עס, דארף איך איצט גאר ניט טראכטען.

טעסמאן: ניין, גאט בעוואהר! דאס איז זעלבסט־פערשטענדליך.

הערדא: (געהט דורכ'ן צימער) נו, איין זאך צום ווע־ניגסטען וועל איך דאך האבען צו פערברייננגען די צייט דערמיט דערווייליגע.

טעסמאן: (שטראהלט פאר פרייד) א דאנק גאט דערפאר! און וואס איז עס אזוינס, הערדא? הא?

הערדא: (אין מיטעלסטען דורכגאנג, קוקט אויף איהם מיט אונטערדריקטען צארן) דאס זיינען מיינע פיסטאלעטען, זשארזש.

טעסמאן: (אין שרעק) דיינע פיסטאלעטען!

ה ע ד ר א: (מיט א קאלטען בליק) נענעראל גאבלער׳ס פי־סטאָלעטען.

(זי געהט ארוים דורך דעם מיטעלסטען צימער, לינקס.)

ט ע ס מ א ן: (לויפט צו דעם מיטעלסטען דורכגאנג און שריים צו איהר:) ניין, אום גאָטעס ווילען, העדדא, טייערינקע — טשעפע ניט יענע געפעהרליכע זאכען! טהו דאָס ניט, פון מיינעטוועגען, העדדא! הא?



## צווייטער אקט.

א צימער ביי טעסמאן ווי אין ערשטען אקט. נור די פיאנא פעהלט, און אנשטאט איהר שטעהט אן עלעגאנטער קליינער שרייבטיש מיט ביבער־פאליצעס. נעבען דער זאפא ליגקס שטעהט א קלענערער טיש. פון אלע בלומען־בוקעטען איז נור געבליבען פרוי עלווסטעד'ס בוקעט, פארענט אויפ'ן גרויסען טיש. — עס איז נאכמיטאג.

העדדא, איבערגטאן אין א עמפפאנגס־אנצוג, איז אליין אין צימער. זי שטעהט נעבען דער אפענער גלעזערנער טיר און לאדט אן א רעוואלווער. דער צווייטער פון דער פאר ליעגט אין א אפענעם פיסטאלעטען־שאכטעל אויפ'ן שרייב־טיש.

העדדא: (קוקט ארונטער אין גארטען און רופט:) גוט־טאג, זייט איהר שוין ווידער דא, הערר ריכטער!

בראק: (רופט פון ווייטען) יא, ווי איהר זעהט, מאדאם טעסמאן!

העדדא: (הויבט אויף דעם פיסטאלעט און ציעלט) אט דערשיס איך אייך, הערר בראק!

בראק: (רופט פון אונטען) ניין, ניין, ניין! ציעלט נים פונקט אויף מיר!

העדדא: אט דאס קריגט מען ווען מען גנב'ט זיך הינ־טער ארום. (זי שיעסט אויס.)

בראק: (קומט נעהנטער) זייט איהר פון זינען אראב —!

העדדא: ווטה מיר — האב איך אייך אפשר געטראָ־פען?

בראק: (נאך אלץ פון דרויסען) ווארפט דאך אוועק די נאר־רישע קונצען!

ה ע ד ד א: נו, קומט אריין, הערר ריכטער.

(ריכטער בראַק, אָנגעטאָן ווי פאר א מענער־אבענד, קומט אריין דורך די גלעזערנע טיר. ער טראָגט א ליובטען אויבערראָק אויפ'ן אָרעם.)

ב ר א ק: צום טייפעל — האָט איך נאָך ניט דערעבען דער דאַזיגער ספאָרט? וואָס שיעסט איהר איינענטליך?

ה ע ד ד א: אָך, איך שיעס נור גלאט אזוי אין דער לופט.

ב ר א ק: (נעהמט זאַכט ארויס דעם פיסטאָלעט ביי איהר פון האַנד) ערלויבט מיר, מאַדאַם! (קוקט אויף דעם) אַה, דעם פיסטאָלעט קען איך גוט! (קוקט זיך ארום) נו, אין דעם שפּיעל וועלען מיר היינט מעהר ניט שפּיעלען.

ה ע ד ד א: אָבער, אין הימעל'ס נאָמען, וואָס ווילט איהר נעוואָלט איך זאָל טהאָן מיט זיך?

ב ר א ק: האָט איהר גאָר ניט געהאט קיין בעזוכער?

ה ע ד ד א: (מאַכט צו די גלעזערנע טיר) קיין איינציגען ניט. איך רעכען אז אלע פון אונזער קרייז זיינען נאָך אויפ'ן לאַנד.

ב ר א ק: און איז טעסמאַן אויך ניט צו הויז?

ה ע ד ד א: (נעבען שרייב־טיש, לעגט אריין דעם פיסטאָלעט־שאַכטעל אין טיש־קעסטיל און פערמאַכט עס.) ניין. גלייך נאָך אָנבייסען איז ער אוועקגעלאָפען צו זיין טאַנטע. ער האָט אייך ניט ערוואַרט אזוי פריה.

ב ר א ק: ה'ם — ווי נאַריש דאָס איז געווען פון מיין זייט וואָס איך האָב וועגען דעם ניט געדענקט!

ה ע ד ד א: (דרעהט אום דעם קאָפּ א קוק צו טהאָן אויף איהם) פאר וואָס נאַריש?

ב ר א ק: ווייל אויב איך וואָלט געדענקט וועגען דעם, וואָלט איך געקומען א ביסעל — פריהער.

ה ע ד ד א: (געהט אריבער דעם צימער) דאַן וואָלט איהר קיינעם ניט געפונען אייך אויפצונעהמען; וואָרים איך בין גע־

װען אין מײן צימער די גאַנצע צײט נאָכ'ן אָנבײסען, און האָב זיך איבערגעטאָן.

ב ר א ק : און איז דאָרט ניטאָ עפּעס א שמאָלינקער שפּעל־טעל, דורך װעלכען מיר װאָלטען זיך געקענט דורכשמועסען?

ה ע ד ד א : איהר האָט פערגעסען צו לאָזען דאָס מאַכען.

ב ר א ק : דאָס איז געװען נאָך א שטיק נארישקײט פון מײן זײט.

ה ע ד ד א : נו, מיר מוזען אלזאָ זיך דאָ אװעקזעצען — און װארטען. טעסמאַן װעט װאהרשײנליך נאָך ניט קומען צוריק אזוי גיך.

ב ר א ק : עס מאַכט ניט; איך װעל ניט זײן אונגעדולדיג.

(העדדא זעצט זיך אין א װינקעל פון זאָפע. בראַק לעגט אװעק זײן איבערראָק אויפ'ן הינטען פון נעהנסטען שטוהל, און זעצט זיך אַנידער, האַלטענדיג דעם הוט אין האַנד. א קורצע פּאַוזע. זײ קוקען זיך בײדע אָן.)

ה ע ד ד א : נו?

ב ר א ק : (אין דעמזעלבען טאָן) נו?

ה ע ד ד א : איך האָב געפרעגט צוערשט.

ב ר א ק : (בויגט זיך א ביסעל צו פאָרענט) לאָמיר געמיטליך א ביסעל פּלוידערן, מאדאם העדדא.

ה ע ד ד א : (שפּארט זיך אָב א ביסעל מעהר אויף הינטען אין זאָפע) זעהט עס ניט אויס װי א גאַנצע אײביגקײט זינט אונזער לעצטען געשפּרעך? נאַטירליך, איך רעכען ניט די עטליכע װערטער פון נעכטערן אָװענד און הײנטיגען פריהמאָרגען.

ב ר א ק : איהר מײנט זינט אונזער לעצטען אינטימען גע־שפּרעך? אונטער פיער אויגען?

ה ע ד ד א : נו, יא — אויב איהר רופט עס אזוי.

ב ר א ק : עס איז ניט אױעק א טאָג װען איך האָב ניט גע־װאונשען איהר זאָלט שוין װיעדער זײן צו הויז.

ה ע ד ר א: און עס איז ניט אוועק א טאָג, וואָס איך האָב זיך ניט געוואונשען דאָס איינענע.

ב ר אָ ק: איהר? ווירקליך, מאַדאם הערדאַ? און איך האָב געמיינט אז איהר האָט זיך אזוי פּראַכטפאָל אמוזירט אויף אייער רייזע!

ה ע ד ר אַ: אה, יא, איהר מעגט עס מיינען!

ב ר א ק: אָבער טעסמאַן'ס בריעף זיינען דאָך געווען אזעלכע פרעהליכע.

ה ע ד ר אַ: אך, ט ע ס מ אַ ן! ער, זעהט איהר, דענקט אז קיין זאך איז ניט אזוי אנגענעהם ווי צו ראַיען זיך אין ביבליאָ־טעקען און קאָפּירען אלטע פּארמעט־בלעטער, אָדער ווי עס הייסט דאָרטען.

ב ר אָ ק: (א ביסעל שטעכעדיג) נאַ, דאָס איז זיין בערוף אין לעבען — ווענינסטענס א טייל פון זיין בערוף.

ה ע ד ר אַ: יא, נאַטירליך; און פאַר אזעלכען מעג עס זיין אינטערעסאַנט — אָבער איך! אָה, מיין ליעבער הער בראַק, ווי שטערבליך לאַנגוויילינ מיר איז געווען.

ב ר א ק: (סימפּאַטיש) איז עס ווירקליך אזוי געווען? איהר מיינט עס ערנסט?

ה ע ד ר אַ: יא, איהר קענט עס דאָך פערשטעהן — ! — ארומפאָהרען גאַנצע זעקס מאָנאַט, ניט בענעגענדיג איין מענשען, וועלכער ווייס באַטש וויפיעל עס איז ועגען א ו נ ז ע ר קרייז, אָדער קען עפּעס זאָגען וועגען די זאכען וואָס אינטערעסירען אונז.

ב ר אָ ק: יא, יא — מיר וואָלט דאָס אויך געמאַנגעלט.

ה ע ד ר אַ: און דאַן, דאָס העכסט אונערטרעגליכסטע פון אלץ —

ב ר אָ ק: נו?

ה ע ד ר א: איז דאָס אייבינע זיין אין דער געזעלשאַפט פון — איין און דערזעלבער פּערזאָן —

ב ר א ק: (שאָקעלט צושטימענד מיט׳ן קאָפּ) אין דער פריה, ביטאָג און ביינאַכט, יא — אין אַלע מעגליכע צייטען.

ה ע ד ד א: איך האָב געזאָגט „אייביג“.

ב ר א ק: גאַנץ ריכטיג. איך זאָל עס אָבער דענקען, אַז מיט אונזער פּאָרטרעפליכען טעסמאַן וואָלט מען געקענט —

ה ע ד ד א: טעסמאַן איז — א ספּעציאַליסט, מיין ליעבער ריכטער.

ב ר א ק: דאָס קען מען ניט אָבלייקענען.

ה ע ד ד א: און מיט ספּעציאַליסטען ארומצורייזען איז גאָר ניט אמוזאַנט. ניט אויף לאַנג, יעדענפאַלס.

ב ר א ק: אפילו ניט מיט דעם ספּעציאַליסט — ווען עס טרעפט אַז מען האָט ל י ע ב?

ה ע ד ד א: פוי — געברויכט ניט דעם חלשות׳דיגן וואָרט.

ב ר א ק: (איבערראַשט) וואָס זאָגט איהר, מאַדאַם העדדא?

ה ע ד ד א: (האַלב לאַכענדיג, האַלב בייזלעך) פּרובירט נור אַמאָל! מעהר גאָר נישט הערען ווי די געשיכטע פון ציוויליזאַציע, אין דער פריה, ביי טאָג און ביי נאַכט —

ב ר א ק: אייביג.

ה ע ד ד א: יא, יא, יא! און דאַן די מעשה מיט דער הויזליכער אינדוסטריע פון מיטעלאַלטער — דאָס איז דאָס עקעלהאַפטיגסטע פון אַלעם!

ב ר א ק: (קוקט איהר אָן פאַרשטענדיג) זאָגט מיר אָבער — וויבאַלד אַזוי, ווי זאָל איך זיך ערקלערען אייער — ? ה׳ם —

ה ע ד ד א: מיין הייראַטען מיט זשאָרזש טעסמאַן, מיינט איהר?

ב ר א ק: נו, יא, לאָמיר עס אַזוי אויסדריקען.

ה ע ד ד א: מיין גאָט, איז דאָס ביי אייך אַזא וואונדער?

ב ר א ק: יא און ניין — מאַדאַם העדדא.

ה ע ד ד א: איך האָב פּאָזיטיוו זיך אָנגעטאַנצט ביז צום מיעד ווערען, מיין ליעבער ריכטער. מיין טאָג איז געוועזען צו ענד

— (לויכט אויפציטערנדיג) יהה, ניין! — דאס וועל איך ניט זא־
גען, און דענקען אויך ניט!

ב ר א ק: איהר האט גאנץ זיכער קיין גרונד ניט דאפיר.

ה ע ד ד א: אך, גרינדע — (בעטראכט איהם געגוי) און
זשארזש טעסמאן — נאך אלעמען מוזט איהר צוגעבען אז ער איז
א העכסט קארעקטער מענש.

ב ר א ק: אז ער איז קארעקט און רעספעקטאבעל — דע־
ריין איז קיין צווייפעל ניט.

ה ע ד ד א: און איך זעה ניט אין איהם קיין זאך וואס זאל
זיין אבסאלוט לעכערליך. — זעהט איהר?

ב ר א ק: לעכערליך? נ־ניין — איך קען עס ניט זא־
גען —

ה ע ד ד א: נו, און ער איז יעדענפאלס א זעהר פלייסיגער
פארשער. איך זעה ניט איין, פארוואס ער זאל ניט קענען ווען
עס איז זיך ארויפארבייטען.

ב ר א ק: (קוקט אויף איהר ניט זיכער) איך האב געגלויבט
אז איהר, אזוי גוט ווי יעדער אנדערער, ערווארטעט ער זאל ארויפ־
שטייגען ביז'ן העכסטען שטאפעל.

ה ע ד ד א: (מיט א מיעדען אויסדרוק) יא, אזוי האב איך
ערווארטעט — און דאן, וויבאלד ער איז געווען אזוי ענטשלאסען
מיט אלע זיינע קרעפטען מיך צו בעזארגען, זעה איך ווירקליך ניט
איין, פאר וואס איך זאל ניט האבען אנגענומען זיין האנד.

ב ר א ק: יא — אויב איהר קוקט אויף דעם פון ד ע ר
זייט —

ה ע ד ד א: דאס איז געווען מעהר וויפיעל מיינע אנדערע
פערעהרער זיינען געווען בעריים צו טהאן פאר מיר, מיין ליעבער
בראק.

ב ר א ק: (לאכט) נו, איך קען ניט ענטפערען פאר אלע אי־
בעריגע, אבער וואס עס בעטרעפט מיך אליין, ווייסט איהר גאנץ
גוט, אז איך האב אימער געהאט — א געוויסע אכטונג פאר דעם

באנד פון עהע — פאר דער עהע אלס אן אינסטיטוציע, מאדאם העדדא.

ה ע ד ד א : (שפאסהאפטיג) אה, אויף איך, גלויבט מיר זי־בער, האב איך קיינמאל קיין האפנונגען נים געהאט.

ב ר א ק : אלץ וואס איך פערלאנג, איז אן אנגענעהמער און אינטימער קרייז, וואו איך קען זיין בעהילפיג מיט ראטה אין טהאט, און בין פריי אריין־און־ארויס צו געהן — ווי א פערטרויי־טער פריינד —

ה ע ד ד א : פון דעם בעל־הבית פון הויז, מיינט איהר?

ב ר א ק : (פערנייגט זיך) אויפריכטיג געזאגט — פון דער בעל־הבית'טע די ערשטע זאך; עס פערשטעהט זיך פון בעל־הבית אויך, צווייטענס. אזא דרייווינקעלדיגע פריינדשאפט — אויב איך קען עס אזוי אנרופען — איז ווירקליך זעהר אנגענעהם פאר אלע דריי, לאזט מיר איך זאגען.

ה ע ד ד א : יא, איך האב זיך פיעל מאל געוואונשען צו האבען וועמען עס איז א דריטען אויף אונזערע רייזען. אך — דאס זיצען זאלבענאנד אין דער קופעע —!

ב ר א ק : צום גליק איז אייער האכציימס־רייזע שוין פאר־איבער.

ה ע ד ד א : (שאקעלט מיט'ן קאפ) ניין, נאך לאנג, לאנג נים. איך בין נור אנגעקומען דערווייל אויף א סטאנציע אונטער־וועגס.

ב ר א ק : נו, דאן שפרינגט מען ארויס און מען בעוועגט זיך א ביסעל, מאדאם העדדא.

ה ע ד ד א : איך שפרינג קיינמאל נים ארויס.

ב ר א ק : ווירקליך נים?

ה ע ד ד א : ניין — ווארים אימער געפינט זיך ווער עס איז, וואס —

ב ר א ק : (לאכט) וואס וואלט כאפען א קוק אויף אייערע קנעכלעך, מיינט איהר?

ה ע ד ד א: יא, ריכטיג.

ב ר א ק: נו, אָבער מיין נאָם —

ה ע ד ד א: (מאכט אוועק מיט'ן האנד) דאָס וויל איך נים. איך בלייב שוין בעסער זיצען וואו איך בין, אין צוויטען.

ב ר א ק: אָבער ווי איז א שטיינער, ווען א דריטע פערזאָן שפרינגט אריין און זעצט זיך צו צו דעם פּאָריל?

ה ע ד ד א: אה — דאָס איז שוין עפּעס אנאנדער זאך.

ב ר א ק: א פערטרויטער, סימפּאטישער פריינד —

ה ע ד ד א: וועלכער קען אונטערהאלטען און פיהרען גע־שפרעכען וועגען אלע מעגליכע געגענשטאנדען —

ב ר א ק: און איז א ברעקיל נים קיין ספּעציאליסט...

ה ע ד ד א: (זיפצט אויף) יא, דאָס וואָלט טאקע געווען אן ערלייכטערונג.

ב ר א ק: (הערט ווי עס עפענט זיך די פאָדערשטע טיר און קוקט אהין צו) דער דריי־עק איז געשלאָסען.

ה ע ד ד א: און דער צוג פאָהרט ווייטער.

(זשאָרזש טעסמאן, אין א גרויען אנצוג מיט א ווייכען פילצע־נעם הוט, קומט אריין פון קאָרידאָר. ער טראָגט אויגיגע נים־געבונדע־נע ביכער אונטער'ן אָרעם און אין די טאַשען.)

ט ע ס מ א ן: (געהט צו צום טיש געבען דער זאָפע אין ווינ־קעל) פוה — וואָס פאר א שווערע משא אָט די אלע ביכער זיינען אין א הייסען טאָג! (לעגט זיי אויס'ן טיש) איך בין פּאָזיטיוו פערשוויצט, העדדא. אך, זעהט נור! איהר זייט שוין דא, מיין ליעבער ריכטער, הא? בערטא האָט מיר גאָר נים געזאָגט.

ב ר א ק: (שטעהט אויף) איך בין אריינגעקומען דורכ'ן גאָרטען.

ה ע ד ד א: וואָס פאר־א ביכער האָסטו דאָרטען?

ט ע ס מ א ן: (שטעהט און קוקט זיי דורך) עטליכע נייע ביכער וועגען מיינע ספּעציעלע שטודיען — וועלכע איך מוז נויטיג האָבען.

ה ע ד ד א: וועגען דיין ספעציאַליטעט?

ב ר א ק: יא, ביכער אויף זיין ספעציאַליטעט, מאַדאַם טעסמאַן. (בראַק און העדאַ שמייכלען איינס צו די אנדערע פאַר־מוויליך.)

ה ע ד ר א: ברויכסטו נאָך מעהר ביכער פאַר דיין ספע־ציאַליטעט?

ט ע ס מ א ן: יא, מיין ליעבע העדאַ, מען קען קיינמאָל ניט האָבען צופיעל. מען מוז נאַטירליך זיין בעקאַנט מיט אַלעם וואָס איז געשריבען און געדרוקט אין דעם פאַך.

ה ע ד ר א: יא, איך דענק אַז מען מוז.

ט ע ס מ א ן: (זוכט צווישען די ביכער) זעה נור — איך האָב מיר איינגעשאַפט עילערט לאָוובאָרג'ס בוך אויך. (דערלאַנגט איהר דאָס בוך) וואָלכסט אפשר וועלען עס דורכקוקען, העדאַ, הא?

ה ע ד ד א: ניין, א דאַנק. אָדער — אפשר שפּעטער.

ט ע ס מ א ן: איך האָב אביסעל אריינגעקוקט אין איהם געהענדיג אַהיים.

ב ר א ק: נו, וואָס דענקסט איהר וועגען דעם בוך אַלס ספע־ציאַליסט?

ט ע ס מ א ן: איך דענק, אַז עס צייגט ארויס א מערקוויר־דיג געזונטען פערשטאַנד. ער האָט קיינמאָל פריהער אַזוי גוט ניט געשריבען. (נעהמט צונויף די ביכער) איצטער וויל איך דאָס אַלעס אריינטראָגען צו מיר אין קאַבינעט. איך וואָלט שוין וועלען אויפ־שניידען די בלעטער. — און דאַן מוז איך זיך איבערטאָן. (צו בראַק) איך מיין, אַז מיר האָבען נאָך צייט צו געהן, הא?

ב ר א ק: אָ, ניין, איהר דאַרפט זיך ניט אָנהויבען צו אײַלען.

ט ע ס מ א ן: אַלזאָ ניט וועל איך מיר נעהמען צייט. (ער נעהמט מיט די ביכער, שטעלט ... אָב אין דורכגאַנג און קערט

זיך אום) יא, ווייסטו, הערדא — מאנטע יוליא ועט היינט אין אבענד ניט קומען.

ה ע ר ד א: זי קומט ניט? אפשר צוליעב דער געשיכטע מיט'ן הוט?

ט ע ס מ א ן: אָה, א האר ניט דעריבער. ווי קענסטו נאר טראכטען אזא זאך אויף מאנטע יוליא — בערעכען גור! דער פאקט איז, אז מאנטע רינא איז זעהר קראנק.

ה ע ר ד א: זי איז אלעמאָל קראנק.

ט ע ס מ א ן: יא, אָבער היינט פיהלט זי נעבעך א סך ערגער ווי אלעמאָל.

ה ע ר ד א: נו, אויב אזוי, איז עס נישט מעהר ווי רעכט, אז איהר שוועסטער זאָל בלייבען מיט איהר. איך וועל שוין אריבערטראָגען דעם שאָדען.

ט ע ס מ א ן: און דו קענסט זיך נאר ניט פאָרשטעלען ווי צופריעדען מאנטע יוליא איז — ווייל דו האָסט זיך אזוי גוט ערהאָלט אויף דער רייזע.

ה ע ר ד א: (שטעהט אויף, האלב־לויט) אך, די דאָזיגע אייביגע מאנטעס!

ט ע ס מ א ן: וואָס?

ה ע ר ד א: (געהט צו דער גלעזערנער טיר) גאָרנישט.

ט ע ס מ א ן: נו, גוט. (ער געהט ארויס דורכ'ן טיטעלסטע; צימער רעכטס.)

ב ר א ק: ווענען וואָס פאר א הוט האָט איהר דאָס גערעדט?

ה ע ר ד א: אָך, דאָס איז א שטיקעל געשיכטע וואָס האָט זיך אָבגעשפיעלט מיט פריילין טעסמאן היינט אין דער פריה. זי האָט געהאט אוועקגעלעגט איהר הוט אויף יענעם שטוהל דאָרטן — (זי קוקט אויף איהם און שמייכעלט) — און איך האָב זיך געמאכט, ווי איך וואָלט גערענקט אז דאָס איז דער דיענסט'ס.

ב ר א ק: (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) אָבער, מיין ליעבע מאדאם

הערדא, ווי אזוי האָט איהר געקענט טהאָן אזא זאַך? און וועמען? — אזא ליעבענסווירדיגער עלטערער דאַמע!

הערדא: (געהט איבער'ן צימער נערוועז) יא, איהר ווייסט — אזא שגעון קומט אויף מיר אָן מיט איין מאָל, און איך קען עס נים גובר זיין. (ווארפט זיך אַנידער אויפ'ן לעהנשטוהל ביים אויווען) אה, איך ווייס נים ווי זיך דאָס צו ערקלערען.

בראַק: (הינטער דעם לעהנשטוהל) איהר זיים אין אמת'ן נים גליקליך — דאָס איז די זאַך.

הערדא: (קוקט גלייך אַנטקעגען) איך ווייס קיין אורזאַך נים פאר וואָס איך זאָל זיין — גליקליך. קענט איהר מיר אפשר זאָגען?

בראַק: יא — צווישען אנדערע, דערפאר ווייל איהר האָט נעקריגען די היים, וועלכע איהר האָט אקוראט געוואונשען.

הערדא: (קוקט אויף איהם און לאַכט) איהר גלויבט אויך אין דער דאָזיגער לעגענדע?

בראַק: איז עס דען נים אמת?

הערדא: אָה יא, עטוואָס אמת שטעקט אין דעם.

בראַק: נו?

הערדא: אָט דאָס שטעקט אין דעם, וואָס איך האָב געברויכט טעסמאַן'ען אויף צו בעגלייטען מיך אהיים פון בעלעלעצטען זומער —

בראַק: ליידער איז מיר אויסגעקומען צו געהן מיט אנאנדער וועג.

הערדא: דאָס איז אמת. איך ווייס אז איהר זייט געגאנגען מיט אנאנדער וועג לעצטען זומער.

בראַק: (לאַכט) שעהמען זאָלט איהר זיך, מאדאם הערדא! נו, אלזאָ — איהר און טעסמאַן —?

הערדא: יא, איין אבענד האָט זיך געמאַכט אז מיר זיינען דאָ פערביינגעגאנגען; טעסמאַן, דער אומגליקליכער גע-

בעך, האָט זיך געדרעהט אין דרייען מאַטערענדיג זיך אנצופיהרען א געשפּרעך — נו, האָב איך רחמנות געהאַט אויף דעם געלעהר־טען מאַן —

ב ר א ק: (שמייכעלט צווייפעלהאַפטיג) א י ה ר האָט רחמנות געהאַט? ה'ם?

ה ע ד ד א: יאַ, עס האָט מיר ווירקליך לייד געטהאָן. און אזוי זיך — כדי איהם ארויסצוהעלפען פון א פערלעגענהייט — איז מיר לייכטזיניג איינגעפאַלען איהם צו זאָגען, אז איך וואָלט גע־וואָלט וואוינען אין אָט דער ווילאַ.

ב ר א ק: מעהר גאָרנישט?

ה ע ד ד א: מעהר גאָרנישט י ע נ ע ם אָבענד.

ב ר א ק: אָבער נאָכהער?

ה ע ד ד א: און מיין לייכטזיניגקייט האָט געהאַט פאָלגען, מיין ליעבער בראַק.

ב ר א ק: ליידער טרעפט דאָס צו־אָפט, מאַדאַם העדדאַ.

ה ע ד ד א: איך דאַנק אייך! איהר זעהט אלזאָ, אז אָט דער חשק צו דעם מיניסטער פאלק'ס ווילאַ איז געוואָרען דער ערשטער באַנד פון סימפּאַטיע צווישען זשאָרזש טעסמאַן און מיר. דערפון איז ארויסגעקומען אונזער פערלאָבונג, אונזער חתונה, און אונזער הייראַט־רייזע, און אלע איבעריגע זאכען. יאַ, יאַ, מיין ליעבער בראַק — ווי מען בעט זיך אויס, אזוי ליעגט מען, ווילט זיך מיר זאָגען.

ב ר א ק: דאָס איז גרויסאַרטיג! און אין אמת'ן איז אייך גאָרנישט אָנגעגאַנגען די גאנצע זאַך?

ה ע ד ד א: ניין, גאָט איז מיין עדות אז נים.

ב ר א ק: אָבער איצטער? איצט ווען מיר האָבען אלץ אזוי היימיש איינגעאָרדענט דאָ פאַר אייך?

ה ע ד ד א: אָה — אין אלע צימערן, דוכט זיך, שמעקט מיט לאַוואַנדער און געטריקענטע ראָזען. — נור אפשר האָט עס טאַנטע יוליא געבראַכט דעם ריח מיט זיך.

ב ר א ק: (לאכט) ניין, איך דענק אז דאָס איז געבליבען א ירושה פון דער פערשטאָרבענער פרוי מיניסטאָרין פאלק.

ה ע ד ר א: יא, עס הערט זיך טאקע אין דעם א נערוך פון שטערבליכקייט. עס דערמאָהנט מיך אָן א בלומען־קראַנץ — אויף מאָרגען נאָכ'ן באַל. (לעגט צונויף די הענד אונטער'ן קאָפּ, שפּאַרט זיך אָן הינטען אויפ'ן שטוהל און קוקט אויף איהם) אה, מיין ליעבער בראק — איהר קענט זיך ניט פאָרשטעלען ווי שרעקליך איך וועל זיך דאָ לאנגוויילען.

ב ר א ק: פאר וואָס זאָלט איהר אויך ניט געפינען זיך עפּעס א בערוף אין לעבען, מאדאם הערדא?

ה ע ד ר א: א בערוף — וואָס זאָל האבען עטוואס אנצי־הענדעס פאר מיר?

ב ר א ק: עס פערשטעהט זיך, אויב מעגליך.

ה ע ד ר א: גאָט וויים וואָס פאר א מין בערוף דאָס וואָלט געקענט זיין. איך קלער מיר אָפט צו וואָלט נים — (תאקט זיך איבער) אָבער דאָס וועט אויך ניט געהן.

ב ר א ק: ווער קען וויסען? לאָמיר הערען וואָס דאָס איז.

ה ע ד ר א: איך מיין, איך זאָל ניט זעהען, אז טעסמאן זאָל זיך אריינלאָזען אין דער פּאָליטיק.

ב ר א ק: (לאכט) טעסמאן? ניין, ווירקליך דאָס איז ניט פאר איהם — ניט פאר זיין כאראקטער.

ה ע ד ר א: ניין, איך האָב מורא אז נים. — ווען איך וואָלט איהם דאָך געקענט ברייננען דערצו?

ב ר א ק: יא, — אָבער וואָס פאר א צופריעדנשטעלונג וואָלט איהר געקענט האָבען דערפון? אויב ער טויג זיך ניט פאר אזא מין זאך, איז פאר וואָס זאָלט איהר איהם דוקא וועלען אריינ־טרייבען אין דעם?

ה ע ד ר א: ווייל מיר איז לאַנגווייליג, זאָג איך דאָך אייך! (נאך א פּאוזע) דיינקט איהר, הייסט עס, אז עס איז גאָר אונמעג־ליך טעסמאן זאָל ווען עס איז קענען ווערען א מיניסטער?

ב ר א ק: ה'ם — פערשטעהט איהר מיך, מיין ליעבע מא־דאם הערדא — כדי צו קענען ווערען א מיניסטער, וואלט ער ער־שטענס גערארפט זיין א היבש רייכער מאן.

ה ע ר ד א: (שטעהט אויף אונגעדולדיג) יא, אט דא ליעגט דער הונד בעגראבען! עס איז דער קבצנ'ישער יחוס, אין וועלכען איך האב זיך דא אריינגעדרעהט —! (געהט איבער'ן צימער) אט דאס איז עס, וואס מאכט דאס לעבען אזוי יאמערליך! אזוי לע־בערליך דורכאוים! — דען אט דאס איז עס.

ב ר א ק: און איך וואלט געזאגט, אז דער פעהלער גע־פינט זיך נאר אנדערסוואו.

ה ע ר ד א: וואו דען?

ב ר א ק: איהר האט קיינמאל ניט דורכגעמאכט אין אייער לעבען קיין ווירקליך אויפמונטערענדע ערפאהרונג.

ה ע ר ד א: איהר מיינט עפעס ערנסטעס?

ב ר א ק: יא, איהר מעגט עס אזוי אנרופען. נור אפשר שטעהט אייך איצטער וואס פאר.

ה ע ר ד א: (טהוט א ווארף מיט'ן קאפ) אה, איהר דענקט פון די אונאנגעהמליכקייט וועגען דער טרויעריגער פראפעסאר־שטעלע? ניין, דאס מוז בלייבען טעסמאן'ס אייגענער עסק. איך פערזיכער אייך, אז איך וועל עס ניט האבען אין זינען אפילו איין מינוט.

ב ר א ק: ניין, ניין, דערפון רעד איך ניט. נור ווי איז א שטייגער, אז איהר וואלט איצטער געקריגען וואס אין א עדעלען לשון הייסט — אן ערנסטע פעראנטווארטליכקייט? (ער שמייכעלט) אזוי צו זאגען, א נייע פעראנטווארטליכקייט, מאדאם הערדא?

ה ע ר ד א: (בייז) שווייגט שטיל! אזא מין זאך וועט קיינמאל ניט פאסירען!

ב ר א ק: (פארזיכטיג) נו, וועגען דעם וועלען מיר נאך רע־דען — א יאהר שפעטער, העכסטענס.

הערדאַ: (שאַרף) פאַר אזעלכע זאַכען האָב איך קיין נייגונג ניט, הערר ריכטער. קיינע פעראַנטוואָרטליכקייטען פאַר מיר!

בראַק: זיים איהר דען אזוי פערשיערען פון דעם בלל פרויען, אז איהר האָט גאָר קיין נייגונג ניט פאַר אזוינע פליכטען, וועלכע — ?

הערדאַ: (ביי דער גלעזערנער טיר) אַה, שווייגט שטיל, זאָגט איך אייך! — אָפּט דאַכט מיר, אז עס איז דאָ נור איין זאַך אויף דער וועלט, פאַר וועלכער איך האָב עפּעס א נייגונג.

בראַק: (טרעט צו נעהנטער צו איהר) און וואָס איז עס, אויב איך מעג פרעגען?

הערדאַ: (שטעהט קוקענדיג דרויסען) זיך לאַנגווייליגען צום טויט. איצט ווייסט איהר שוין. (קעהרט זיך אום, קוקט צום מיטעלסטען צימער צו און לאַכט) יאָ, פונקט ווי איך האָב געקלערט! אָט קומט דער פּראָפעסאָר.

בראַק: (זאַכט, אין א טאָן פון ווארנונג) נאַ, נאַ, נאַ, מאַדאַם הערדאַ!

(זשאָרזש טעסמאַן, אָנגעטאָן צום אבענד, מיט די האַנדשוה און הוט אין האַנד, קומט אריין פון רעכטס דורכ'ן מיטעלסטען צימער.)

טעסמאַן: הערדאַ, איז ניט געקומען קיין נאַכריכט פון עילערט לאָוובאָרג? האַ?

הערדאַ: ניין.

טעסמאַן: דאַן וועסטו זעהען אז ער וועט דאָ באַלד אליין זיין.

בראַק: און איהר רעכנט ווירקליך אז ער וועט קומען?

טעסמאַן: יאָ, איך בין כמעט זיכער אז ער וועט. וואָרים דאָס וואָס איהר האָט אונז דערצעהלט היינט אין דער פריה האָט אודאי געמוזט זיין ניט מעהר ווי לייטישע רייד.

בראַק: רעכנט איהר אזוי?

טעסמאַן: יעדענפאַלס האָט טאַנטע יוליאַ געזאָגט אז

זי גלויבט נים, אז ער וועט ווען עס איז מיר ווייעדער שטעהען אין וועג. שטעלט זיך נאָר פאָר!

ב ר א ק: נו אויב אזוי, איז גאַנץ גוט.

ט ע ס מ א ן: (לעגט אוועק זיין הוט און האַנדשוה אויף א שטוהל רעכטס) יאָ, אָבער איהר וועט מיר מוזען לאָזען וואַרטען אויף איהם אזוי לאנג ווי מעגליך.

ב ר א ק: מיר האָבען נאָך גענוג צייט. קיינע פון מיינע געסט וועלען נים קומען פריהער פאר זיעבען אָדער האלב־אכט.

ט ע ס מ א ן: דאַן קענען מיר אונטערהאלטען העדדא'ן דערווייל'ע און זעהען וואָס ס'וועט זיין, הא?

ה ע ד ד א: (לעגט אוועק בראק'ס הוט און אויבעררעק אויף דער ווינקעל־זאָפע) און אין ערנסטען פאל קען הער לאווברג בלייבען דאָ מיט מיר.

ב ר א ק: (וויל אליין נעהמען זיינע זאכען) אך, ביטע, מאדאם טעסמאן! — וואָס מיינט איהר אייגענטליך מיט „אין ערנסטען פאל“?

ה ע ד ד א: אויב ער וועט נים געהן מיט אייך און טעסמאן.

ט ע ס מ א ן: (קוקט אונענטשלאָסען אויף איהר) אָבער, מיין ליעבע העדדא — דענקסטו אז עס פאַסט זיך אז ער זאָל דאָ בלייבען מיט דיר, הא? פערגעס נים אז טאנטע יוליא קען נים קומען.

ה ע ד ד א: ניין, אָבער פרוי עלווסטעד וועט קומען. מיר דריי קענען פערברייגגען צוזאמען ביי א גלעזיל טהעע.

ט ע ס מ א ן: אָה, יא, דאָס איז שוין רעכט.

ב ר א ק: (שמייכעלט) און אפשר וואָלט דאָס טאקע געווען דער זיכערסטער פלאַן פאר איהם.

ה ע ד ד א: פאר וואָס עפעס?

ב ר א ק: נו, איהר געדענקט דאָך, מאדאם טעסמאן, ווי איהר פלעגט אבלאכען פון מיינע קליינע ווטשערינקעס. איהר פלעגט זאָגען, אז זיי פאַסען זיך נור פאר מענשען מיט גאַנץ שטרענגע פרינציפען.

הערדא: אבער הער לאָובאָרג'ם פּרינציפּען זיינען איצט אָהן צוויפעל שטרענג גענוג. א זינדיגער וואָס האָט תשובה געטהאָן —

(בערטא בעוויזט זיך אין אריינגאנגס טיר.)

בערטא: מאדאם, איין הערר איז געקומען וועלכער פרעגט אויב איהר זייט צו הויז.

הערדא: לאָזט איהם אריין.

טעסמאן: (שטיל) איך בין זיכער אז דאָס איז ער! שטעלט זיך פאָר!

(עילערט לאָובאָרג קומט אריין פון קאָרידאָר. ער איז שלאַנק און מאָגער; פון דיזעלבע יאָהרען ווי טעסמאן, ער זעהט אָבער אויס עלטער און עטוואָס אָבגעלעבט. די האָר אין דער באָרד זיינען שווארץ־ברוין, דאָס געזיכט לאנג און בלאס מיט רוטליכע פלעקען אויף די באַקען. ער איז געקליידעט אין א עלעגאנטען שווארצען בעזוך־אנצוג, נאָך גאָר א נייעס. טראָגט טונקעלע האנדשוהען און א צילינדערהוט אין האנד. ער שטעלט זיך אָב נעבען טיר, פערנייגט זיך שנעל, פיהלט זיך עטוואס אין פערלעגענהייט.)

טעסמאן: (געהט צו צו איהם און דריקט איהם ווארעם די האנד) נו, מיין ליעבער עילערט — אָט אזוי טרעפען מיר זיך ענדליך ווידער!

עילערט לאָובאָרג: (רעדט מיט א שטילער שטימע) איך דאנק דיר פאר דיין בריעף, טעסמאן. (געהט צו צו הערדא) קען איך אייך אויך געבען די האנד, מאדאם טעסמאן?

הערדא: (נעהמט זיין האנד) עס פרעהט מיך אייך צו זעהן, הערר לאָובאָרג. (אנצייגענדיג מיט'ן האנד) איך ווייס ניט, אויב די ביידע הערען — ?

לאָובאָרג: (פערנייגט זיך לייכט) הערר ריכטער בראק גלויב איך.

בראק: (פערנייגט זיך אויך) אה, יא — אמאָלינע צייטען —

ט ע ס מ א ן: (צו לאָובאָרג, ארויפלעגענדיג די הענד אויף זיינע אקסלען) און איצט קענסטו זיך דאָ ביי אונז פיהלען אינ־גאנצען היימיש, עילערט! ניט וואהר, העדרא? — וואָרים איך הער אז דו מיינסט וויעדער זיך צו בעזעצען אין שטאָדט, הא?

לאָובאָרג: יא, איך דענק אזוי.

ט ע ס מ א ן: גאנץ רעכט, גאנץ רעכט. הער נור, איך האָב שוין נעקריגען דיין נייען בוך; איך האָב אָבער נאָך קיין צייט ניט געהאט איהם צו לעזען.

לאָובאָרג: דו מעגסט זיך פארשפּאָרען די טרחה.

ט ע ס מ א ן: וואָס עפּעס?

לאָובאָרג: ווייל עס איז דאָרטן גאָרנישט ניטאָ.

ט ע ס מ א ן: בערעכטען נור — ווי אזוי קענסטו דאָס זאָ־גען?

ב ר א ק: ווי איך הער, לויבט מען דאָס בוך גאָר זעהר פיעל.

לאָובאָרג: דאָס איז וואָס איך האָב געוואָלט; דא־רום האָב איך דאָס בוך געשריבען אזוי, אז יעדער איינער זאָל קע־נען דערמיט איינשטימען.

ב ר א ק: דאָס איז זעהר קלוג פון אייער זייט.

ט ע ס מ א ן: יא, אָבער, מיין ליעבער עילערט — !

לאָובאָרג: וואָרים איך האָב איצטער בדעה צו גע־ווינען פאר זיך א פּאָזיציע פון דאָס־נייע — איך וויל וויעדער אָנ־הויבען פון אָנפאנג.

ט ע ס מ א ן: (אביסעל אין פערלעגענהייט) אה, אָט דאָס ווילסטו טהאָן?

לאָובאָרג: (שמייכעלט, לעגט אוועק זיין הוט און נעהמט ארויס פון טאש פון ראָק א פּאַקעט איינגעוויקעלט אין פּאַפּיער) ווען אָט ד אָ ס וועט זיין געדרוקט, זשאָרזש טעסמאַן, וועסטו עס מוזען לעזען. וואָרים ד אָ ס איז דאָס אמת'ע בוך — דאָס בוך, אין וועלכען איך האָב אריינגעלעגט מיין ריכטיגען „איך“.

ט ע ס מ א ן: ווירקליך? וואָס איז עס דען?

ל א ו ו ב אָ ר ג: דאָס איז די פּאַרטזעצונג.

ט ע ס מ א ן: די פאַרטזעצונג? פון וואָס?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: פון דעם בוך.

ט ע ס מ א ן: פון דעם נייען בוך?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: פערשטעהט זיך.

ט ע ס מ א ן: וואָס הייסט, מיין ליבער עילערט — גרייכט ניט דיין בוך ביז דער לעצטער צייט?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: יא, עס גרייכט טאקע, אבער דיעזעס האַנדעלט וועגען דער צוקונפט.

ט ע ס מ א ן: וועגען דער צוקונפט! אַבער, מיין גאָט, וועגען דעם ווייסען מיר דאָך גאָרנישט!

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: ניין, דאָך לאָזט זיך שוין עפּעס זאָגען וועגען דעם. (עפענט דעם פאקעט) טהו נור א קוק —

ט ע ס מ א ן: אָבער דאָס איז דאָך ניט דיין האנדשריפט.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: איך האָב עס דיקטירט. (מישט די בלעטער) עס צופאלט אין צוויי טיילען. דער ערשטער טייל רעדט וועגען די ציוויליזירענדע קרעפטען פון דער צוקונפט. און אָט איז דער צווייטער טייל — (לויפט דורך די בלעטער ביז'ן ענד) אין דעם האנדעלט זיך וועגען דעם וואהרשיינליכען גאנג פון דער ענטוויקלונג.

ט ע ס מ א ן: מערקווירדיג! מיר וואָלט קיינמאָל אויפ'ן זין ניט ארויף זא־וואס צו שרייבען.

ה ע ד ד א: (שטעהט ביי דער גלעזערנער טיר און קלאפט מיט די פינגער אויף די שויבען) ה'ם — איך מיין עפעס, אז ניט.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: (פערוויקעלט דעם מאנוסקריפט אין דעם פּאַפּיער און לעגט עס אוועק אויפ'ן טיש) איך האָב עס געבראכט מיט זיך, דענקענדיג אז איך וועל קענען דיר לעזען א ביסעל פון דעם היינט אין אבענד.

ט ע ס מ א ן: דאָס איז געווען זעהר שעהן פון דיר, עילערט. אָבער היינט אין אָבענד — ? (קוקט אויף בראק'ן) איך

זעה נים ווי מיר וועלען עס קענען איינאָרדנען —

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: נו גוט, וועט זיין אנאנדער צייט. עס איז קיין איילעניש.

ב ר א ק: איך מוז אייך דערצעהלען, הערר לאָובאָרג — היינט אין אבענד וועלען זיך צונויפקלייבען א קליינע קאָמפּאניע ביי מיר אין הויז — הויפּטזעכליך לכבוד טעסמאן'ען, פערשטעהט איהר —

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: (נעמט זיין הוט) אה, אויב אזוי וועל איך אייך נים פערהאלטען —

ב ר א ק: ניין, הערט אָבער — וואָלט איהר נים מיר טהון דעם געפאלען און מיטנעהמען מיט אונז?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: (קורץ און שארף) ניין, איך קען נים — איך דאנק אייך זעהר.

ב ר א ק: אך וואָס — קומט דאָך! מיר וועלען האָבען א געקליבענעם קליינעם קרייז מענשען. און איך פערזיכער אייך אז מיר וועלען „לעבען א טאָג“ — ווי מאראם העד — ווי מאראם טעסמאן זאָגט.

ל א ו ו ב אָ ר ג: דעריין איז ביי מיר קיין ספק נים. דאָך אָבער —

ב ר א ק: און דאן קענט איהר מיטנעהמען אייער מאנו־סקריפּט און איהם לעזען פאר טעסמאן'ען ביי מיר אין הויז. איך וואָלט אייך געגעבען א צימער איינגאנצען פאר אייך.

ט ע ס מ א ן: יא, בעטראכט נור, עילערט — פארוואָס זאָלסטו דאָס נים טהאָן? הא?

ה ע ד ד א: (מישט זיך אריין) אָבער, טעסמאן! ווען הערר לאָיבאָרג וויל עס נים — איך בין זיכער הערר לאָיבאָרג איז מעהר צופריעדען צו בלייבען דאָ און עסען וועטשערע מיט מיר.

ל א ו ו ב אָ ר ג: (קוקט אויף איהר) מיט אייך, מאראם טעסמאן?

ה ע ד ד א: און מיט פרוי עלווסטעד.

ל א ו ו ב א ר ג: אה — (לייכט) איך האב זי געזעהן א מינוט היינט אין דער פריה.

ה ע ד ד א: איהר האט זי געזעהן? נו, זי קומט היינט אין אבענד. און דעריבער זייט איהר כמעט פערפליכטעט דא צו בלייבען, העדר לאווברג, ווארים אייב ניט, וועט זי ניט האבען וועד עס זאל זי בעגלייטען א הייב.

ל א ו ו ב א ר ג: דאס איז ריכטיג איך דאנק אייך זעהר, מאדאם טעסמאן — וויבאלד אזוי בלייב איך.

ה ע ד ד א: דאן וועל איך געהן עפעס אנזאגען דער דיענסט.

(זי געהט צו דער טיר פון קארידאר און קלינגט. בערטא קומט אריין. העדדא זאגט איהר עפעס אין דער שטיל און צייגט איהר אן אויפ'ן הינטערשטען צימער. בערטא שאקעלט צו מיט'ן קאפ און געהט ארויס.)

ט ע ס מ א ן: (זאגט אין דערזעלבער צייט צו לאווברג) זאג מיר, עילערט — איז עס וועגען אט דעם נייעם געגענשטאנד — וועגען דער צוקונפט — וואס דו וועסט האלטען דיינע פארטרעגע?

ל א ו ו ב א ר ג: יא.

ט ע ס מ א ן: ביים בוכהענדלער האט מען מיר געזאגט, אז דו וועסט געבען א קורס לעקציעס היינטיגען פריהלינג.

ל א ו ו ב א ר ג: יא, דאס איז מיין אבזיכט. איך האף אז דו וועסט אייך מיר קיין פעראיבעל ניט האבען, טעסמאן.

ט ע ס מ א ן: אה ניין, ניט א האר! אבער — ?

ל א ו ו ב א ר ג: איך קען אפילו פערשטעהן, אז דאס מוז דיר זיין אונאנגענעהם.

ט ע ס מ א ן: (אומעטיג) אה, איך קען דאך ניט ערווארטען אז צוליעב מיר זאלסטו —

ל א ו ו ב א ר ג: איך וועל נור ווארטען ביז דו וועסט האבען פריהער געקראגען דיין שטעלע.

מ ע ס מ א ן: ווּעסטו וואַרטען? יאָ, אָבער — אָבער — ווילסטו ניט קאָנקורירען מיט מיר? האָ?

לאָוובאָרג: ניין; מיך קימערט נור דער מאָראַלער זייג.

מ ע ס מ א ן: אַך, נאָט — איז דאָך טאַנטע יוליא פאָרט גערעכט געווען! אהּ יאָ, איך האָב עס געוואוסט! הערדאַ! בערעבען נור — עילערט לאָוובאָרג מיינט ניט צו שטעהן אין אונזער וועג!

ה ע ד ד א: (שאַרף) אין א ו נ ז ע ר וועג? איך בעט דיך לאָז מ י ך ארויס פון חשבון.

(זי געהט צום מיטעלסטען צימער צו, וואו בערטאַ שטעלט אוועק אויפ'ן טיש א טאַץ מיט גראָפינען און גלעזער. הערדאַ שאָקעלט צו מיט'ן קאָפּ און קומט צוריק אין פאָדערסטען צימער. בערטאַ געהט ארויס.)

מ ע ס מ א ן: (אין דערזיעלבער צייט) און איהר, ריכטער בראַק — וואָס זאָגט איהר צו דעם? האָ?

ב ר א ק: יאָ, איך זאָג, אז א מאָראַלער זייג — ה'ם — קען זיך זיין א גאַנץ פיינע זאַך —

מ ע ס מ א ן: יאָ, געוויס. אָבער דאָך —

ה ע ד ד א: (קוקט אויף טעסמאַן מיט א קאַלטען שמייכעל) דו שטעהסט דאָרטען און קוקסט ווי פערטוּיבט פון א דונערשלאַג —

מ ע ס מ א ן: יאָ — אזוי פיהל איך — איך הויב אָן צו רענקען —

ב ר א ק: זעהט איהר דען ניט, מאַדאַם טעסמאַן, אז מיר האָבען אקאָרשט אויסגעמידען א גרויסען דונער־שטורעם?

ה ע ד ד א: (צייגט אָן אויפ'ן מיטעלסטען צימער) ווילט איהר אפשר, מיינע הערען, טרינקען א גלאָז קאַלטען פונש?

ב ר א ק: (קוקט אויף זיין אוהר) און אבשיעד טרונק? יאָ, דאָס איז גאָר ניט קיין נאַרישע זאַך.

ט ע ס מ א ן: א קאפּיטאלנער גערּאנק, הערדא! פּונקט די ריכטיגע זאך! איצט, אז ס'איז מיר אראָב א יאָך —

ה ע ד ד א: ווען איהר אויך נים נעהמען א ביסעל, הערר לאָווּבאָרג?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: (מיט א בעוועגונג פון ענטזאגונג) ניין, איך דאנק. נים פאר מיר.

ב ר א ק: מיין גאָט — קאלטער פּונש איז דאָך זיכער נים קיין גיפט.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: אפשר נים פאר אלעמען.

ה ע ד ד א: איך וועל דערווייל אונטערהאלטען הערר לאָווּבאָרג'ן.

ט ע ס מ א ן: יא, יא, ליעבע הערדא, טהו דאָס.

(ער און בראק געהען אין מיטעלסטען צימער, זעצען זיך אנידער, טרינקען פּונש, רויכערען ציגארעטען און פיהרען אָן א לעבעדיגען געשפּרעך. עילערט לאָווּבאָרג בלייבט שטעהן נעבען אויוועז. הערדא געהט צו צום שרייבטיש.)

ה ע ד ד א: (אין עטוואס א העכערער שטימע) וואלט איהר חשק האָבען אָנקוקען אייניגע פאָטאָגראַפיען, הערר לאָווּבאָרג? איהר ווייסט, אז איך מיט טעסמאן'ען האָבען געמאכט א רייזע דורך טיראָל, פאָהרענדיג צוריק א היים?

(זי נעהמט אן אלבום און לעגט עס אוועק אויפ'ן טיש נעבען זאָפע, אין א ווינקעל פון וועלכער זי זעצט זיך אנידער. עילערט לאָווּבאָרג געהט צו, שטעלט זיך אָב און קוקט אויף איהר. דאן נעהמט ער א שטוהל זעצט זיך נעבען איהר לינקס, מיט'ן רוקען צום מיטעלסטען צימער.)

ה ע ד ד א: (עפענט דעם אלבום) זעהט איהר די קייט פון פעלזען בערג, הערר לאָווּבאָרג? דאָס איז די אָרטלער גרופּע. טעסמאן האָט אונטערגעשריעבען דעם נאָמען. אָט שטעהט עס: „די אָרטלער גרופּע נעבען מעראן".

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: (וועלכער האָט די גאנצע צייט פון אותך

די אויגען נים אראבגענומען, זאגט שטיל און לאנגזאם) העדדא — גאבלער!

ה ע ד ד א: (קוקט האסטיג אויף איהם) אה! שטיל!

ל א ו ו ב א ר ג: (וויעדערהאלט ווייך) העדדא גאבלער!

ה ע ד ד א: (קוקט אין אלבום) אזוי האב איך געהייסען א־מאל — ווען מיר האבען זיך געקענט איינער מיט דעם אנדערן.

ל א ו ו ב א ר ג: און איך מוז זיך איצטער לערנען מעהר קיינמאל נים זאגען העדדא גאבלער — קיינמאל נים, זאלאנג איך וועל לעבען.

ה ע ד ד א: (אלץ בלעטערנדיג דעם אלבום) יא, איהר מוזט זיך לערנען. און איך מיין אז איהר מוזט בעצייטענס אנהויבען צו פראקטיצירען. וואס פריהער אלץ בעסער, מיין איך.

ל א ו ו ב א ר ג: (ערביטערט) העדדא גאבלער פערהייראטעט! און מיט וועמען — מיט זשארזש טעסמאן!

ה ע ד ד א: יא, אזוי געהט די וועלט.

ל א ו ו ב א ר ג: אה, העדדא, העדדא — ווי קומסט דו זיך אזוי אוועקצו־ווארפען!

ה ע ד ד א: (קוקט איהם אן שארף) וואס! דאס ערלויב איך נים!

ל א ו ו ב א ר ג: וואס מיינסטו?

(טעסמאן קומט אריין אין צימער און געהט צו דער זאפע.)

ה ע ד ד א: (הערט ווי ער קומט אין זאגט אין א גלייכגילטיגען טאן) און אט דאס, העדר לאווובארג, איז א בליק־קארטע פון וואל ד'אמפעצצא. קוקט נור אן אט די בערג־שפיצען! (קוקט ליעבליך אויף טעסמאן) ווי הייסען אט די שפיצען־בערג, מיין ליעבער?

ט ע ס מ א ן: לאמיר זעהען. אה, דאס זיינען די דאלאמיטען.

ה ע ד ד א: יא, טאקע! דאס זיינען די דאלאמיטען, העדר לאווובארג.

ט ע ס מ א ן: ליעבע העדדא, — איך האָב דיר געוואָלט פרעגען צי זאָל איך דיר אפשר דאָך ברייננען א ביסעל פונש? פאר דיר אליין יערענפאלס, הא?

ה ע ד ד א: יא, ברייננ; און פיליייכט אויך עטליכע קיכ־לעך.

ט ע ס מ א ן: קיינע ציגארעטען?

ה ע ד ד א: ניין.

ט ע ס מ א ן: זעהר גוט.

(ער געהט צום מיטעלסטען צימער, רעכטס. בראַק זיצט אין מי־טעלסטען צימער און ווארפט אלע ווײַלע אן אויג אויף העדדא און לאָוובאָרג.)

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: (ווייך אזוי ווי פריהער) ענטפער מיר, העדדא, ווי אזוי האָסטו דאָס געקענט טהאָן?

ה ע ד ד א: (לפנים ארייננעטאָן אין אלבום) אויב איהר וועט ווייטער מיר זאָגען „דו“, וועל איך צו אייך ניט רעדען.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: טאָר איך ניט זאָגען „דו“ אפילו ווען מיר זיינען אליין?

ה ע ד ד א: ניין. איהר מעגט עס טראַכטען, אָבער איהר מוזט עס ניט זאָגען.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: אה, איך פערשטעה. עס איז א בעליידי־גונג אנטקעגען זשאָרזש טעסמאן, וועמען איהר — ליעבט.

ה ע ד ד א: (קוקט אויף איהם און שמייכעלט) ליעבע? א שעהנע אידעע.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: הייסט עס אז איהר ליעבט איהם ניט!

ה ע ד ד א: איך וויל אָבער ניט וויסען פון קיין סאָרט אונטרייהייט! געדענקט עס.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: העדדא — ענטפערט מיר נור איין זאַך —

ה ע ד ד א: שא!

(טעסמאן קומט אריין מיט א קליינעם טאַץ פון מיטעלסטען צי־מער.)

טעסמאַן: היער! אַט קומען די גוטע זאַכען. (שטעלט אוועק דעם מאַץ אויפ'ן טיש.)

העדדאַ: פאַר וואָס סערווירסט דו אליין?

טעסמאַן: (גיסט אָן די גלעזער) ווייל עס מאַכט מיר אַזוי פיעל פערגעניגען דיך צו בעדיענען, העדדאַ.

העדדאַ: דו האָסט אָנגעגאָסען צוויי גלעזער. הערר לאָוובאָרג האָט געזאָגט אַז ער וויל קיינע —

טעסמאַן: יאָ, אָבער פרוי עלווסטעד וועט דאָ באַלד זיין, ניין?

העדדאַ: יאָ, קירצליך — פרוי עלווסטעד —

טעסמאַן: האָסט שוין פערגעסען וועגען איהר? האַ?

העדדאַ: מיר זיינען געוועזן אַזוי אריינגענומען אין די פאָטאָגראַפיעס. (זי צייגט איהם א בילד) געדענקסטו דאָס ראַזינגע קליין דערפיל?

טעסמאַן: אַך, דאָס איז דאָס דערפיל גלייך אונטער דעם ברענער פּאַסס. דאָרטן האָבען מיר גענעכטיגט —

העדדאַ: — און בעגעגענט די לוסטיגע קאָמפּאַניע טוריסטען.

טעסמאַן: יאָ, דאָס איז דער פּלאַץ. רענק נור — ווען מיר וואָלטען דיך געקענט האָבען מיט אונז, עילערט! האַ? (ער געהט צוריק אין מיטעלסטען צימער און זעצט זיך נעבען בראַק.)

לאָוובאָרג: ענטפערט מיר אַט די איין זאַך, העדדאַ —

העדדאַ: וואָס?

לאָוובאָרג: איז אין אייער פריינדשאַפט צו מיר אויך ניט געוועזן קיין ליעבע? קיין פונק ניט — ניט א שאָטען פון ליעבע?

העדדאַ: איך וויים ניט אויב עס איז געוועזן. מיר שיינט עס אַקוראַט ווי מיר וואָלטען געוועזן צוויי גוטע קאַמעראַדען — צוויי גאַנץ אינטימע פריינד. (שמייכעלט) איהר בעזאָנדערס זייט געוועזן זעהר אָפענהערציג.

לאוובארג: דאַכ האָט איהר דאָך געוואָלט.

הערדא: ווען איך קוק צוריק אויף דער גאנצער זאך, איז עס איז ווירקליך געווען עטוואס שעהנעס, עטוואס בעצויבערענדעס — עטוואָס מוטהיגעס — אין — אין יענער געהיימער אינטימיטעט — אין דער קאמעראדשאפט, פון וועלכער קיין לעבעדיגער מענש האָט קיין ברעקיל אהנונג ניט געהאט.

לאוובארג: יא, יא, הערדא! ניט וואהר? ווען איך פלעג קומען נאָכמיטאָג צו אייער פאָטער — און ער, דער גענעראל, איז געזעסען דאָרטן ביים פענסטער און האָט געלעזען זיין צייטונג — אומגעקעהרט מיט'ן רוקען צו אונז —

הערדא: און מיר ביידע אויף דער זאָפע אין ווינקעל —

לאוובארג: אלעמאָל מיט דעם זעלבען אילוסטרירטען צייטונגס־בלאט פאר אונז —

הערדא: יא, ווייל מיר האָבען ניט געהאט קיין אלבום.

לאוובארג: יא, הערדא, און ווען איך האב זיך מתודה געווען פאר איך — האָב אייך דערצעהלט אזוינע זאכען וועגען זיך, וועלכע קיין אנדערער האָט דאמאָלס ניט געוואוסט! איך פלעג דאָרט זיצען און אייך דערצעהלען פון מיינע „טייערע" מעשים, ווי איך האָב פערהולטעוועט מיינע טעג און נעכט. אה, הערדא — וואָס פאר א קראפט האָט געשטעקט אין אייך, וואָס האָט מיך געצוואונגען זיך מודה צו זיין פאר אייך אין די דאָזיגע זאכען?

הערדא: דענקט איהר אז דאָס איז געווען אין מיר אזא קראפט?

לאוובארג: ווי קען איך עס אנדערש ערקלערען? און די אלע — די אלע פערשטעלטע פראגען, וואָס איהר פלעגט מיר שטעלען —

הערדא: וועלכע איהר האָט פון דעסטוועגען אזוי קלאָר פערשטאנען —

לאוובארג: ווי אזוי האָט איהר געקענט זיצען און

מיר שמעלען אזוינע פראגען? אויספרעגען מיך אזוי פראנק און פריי —

הערדרא: אין א פערשטעלטער פארם, נערענסט, זייט מוחל.

לאוובארג: יא, אבער דאך גאנץ פריי. נעהמען מיך אויפ׳ן פערהער ווענען — אלע זיעבען זאכען?

הערדרא: און ווי אזוי האט איהר מיר געקענט ענטפער־רען, הערר לאוובארג?

לאוובארג: יא, אט דאס איז טאקע וואס איך קען ניט פערשטעהן — ווען איך קוק צוריק אויף דעם. זאגט מיר אבער איצ־טער, העדרא — איז אין גרונד פון אונזער פריינדשאפט ניט גע־ווען קיין ליעבע? האט איהר ניט פון אייער זייט געפיהלט ווי איהר וואלט געוועז אימשטאנד אבצוואשען אלע מיינע פלעקען — אזוי ווי איהר האט אויסגעהערט מיין ווידוי? איז עס ניט אזוי?

הערדרא: ניין, ניט גאר אזוי.

לאוובארג: וואס זיינען געוועזן אייערע מאטיווען דער־ביי?

הערדרא: מיינט איהר אז דאס איז אזוי גאר אונמעגליך צו ערקלערען, אז א יונג מיידעל — ווען עס האט זיך גראד אזוי געמאכט — און קיינער האט ניט געוואוסט —

לאוובארג: נו?

הערדרא: זאל וועלען כאפען א קוק ווען־ניט־ווען אין א וועלט, וועגען וועלכער —

לאוובארג: וועגען וועלכער —?

הערדרא: — וועגען וועלכער עס איז איהר פערבאטען עפעס צו וויסען?

לאוובארג: איז דאס געוועזן די זאך?

הערדרא: טיילווייז. טיילווייז דוכט זיך מיר כמעט.

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: קאמעראדשאפט אין דעם דורשט נאָך לעבען. אָבער פארוואָס זאָל כאָטשע דאָס ניט האָבען אָנגעהאלטען?

ה ע ד ד א: די שולד איז געווען אייערע.

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: א י ה ר האָט אָבגעשניטען מיט מיר.

ה ע ד ד א: יא, ווען אונזער פריינדשאפט האָט געדראָהט זיך צו ענטוויקלען אין עטוואָס מעהר ערנסטעס. שעהמען זאָלט איהר זיך, עילערט לאַווּבאַרג! ווי אזוי האָט איהר געקאָנט טהאָן אזא אונרעכט אייער — אייער אָפענהערציגען קאמעראד?

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: (קוועטשט צונויף די הענד) אָה, פארוואָס האָט איהר ניט אויסגעפיהרט אייער דראָהונג? פארוואָס האָט איהר מיך ניט דערשאָסען?

ה ע ד ד א: ווייל איך האָב אזוי מורא פאר א סקאנדאל.

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: יא, העדדא, איהר זייט א פייגלינג אין גרונד הארצען.

ה ע ד ד א: א שרעקליכער פייגלינג. (ענדערט איהר טאָן) פאר אייך איז עס אָבער געווען א גליק. און איצט האָט איהר געפונען א טרייסט פאר אייער צער ביי די עלוועסטעדס.

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: איך ווייס אז טייא האָט זיך פערטרויט פאר אייך.

ה ע ד ד א: און אפשר האָט איהר זיך אויך פערטרויט פאר איהר וועגען אונז?

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: ניט א וואָרט. זי איז צו־דום צו פערשטעהן אזוינע זאכען.

ה ע ד ד א: דום?

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: זי איז דום אין אזוינע זאכען.

ה ע ד ד א: און איך בין א פייגלינג. (זי בויגט זיך צו צו איהם, ניט קוקענדיג איהם אין געזיכט, און זאָגט שטיל:) איצטער וועל איך א י י ך עפּעס פערטרויען.

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: (געשפאנט) נו?

ה ע ד ד א: דער פאקט וואָס איך האָב ניט געוואגט אייך צו דערשיסען —

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: יא!

ה ע ד ד א: דאָס איז ניט געוועזן מיין ערנסטע פיינהייט — יענעם אבענר.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: (קוקט אויף איהר א מינוט, פערשטעהט זי און מורמעלט ליידענשאפטליך) אה, העדדא! העדדא גאבלער! איצט הויב איך אָן צו זעהען א פערבאָרגענעם גרונד אין אונזער קאמעראדשאפט! דו און איך —! דאָס האָט דאָס לעבען געשפּארט אין דיר, נאָך אלעם דעם —

ה ע ד ד א: (שטיל מיט א שארפען בליק) היט זיך! גלויבט דאָס ניט!

(עס הויבט אָן צו ווערען דונקעל. בערטא עפענט די אריינגאנגס טיר פון דרויסען.)

ה ע ד ד א: (מאַכט צו דעם אַלבאָם מיט אַ קלאַפּ און רופט אויס שמייכלענדיג) אך, ענדליך! מיין ליעבינקע טייא — קום נור אהער!

(פרוי עלווסטעד קומט אריין פון קאָרידאָר, אנגעטאָן אין אַ באל-קלייד. די טיר ווערט צוגעמאכט הינטער איהר.)

ה ע ד ד א: (אויפ'ן זאָפע, שטרעקט אויס איהרע אָרעמס צו איהר) מיין זיסע טייא — דו קענסט זיך ניט פאָרשטעלען ווי איך האָב געוואַרט נאָך דיר!

(פרוי עלווסטעד, גריסט זיך פערבייגעהענדיג מיט די הערען אין סיטעלסטען ציטער, דאָן געהט זי צו צום טיש און גיט העדדא'ן די האַנד. עילערט לאוובאָרג איז אויפגעשטאַנען. ער און פרוי עלווסטעד גריסען איינער דעם אַנדערן שטיל פערנייגענדיג זיך.)

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: זאָל איך אריינגעהן און רעדען צו דיין מאַן א וויילע.

ה ע ד ד א: אה, ס'איז גאָר ניט נויטיג. לאָז יענע צוויי דאָרטן צורוה. זיי וועלען באלד אוועקגעהן.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: געהען זיי דען אוועק?

ה ע ד ד א: יא, אויף א וועטשערינקא.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: (שנעל צו לאווובארג) א י ה ר געהט דאָך ניט?

ל א ו ו ב א ר ג: ניין.

ה ע ד ד א: הערר לאוובארג בלייבט דאָ מיט אונז.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: (נעהמט א שטוהל און וויל זיך זעצען נעבען איהם) אָה, ווי גוט דאָ איז!

ה ע ד ד א: ניין, א דאנק דיר, מיין קליינע טיא! ניט דארטען! זיי אזוי גוט און קום אריבער אהער צו מיר. איך וויל זיצען צווישען אייך.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: זאָל זיין אזוי, ווי דו ווילסט. (זי געהט ארום דעם טיש און זעצט זיך אויפ'ן זאָפא, רעכטס פון העדדא. לאוובארג זעצט זיך ווידער אויף זיין שטוהל.)

ל א ו ו ב א ר ג: (נאָך א קורצער פּאוזע, צו העדדא) איז זי ניט שעהן, א פערגניגען צו קוקען?

ה ע ד ד א: (גלעטענדיג איהר ליכט די האָאר) נור צו קוקען?

ל א ו ו ב א ר ג: יא. ווארים מיר ביידע — זי און איך — מיר זיינען צוויי אמת'ע קאמעראדען. מיר האָבען אן אבסאָלוטען פערטרויען איינער דעם אנדערן; און מיר קענען דעריבער זיצען און רעדען גאנץ אָפענהערציג —

ה ע ד ד א: ניט פערשטעלטערהיים, הערר לאוובארג?

ל א ו ו ב א ר ג: נו —

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: (זאַכט, טוליעט זיך שטארק צו העדדא'ן) אה, ווי גליקליך איך בין, העדדא! ווארים, דענק נור, ער זאגט אז איך האָב איהם אויך בעגייסטערט.

ה ע ד ד א: (קוקט אויף איהר מיט א שמייכעל) אה, זאגט ער דאס, ליעבסטע?

ל א ו ו ב א ר ג: און ווי בראוו זי איז, מאדאם טעסמאן!

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: מיין גאָט — בין איך בראוו?

לאוובארג: זעהר — ווען עס האנדעלט זיך וועגען אייער קאמעראד.

העדדא: אך יא — מוטה! ווען מען האט נור מוטה!

לאוובארג: איז וואס? וואס מיינט איהר?

העדדא: דאן וואלט דאס לעבען אפשר עפעס ווערטה געוועז, נאך אלעם דעם. (בייט איבער שנעל דעם טאן) נו איצטער, מיין ליעבסטע טייא, מוזטו ווירקליך נעהמען א גלאז קאלטען פונש.

פרוי עלווסטעד: ניין, איך דאנק — איך טרינק אזעלכע זאכען קיינמאל נים.

העדדא: נו, דאן איהר, הערר לאוובארג.

לאוובארג: איך אויך נים, א דאנק.

פרוי עלווסטעד: ניין, ער טרינקט אויך נים.

העדדא: (קוקט אויף איהם פעסט) און אויב איך זאג, אז איהר זאלט?

לאוובארג: וואלט גארנישט העלפען.

העדדא: (לאכט) דאן האב איך, ארימע בעשעפענים, גאר קיין קראפט נים איבער אייך?

לאוובארג: נים אין דער הינזיכט.

העדדא: איך מיין ערנסט, מיר דאכט אז איהר האט עס געדארפט טהאן — פון אייערטוועגען אליין.

פרוי עלווסטעד: אך, העדדא! —

לאוובארג: ווי אזוי קומט עס אוים?

העדדא: אדער ניכער פון לייטענס וועגען.

לאוובארג: ווירקליך?

העדדא: אויב נים וועלען לייטען אייך חושד זיין, אז אין אייער טיעפען הארצען — פיהלט איהר זיך אליין נאך נים זיכער — אז איהר טרויט זיך אליין נים.

פרוי עלווסטעד: (זאנט) אה, איך בעט דיך, העדדא —

ל א ו ו ב א ר ג: לייט מעגען מיינען וואס זיי ווילען — דערוויילע.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: (פרעהליך) יא, לאזען זיי!

ה ע ד ד א: איך האב עס קלאר געזעהן אויף ריכטער בראק'ס געזיכט א מינוט פריהער.

ל א ו ו ב א ר ג: וואס האט איהר געזעהען?

ה ע ד ד א: זיין פערעכטליכען שמייכעל, ווען איהר האט ניט געוואגט געהן מיט זיי אין מיטעלסטען צימער.

ל א ו ו ב א ר ג: נ י ט  ג ע װ א ג ט? עס פערשטעהט זיך, אז איך האב בעסער געוואלט פערבלייבען דא און רעדען מיט א י י ך.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: דאס איז דאך גאנץ נאטירליך, העדדא.

ה ע ד ד א: אבער בראק האט דאס ניט געקענט טרעפען. און איך האב אויך געזעהען ווי ער האט געשמייכעלט און געקוקט אויף טעסמאן בעת איהר האט ניט געוואגט אנצונעהמען די איינלאדונג צו זיין מיזעראבלער וועטשערינקע.

ל א ו ו ב א ר ג: ניט געוואגט! איהר זאגט אז איך האב ניט געוואגט?

ה ע ד ד א: א י ך זאג עס ניט. אבער אזוי האט ריכטער בראק דאס פערשטאנען.

ל א ו ו ב א ר ג: נו, לאז ער.

ה ע ד ד א: ועט איהר אלזא ניט געהן מיט זיי?

ל א ו ו ב א ר ג: איך וועל דא בלייבען מיט אייך און טייא.

פ ר ו י  ע ל ו ו ס ט ע ד: יא, העדדא — ווי אזוי קענסטו גאר צווייפלען דעריין?

ה ע ד ד א: (שמייכעלט און שאקעלט דעם קאפ צושטימענד) אלזא, פעסט ווי א פעלז! געטריי צו אייערע פרינציפען פון היינט און אויף אייביג! אה, אט אזוי דארף א מאן זיין! (קעהרט זיך אום צו פרוי עלוועסטעד און גלעט זי) נו, וואס האב איך דיר גע-

זאָגט ווען דו ביסט געקומען צו אונז היינט אין דער פריה אזא פערקלאַגטע —

לאוובארג: (איבערראַשט) א פערקלאַגטע!

פרוי עלווסטעד: (א פערציטערטע) העדדא — אך, העדדא — !

העדדא: אַט קענסטו אליין זעהען! דו האָסט קיין גרונד גיט אזוי געפעהרליך זיך צו שרעקען — (האַקט זיך איבער) נו! איצטער קענען מיר זיצען אלע דריי און פערברייננגען!

לאוובארג: (אויפכאַפּענדיג זיך) אבער וואָס מיינט אַט דאָס אלעס, מאַדאם טעסמאַן?

פרוי עלווסטעד: אך, מיין גאָט, העדדא! וואָס טהוסטו?

העדדא: ווער נים אויפגערעגט! דער שרעקליכער ריכ־טער בראַק זיצט און קוקט אויף דיר.

לאוובארג: אזוי, איז זי געווען אין טוידט־שרעקענים! איבער מיר!

פרוי עלווסטעד: (שטיל, מיט א פערוויינטער שטי־מע) אה, העדדא — איצט האָסטו אלעס רואינירט!

לאוובארג: (קוקט אויף איהר א מינוט פעסט. דאס גע־זיכט איז איהם געוואָרען פערקרימט) הייסט עס, אַט אזוי האָט דאָס מיין קאַמעראַד מיך אָפּענהערציג געטרויט?

פרוי עלווסטעד: (מיט געבעט) אך, מיין ליעב־סטער פריינד — דו מוזט מיר נור אויסהערען —

לאוובארג: (נעהמט א גלאָז פונש, ברייננט עס צו די לי־פען און זאָגט אין א נידעריגער, הייזעריגער שטימע) לחיים, טייא! (טרינקט אויס די גלאָז, שטעלט זי אוועק און נעהמט די צווייטע.)

פרוי עלווסטעד: (שטיל) אה, העדדא, העדדא — ווי אזוי האָסטו דאָס געקענט טהאָן?

העדדא: איך האָב עס געטהאָן? איך? ביזטו משוגע?

לאוובארג: אַט טרינק איך איינס צו אייער געזונד

אויך, מאדאם טעסמאן. א דאנק פאר דער ווארהייט, הורראַ פאר דער ווארהייט! (טרינקט אויס די גלאָז און וויל אָנגיסען נאָך איינע.)

העדדא: (לעגט איהר האנד ארויף אויף זיין אָרעם) נאַ, נאַ, — גענוג פאר איצטער. געדענקט אז איהר געהט אויף דער וועטשערינקע.

פרוי עלווסטעד: ניין, ניין, ניין!

העדדא: שאַ! זיי זיצען און קוקען אויף דיר.

לאווובארג: (שטעלט אוועק די גלאָז) איצט, טייא — דערצעהל מיר דעם אמת —

פרוי עלווסטעד: יאַ.

לאווובארג: האָט דיין מאַן געוואוסט אז דו ביזט נאָכ־געפאהרען נאָך מיר?

פרוי עלווסטעד: (ברעכט די הענד) אה, העדדא — דו הערסט וואָס ער פרעגט?

לאווובארג: איז עס געווען אבגעמאכט צווישען דיר און איהם, אז דו זאָלסט קומען צופאָהרען אין שטאָדט און אכטונג געבען אויף מיר? אפשר האָט דאָס דער לאנדריכטער אליין דיך איינגערעדט אהער צו קומען? אהא, מיין טייערע — ער דאַרף מיך אודאי האָבען אין זיין ביוראָ! אדער פעהל איך איהם צו א האַנד אין קאָרטען?

פרוי עלווסטעד: (שטיל, ליידענד) אה, לאוובארג, לאוובארג — !

לאווובארג: (כאַפט א גלאָז און וויל זי אָנגיסען) מיר וועלען מאכען לחיים פאר דעם אלטען לאנדריכטער אויך!

העדדא: (לאזט איהם ניט) איצט ניט מעהר. געדענקט אז איהר דאַרפט לעזען אייער מאַנוסקריפט פאר טעסמאַן׳ען.

לאווובארג: (רוהיג, שטעלט אוועק די גלאָז) עס איז נע־ווען דום פון מיין זייט, די גאנצע זאַך, טייאַ — אזוי דאָס אויפ־צופאסען, מיין איך. זיי ניט אין כעס אויף מיר, מיין ליעבע, ליע־בע קאַמעראַדין. דו וועסט זעהען — אי דו, אי די איבעריגע —

אז אויב איך בין אמאָל געפאלען — בין איך איצט ווידער אויפ־
געשטאנען! דיר צו פערדאנקען טייא!

פרוי עלווסטער: (שיינט פאר פרייד) אך, נאָט זיי
דאנק — !

(אין צווישענצייט האָט בראַק געקוקט אויף די אוהר. ער און
טעסמאן שטעהען אויף און קומען אריין אין זאַאל.)

בראַק: (נעהמט זיין הוט און ראָק) אלזאָ, מאדאם טעס־
מאן, ס'איז געקומען אונזער צייט.

העדדא: יא, איך רעכען אז ס'איז געקומען.

לאוובארג: (שטעהט אויף) מיין צייט אויך, הערר ריכ־
טער.

פרוי עלווסטער: (זאָגט און בעטענדיג) אָה, לאוו־
בארג, טהו דאס נים!

העדדא: (קנייפט איהר אין ארעם) זיי קענען דיך הערען!

פרוי עלווסטער: (מיט א אונטערדריקטען געשריי)
אוי!

לאוובארג: (צו בראַק) איהר זיים געווען אזוי פריינד־
ליך מיך איינצולאדען.

בראַק: נו, קומט איהר דאָך?

לאוובארג: יא, איך דאנק בעסטענס.

בראַק: עס פרעהט מיך זעהר —

לאוובארג: (צו טעסמאן, לעגט אריין דעם מאַנוסקריפט
צו זיך אין טאַש) איך וואָלט דיר וועלען ציינען א פּאָר שטעלען איי־
דער איך גיב עס אריין אין דרוק.

טעסמאן: דענק נור — דאס וועט זיין גרויסארטיג.
אבער, מיין ליעבע העדדא, ווער וועט בעגלייטען פרוי עלווסטער
אהיים? הא?

העדדא: אָה, מיר קענען שוין געפינען א וועג.

לאוובארג: (קוקט אויף די דאמען) פרוי עלווסטער?
נאטירליך, איך וועל אריינקומען און זי מיטנעהמען. (געהט צו נעהנ־

טער) אזוי אומגעהער ארום צעהן, מצרצם מעסמאן! איז עס רעכט?

מ ע ס מ א ן: נו, אלזא, איז אלעס גוט. דו דארפסט אבער מיך ניט ערווארטען אזוי פריה, העדדא.

ה ע ד ד א: אה, דו קענסט פערבלייבען אזוי לאנג — אזוי לאנג ווי דו ווילסט נור.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (זוכט צו פערבארגען איהר אנגסט) נו דאן, העדר לאובארג — וועל איך דא בלייבען ביז וואנען איהר קומט.

ל א ו ו ב א ר ג: (מיט'ן הוט אין האנד) יא, ביטע, פרוי עלווסטעד.

ב ר א ק: און איצט, מיינע העררען, נעהט אב דער צוג! איך האף מיר וועלען לעבען א טאג, ווי א געוויסע שעהנע דאמע האט עס אויסגעדריקט.

ה ע ד ד א: אך, ווען די שעהנע דאמע וואלט געקענט דער־ביי זיין אונגעזעהען — !

ב ר א ק: פאר וואס אונגעזעהען?

ה ע ד ד א: כדי צו הערען א ביסעל פון אייערע לוסטיגע ווערטלעך, פון ערשטער האנד, העדר בראק.

ב ר א ק: (לאכט) איך וואלט ניט געראטהען די שעהנע דאמע דאס צו פראבירען.

ט ע ס מ א ן: (לאכט מיט) נא, דו ביזט א וואוילינקע, העד־דא! רענק נור!

ב ר א ק: ט, אדיע, אדיע, מיינע דאמען.

ל א ו ו ב א ר ג: (פערנייגט זיך) אלזא, ארום צעהן אוהר.

(בראק, לאוובארג און טעסמאן געהען ארויס דורך די טיר פון קארידאר. אין דערזעלבער צייט קומט בערטא ארייין פון מיטעלסטען צימער מיט אן אנגעצונדענעם לאמפ, וועלכען זי שטעלט אוועק אויפ'ן זאאל־טיש. געהט ארויס דורך דעמזעלבען וועג וואס זי איז געקומען).

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (איז אויפגעשפרונגען און געהט

אונרוהיג ארום אין צימער) העדדא — וואס קען דערפון ווערען?

ה ע ד ד א: אום צעהן אוהר וועט ער דאָ זיין. איך קען איהם שוין זעהען — מיט וויין־טרויב בלעטער אין די האָאר — צו־היצט און פורכטלאָז —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אה, ווען ער קומט נאָר אזוי!

ה ע ד ד א: און דאן, זעהסטו — דאן וועט ער ווידער האָ־בען געוואונען די מאכט איבער זיך. דאן וועט ער זיין א פרייער מענש זיין גאנצען לעבען.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אה, גאָט! — ווען ער וואָלט נאָר קומען, אזוי ווי דו זעהסט איהם איצטער!

ה ע ד ד א: ע ר ו ו ע ט קומען, ווי איך זעה איהם — אזוי און ניט אנדערש! (שטעהט אויף און געהט צו טייא) דו קענסט אין איהם צווייפלען אזוי לאנג ווי דו ווילסט; א י ך גלויב אין איהם. און איצטער וועלען מיר פרובירען —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: דו האָסט עפּעס א פערבאָרגענעם מאָטיוו דעריין, העדדא!

ה ע ד ד א: יא, איך האָב. איך וויל כאָטש איינמאָל אין מיין לעבען האָבען די מאכט איבער דעם שיקזאל פון א מענשען.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: האָסטו דען ניט די מאכט?

ה ע ד ד א: איך האָב ניט, און האָב קיינמאָל ניט געהאט.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: איבער דיין מאַן אויך ניט?

ה ע ד ד א: דענקסטו אז ד אָ ס איז ווערטה די מיה? אָה, ווען דו וואָלסט געקענט פערשטעהן ווי אָרים איך בין. איך האָט דער שיקזאל גראד געמאכט אזוי רייך! (נעהמט איהר לוי־דענשאפטליך ארום) איך דענק, איך מוז דיר אָבברענען די האָאר נאָך אלעם דעם.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: לאָז מיך לויז! לאָז מיך לויז! איך האָב מורא פאר דיר, העדדא!

ב ע ר ט א (שטעהט אין טיר) טהעע איז פערטיג אין שפייז־צימער, מאדאם.

ה ע ד ד א: זעהר גוט. מיר קומען גלייך.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: ניין, ניין, ניין! איך וועל בע־סער געהן אהיים אליין! שוין גלייך!

ה ע ד ד א: אונזין! ערשטענס וועסטו טרינקען א גלעזיל טהעע, דו קליינע נארעלע. און דאן — אום צעהן אוהר — וועט דאַ זיין עילערט לאַווּבאַרג — מיט וויינטרויב בלעטער אין די האָאר.

(זי שלעפט פרוי עלווסטעד כמעט מיט געוואלט צום מיטעלסטען דורכגאַנג.)



# דריטער אקט.

---

דערזעלבער צימער ביי טעססאן. די פארהאנגען זיינען פערצויגען איבער דעם מיטעלסטען דורכגאנג און אויך איבער דער גלעזערנער טיר. דער לאמפ, האלב אויסגעדרעהט, אונטער אן אבאזשור, ברענט אויפ'ן טיש. אין אויווען טיט אן אפען טירעל איז געווען א פייער, וועל־כער איז איצט כמעט אויסגעלאשען.

פרוי עלווסטעד, איינגעהילט אין א גרויסער שאל, מיט די פיס אויף א פוס־בייקעל, זיצט נעבען אויווען אנגעשפארט אויף היננטען אין לעהנשטוהל. העדדא, אין גאנצען אן אנגעטאנענע, ליעגט און שלאפט אויפ'ן זאפע, צוגעדעקט מיט א דעקע.

פרוי עלווסטעד: (זעצט זיך אויף פלוצלונג [illegible] חערט זיך צו געשפאנט. דאן פאלט זי צוריק אויף הינטען א מידע און קרעכצט צו זיך אליין) נאך ניטא! אה, גאט — אה גאט — נאך ניטא!

(בערטא קומט אריין פארזיכ[illegible] די קארידאר־טיר. זי האלט א בריעף אין האנד.)

פרוי עלווסטעד: [illegible] יך אום און זאגט געשפאנט) נו, איז ווער געקומען?

בערטא: (זאכט) יא, א מיידעל האט אקארשט געבראכט אט דעם בריעף.

פרוי עלווסטעד: (שנעל, שטרעקט אויס די האנד) א בריעף! גיט עס מיר!

בערטא: ניין, מאדאם, עס איז פאר דר. טעסמאן.

פרוי עלווסטעד: אך, אזוי.

ב ע ר ט א: פריילין טעסטאן'ס דיענסט האט עס געבראכט. איך וועל עס אוועקלעגען דא אויפ'ן טיש.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: יא, לעגט עס אוועק.

ב ע ר ט א: (לעגט אוועק דעם בריעף) איך רעכען איך וועל בעסער פערלעשען דעם לאמפ. ער רויכערט.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: יא, לעשט איהם אויס. עס מוז שוין באלד טאגען.

ב ע ר ט א: (לעשט אויס דעם לאמפ) עס טאגט שוין, מאדאם.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: יא, גרויסער טאג! און קיינער איז נאך ניט געקומען — !

ב ע ר ט א: זאל גאט שומר ומציל זיין, מאדאם — איך האב מיר געקלערט אז ס'וועט אזוי זיין.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: איהר האט געקלערט אזוי?

ב ע ר ט א: יא, ווען איך האב געזעהן, אז א געוויסע פערזאן איז געקומען צוריק אין שטאדט — און אז ער איז אוועקגעגאנגען מיט זיי. ווארים מיר האבען זיך שוין פריהער גענוג אנגעהערט וועגען יענעם העררן.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: רעדט ניט אזוי הויך. איהר וועט אויפוועקען די מאדאם טעסמאן.

ב ע ר ט א: (קוקט צו דער זאפע און זיפצט) ניין, ניין — לאז זי שלאפען, נעבעך. זאל איך ניט ארויפלעגען א ביסעל האלץ אויפ'ן פייער?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: א דאנק, ניט פון מיינטוועגען.

ב ע ר ט א: נו, זאל זיין. (זי געהט זאכט ארויס דורך די קאָרידאר־טיר).

ה ע ד ד א: (כאפט זיך אויף פון דעם קלאפ פון דער טיר און קוקט זיך ארום) וואס איז — ?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: דאס איז נור געוועזן די דיענסט—

ה ע ד ד א: (קוקט זיך ארום) אה, מיר זיינען דא — ! יא,

איצט געדענק איך. (זעצט זיך אויף גלייך אויפ'ן זאפע, ציהט זיך און רייבט די אויגען) ווי שפעט איז עס, טייא?

פרוי עלווסטעד: (קוקט אויף איהר אוהר) ס'איז נאך זיעבען.

העדדא: ווען איז טעסמאן געקומען אהיים?

פרוי עלווסטעד: ער איז נים געקומען.

העדדא. נאך נים געקומען אהיים?

פרוי עלווסטעד: (שטעהט אויף) קיינער איז נים געקומען.

העדדא: בערעכען נור, ווי מיר זיינען דא געזעסען און געווארט ביז פיער פארטאג —

פרוי עלווסטעד: (ברעכט די הענד) און ווי אזוי האב איך געווארט און אויסגעקוקט אויף איהם!

העדדא: (גענעצט און זאגט פערשטעלענדיג דאס מויל מיט דער האנד) נו, נו — מיר האבען זיך געקענט פארשפארען די טרחה.

פרוי עלווסטעד: האסטו כאטש געשלאפען א ביסעל?

העדדא: אה, יא; איך גלויב אז איך האב געשלאפען גאנץ גוט. און דו נים?

פרוי עלווסטעד: נים איין רגע. איך האב נים גע־קענט, העדדא! אפילו ווען עס וואלט מיר געגאנגען אום לעבען.

העדדא: (שטעהט אויף און געהט צו איהר צו) שא, שא, שא! ס'איז גאר נימא פאר וואס זיך צו שרעקען. איך פערשטעה גאנץ גוט וואס עס האט פאסירט.

פרוי עלווסטעד: איז וואס רענקסטו? קענסטו מיר נים זאגען?

העדדא: פארוואס נים — עס פערשטעהט זיך, אז די שמחה ביי ריכטער בראק האט זיך פערצויגען גאנץ שפעט —

פרוי עלווסטעד: יא, יא — דאס איז שוין קלאר. דאך אבער —

העדרא: און דאן, פערשטעהסטו, האט טעסטאן ניט גע־וואלט קומען אהיים און אויפוועקען אונז אין מיטען נאכט. (לאכט) אפשר האט ער דערצו אויך מאקע ניט געוואלט זיך צייגען — גלייך נאך דער הוליאנקע.

פרוי עלווסטעד: אויב אזוי אבער — איז וואו האט ער געקענט געהן?

העדרא: עס פערשטעהט זיך אז ער איז מסתמא אוועק־געגאנגען צו זיין מאנטע און האט דארט געשלאפען. זיי האבען דארט זיין אלטען צימער אימער גרייט פאר איהם.

פרוי עלווסטעד: ניין, ער קען ניט זיין ביי זיי, ווארים אט ערשט איז געקומען פאר איהם א בריעף פון פריילין טעסמאן. דארט'ן ליעגט עס.

העדרא: ווירקליך? (קוקט אויפ'ן אדרעס) יא, מאקע, עס איז געשריבען מיט מאנטע יוליא'ס איינענער האנד. נו, אויב אזוי איז ער געבליבען אין בראק'ס הויז. און וואס אנבעטרעפט עילערט לאוובארג — זיצט ער מיט וויינ־טרויב בלעטער אין די האאר און לעזט פאר זיין מאנוסקריפט.

פרוי עלווסטעד: אה, העדרא, דו זאגסט זיך אב זאכען, אין וועלכע דו הויבסט אליין ניט אן צו גלויבען.

העדרא: דו ביזט אויף אן אמת א קליינער דומקאפ, טייא.

פרוי עלווסטעד: אך, יא, איך האב מורא אז איך בין.

העדרא: ווי שרעקליך־מיעד דו זעהסט אויס.

פרוי עלווסטעד: יא, איך בין שטערבליך מיעד.

העדרא: יא, דו מוזט טהאן וואס איך הייס דיר. דו מוזט געהן אין מיין צימער און זיך אניעדערלעגען פאר א ווייל.

פרוי עלווסטעד: אה, ניין, ניין — איך וועל ניט קענען איינשלאפען.

ה ע ד ד א: איך בין זיכער אז דו וועסט קענען.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: נוס, אָבער דיין מאן ועט דאָך אוראי גלייך קומען, און איך וויל גלייך וויסען —

ה ע ד ד א: איך וועל זעהן אז דו זאָלסט וויסען גלייך ווי ער קומט.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: זאָגסטו מיר דאס צו, העדדא?

ה ע ד ד א: פערלאָז זיך אויף מיר. דו געה נור אריין און שלאָף זיך דורך דערווייל.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: א דאנק; איך וועל פרובירען.

(זי געהט אָב דורך דעם מיטעלסטען צימער. העדדא געהט צו צו דער גלעזערנער טיר און רוקט אב די פארהאנגען. אין צימער שטראַלט אריין א העלע ליכטיגקייט פון גרויסען טאָג. זי נעהמט דאן א קליי־נעם האנד־שפּיגעל פון שרייבטיש, קוקט זיך איין און מאַכט צורעכט איהרע האאר. דערנאָך געהט זי צו דער קאָרידאָר־טיר און טהוט א דריק א גלאָק־קנעפּיל. אין א ווײַלע ארום בעווייזט זיך בערטא אין טיר.)

ב ע ר ט א: האָט איהר עפּעס געוואָלט, מאדאם?

ה ע ד ד א: יא, איהר מוזט ארייַנלעגען אביסעל מעהר האָלץ אין אויווען. מיך טרייסעלט פון קעלט.

ב ע ר ט א: וועה מיר — אָט שוין כאָך איך ווארעם. (זי שאַרט צוזאַמען די קויהלען און לעגט ארויף א שיים האָלץ. שטעלט זיך אָב און האָרכט.) דאס האָט מען געקלונגען די פאָדערסטע טיר, מאַ־דאם.

ה ע ד ד א: דאן געהט צו דער טיר. איך וועל אכטונג גע־בען אויפ'ן פייער.

ב ע ר ט א: עס וועט שנעל אויסברענען.

(זי געהט ארויס דורך די קאָרידאָר־טיר. העדדא שטעלט זיך אויף די קניע און לעגט אריין נאָך עטליכע שייטלעך האָלץ אין אויווען. נאָך א קורצער פּויזע קומט זשאָרזש טעסמאן אריין פון קאָרידאָר. ער זעהט אויס מידע און האָט אַן ערנסט געזיכט. ער גנב'ט זיך אריין אויף

די שפּיץ־פינגער אין מיטעלסטען דורכגאַנג און וויל זיך דורכרוקען
דורך די גאַרדינען).

ה ע ד ר א : (ביים אווזעז, ניט קוקענדיג אויף איהם) גוט
מאָרגען.

ט ע ס מ א ן : (קעהרט זיך אום) הערדאַ ! (געהט צו צו איהר)
מיין גאָט — אזוי פריה ביזטו שוין אויף ? הא ?

ה ע ד ר א : יא, איך בין היינט אויפגעשטאַנען זעהר פריה.

ט ע ס מ א ן : און ביי מיר איז קיין ספק ניט געווען אז דו
שלאָפסט נאָך גאַנץ געשמאַק. דענק נור, הערדאַ !

ה ע ד ר א : רייד ניט אזוי הויך. פרוי עלווסטעד האָט זיך
צוגעלעגט אין מיין צימער.

ט ע ס מ א ן : איז פרוי עלווסטעד דאָ געווען די גאַנצע
נאַכט ?

ה ע ד ר א : יא, אזוי ווי קיינער איז ניט געקומען זי אָב־
נעהמען.

ט ע ס מ א ן : יא, דאָס איז ריכטיג.

ה ע ד ר א : (מאַכט צו דאָס מירעל פון אווזעז און חויבט זיך
אויף) נו, האָסטו עפּעס גוט פערבראַכט ביי ריכטער בראַק ?

ט ע ס מ א ן : ביסטו געווען אונרוהיג וועגען מיר ? הא ?

ה ע ד ר א : ניין, מיר פאַלט קיינמאָל ניט איין צו זיין אונ־
רוהיג. אָבער איך האָב דיר געפרעגט, צי דו האָסט גוט פער־
בראַכט ?

ט ע ס מ א ן : אָה, יאָ — איין מאָל פאַר אלע מאָל: איבער־
הויפּט אין אנפאַנג פון אבענד, בעת עילערט [illegible]בּאָרג האָט מיר
פאָרגעלעזען א טייל פון זיין בוך. מיר זיינען [illegible]מען אויף מעהר
ווי א שטענדע צו פריה — דענק נור ! און ב[illegible]האָט געהאט נאָך
פערשיערענעס איינצוריכטען — האָט עילערט דערווייל געלעזען
פאַר מיר.

ה ע ד ר א : (זעצט זיך ביים טיש, רעכטס) נו, דערצעהל
מיר —

ט ע ס ט א ן: (זעצט זיך אויף א פוס־בייגקעל נעבען אויוועז)
אָה, העדדא! דו קענסט גאָר ניט בעגרייפען וואס פאר א בוך דאס וועט זיין! איך גלויב אז דאס איז איינע פון די מערקוויר־דיגסטע זאכען, וואס זיינען ווען עס איז געשריבען געוואָרען. דענק נור!
ה ע ד ד א: יא, יא; דאס נעהם מיך ניט אַן —
ט ע ס ט א ן: איך מוז זיך פאר דיר מודה זיין, העדדא. ווען ער האָט געענדיגט לעזען — איז אויף מיר אנגעקומען א שרעקליכער געפיהל.
ה ע ד ד א: א שרעקליכער געפיהל?
ט ע ס ט א ן: איך האָב מקנא געווען עילערט'ן פאר וואס ער האָט געקאָנט אנשרייבען אזא בוך. דענק נור, העדדא!
ה ע ד ד א: יא, יא, איך דענק.
ט ע ס ט א ן: און דאן אבער ווי טרויעריג עס איז צו דענ־קען, אז טראָץ אלע זיינע פעהיגקייטען איז ער נאָך אלעם דעם דאָך א פערפאלענער.
ה ע ד ד א: דו מיינסט מסתמא צו זאגען, אז ער האָט מעהר לעבענס־מוטה איידער אלע איבעריגע?
ט ע ס ט א ן: ניין, גאָר ניט דאָס — איך מיין אז ער קען ניט נעהמען זיינע פערגעניגענס מיט א מאָס.
ה ע ד ד א: און וואס איז פון דער גאנצער זאך געוואָרען — צום סוף?
ט ע ס ט א ן: נו, דעם אמת געזאגט, העדדא, דענק איך אז אם בעסטען וואָלט מען עס קענען אָנרופען א הוליאנקע פון שכורים
ה ע ד ד א: האָט ער געהאַט ווייןץ־טרויב בלעטער אין די האָאר?
ט ע ס ט א ן: וויין־טרויב בלעטער? ניין, איך האָב אזוינס אויף איהם ניט געזעהן. נור ער האָט געהאלטען א לאנגע, פער־דרעהטע רעדע אין עהרע פון דער פרוי וועלכע האָט איהם בעגייס־

טערט אין דער ארבייט — יא, אט דעם אויסדרוק האט ער גע־ברויכט.

הערדא: האט ער זי אנגערופען ביים נאמען?

טעסמאן: ניין, דאס האט ער נים געטהאן. איך קען מיר אבער אנדערש נים דענקען סיידען נור אז ער האט געמיינט פרוי עלווסטעד. נו מעגסט זיין זיכער אז ער האט זי געמיינט.

הערדא: נו, און וואו האסטו זיך מיט איהם געשיידט?

טעסמאן: אויפ'ן וועג אין שטאדט אריין. מיר האבען פערלאזט דאס הויז — ווענינסטענס די וואס זיינען פערבליבען ביז צו לעצט — אלע צוזאמען; און בראק איז מיט אונז מיטגעגאנ־גען כאפען אביסעל פרישע לופט. דאן, פערשטעהסטו, האבען מיר אבגערעדט אבצופיהרען עילערט'ן אהיים, ווארים ער האט געהאט גענומען א קאפעטשקע צו־פיעל.

הערדא: איך רעכען אזוי.

טעסמאן: איצט אבער קומט דער זאנדערבארער טייל פון דער מעשה, אדער איך האב ריכטיגער געדארפט זאגען, דער טרויעריגער טייל דערפון. איך זאג דיר אז איך שעהם מיך, פון עי־לערט'ס וועגען, דיר צו דערצעהלען —

הערדא: אך, דערצעהל שוין —!

טעסמאן: נו, איז ווען מיר זיינען שוין באלד געווען נע־בען שטאדט, בין איך צופעליג געבליבען אביסעל פון הינטען. עט־ליכע מינוטען נור — שטעל זיך פאר!

הערדא: יא, מיין גאט, אבער — ?

טעסמאן: און ווען איך בין דאן זיי נעכגעלאפען — וואס דענקסטו האב איך געפונען ליגענדיג אויפ'ן וועג? הא?

הערדא: אך, ווי אזוי זאל איך עס וויסען?

טעסמאן: דו זאלסט עס נור קיינעם נים זאגען, הער־דא! דו הערסט! פערשפרעך עס מיר פון עילערט'ס וועגען. (שלעפט ארויס א פאקעט, איינגעוויקעלט אין פאפיער, פון זיין טאש) דענק נור — אט דאס האב איך געפונען!

ה ע ד ר א: איז דאס נים דער פאקעט, וואס ער האט דא געהאט מיט זיך גענומען?

ט ע ס ט א ן: יא, דאס איז אין גאנצען דער טייערער מא־נוסקריפט זיינער, וועלכער וואלט געווען פערפאלען אויף אייביג! און ער איז נעגאנגען און האט עס פערלארען און האט גאר נים געוואוסט וועגען דעם. דענק נור, הערדא! אזא טרויעריגע —

ה ע ד ר א: אבער פאר וואס האסטו איהם גלייך נים צוריק־געגעבען דעם פאקעט?

ט ע ס ט א ן: דאס האב איך נים געוואגט צו טהון — אין דעם צושטאנד אין וועלכען ער איז געווען —

ה ע ד ר א: האסטו נים דערצעהלט קיינעם פון די איבערי־גע אז דו האסט עס געפונען?

ט ע ס ט א ן: אך, גאט בעהיט! דאס קענסט דאך פער־שטעהן, אז איך וואלט עס נים געטהאן, טאקע פון עילערט'ס וועגען אליין.

ה ע ד ר א: הייסט עס, אז קיינער ווייס נים, אז עילערט לאווערג'ס מאנוסקריפט געפינט זיך ביי דיר?

ט ע ס ט א ן: ניין, און קיינער ט א ר עס אויך נים ־ וויסען.

ה ע ד ר א: און וואס האסטו איהם געזאגט נאכהער?

ט ע ס ט א ן: מעהר איז מיר שוין גאר נים אויסגעקומען; מיט איהם צו רעדען; ווארים ווען מיר זיינען אריינגעקומען אין די גאסען, האט ער, מיט נאך א צוויי, דריי פון די אנדערע, זיך ארויסגעדרעהט פון אונטער אונזערע הענד און איז פערשוואונדען. דענק נור!

ה ע ד ר א: ווירקליך? זיי האבען איהם אודאי געמוזט אבפיהרען אהיים.

ט ע ס ט א ן: יא, עס זעהט אזוי אוים. און בראק איז אויך געווען אוועקגעגאנגען.

ה ע ד ר א: און וואו האסטו זיך ארומגעטריבען זייט דאן?

ט ע ס מ א ן: איך און נאך א פאר אנדערע זיינען אוועק אהיים צו איינעם פון די לוסטיגע חברה־ליים און האבען ביי איהם געטרונקען אונזער פריה־מארגען קאפע; אדער אפשר דארף מען עס בעסער רופען אונזער נאכט־קאפע, הא? נו, איצטער אז איך האב זיך אביסעל אבגערוהט און דער ארימער עילערט האט שוין געהאט צייט דורכצושלאפען זיך א ביסעל, מוז איך געהן איהם דאס אוועקצוטראגען.

ה ע ד ד א: (שטרעקט אויס די האנד נאכ'ן פעקעט) ניין — גיב עס איהם נאך ניט! איך מיין, ניט אין אזא איילע. לאז מיך דאס דורכלעזען אפריהער.

ט ע ס מ א ן: ניין, מיין ליעבסטע העדדא, איך טאר עס ניט, ווירקליך איך טאר ניט.

ה ע ד ד א: דו טארסט ניט?

ט ע ס מ א ן: ניין — ווארים דו קענסט זיך פארשטעלען ווי פערצווייפעלט ער וועט זיין ווען ער שטעהט אויף און כאפט זיך אז ער האט ניט דעם מאנוסקריפט. דו מוזט וויסען, אז ער האט ניט קיין קאפיע דערפון. ער האט עס מיר אליין געזאגט.

ה ע ד ד א: (קוקט אויף איהם פארשענד) לאזט זיך דען אזא זאך ניט רעפראדוצירען? ווידער אנשרייבען?

ט ע ס מ א ן: ניין, איך דענק ניט אז מען וואלט עס געקענט. דען די בעגייסטערונג, פערשטעהסט —

ה ע ד ד א: יא, יא — איך רעכען אז עס הענגט אב פון דעם — (לייגט) אבער, גוט וואס איך האב זיך דערמאנט — דא איז פאראן א בריעף פאר דיר.

ט ע ס מ א ן: דענק נור! —

ה ע ד ד א: (דערלאנגט עס איהם) עס איז געקומען היינט גאנץ פריה.

ט ע ס מ א ן: עס איז פון טאנטע יוליא! וואס קען עס זיין? (ער לעגט אוועק דעם פעקעט אויף דעם אנדער פוסבייגקעל, עפענט אויף דעם בריעף, קוקט איהם שנעל דורך און שפרינגט אויף)

אָה, הערדאָ, — זי שרייבט אז די אָרימע טאנטע האלט ביים שטארבען!

הערדאָ: נו, דאָס איז דאָך ניט אונערוואַרטעט.

טעסמאַן: און איך וויל זי נאָך זעהען, מוז איך זיך [illegible] גלייך אריבערלויפען.

הערדאָ: (האלט זיך איין צו שמייכלען) דו וועסט לויפען?

טעסמאַן: אָה, מיין ליעבסטע הערדאָ — ווען דו וואָלסט געקענט ביי זיך פועל'ן מיט צוגעהן מיט מיר! דענק נור!

הערדאָ: (שטעהט אויף און זאָגט איבערדרוסיג, אוועקשטעלענדיג מיט'ן האַנד) ניין, ניין, בעט מיך נים. איך וויל נים קוקען אויף קראנקהייט און טוידט. מיך עקעלט פון אלערליי העסליב־קייטען.

טעסמאַן: נו, נו, אלזאָ —! (ער פאַדעט ארום) מיין הוט? — מיין איבערראָק? — אָה, אין קאָרידאָר — הלואי זאָל איך נור נים קומען צו־שפעט הערדאָ! הא?

הערדאָ: אָה אז דו וועסט לויפען — (בערטא בעווייזט זיך אין ארויסגאַנגס־טיר.)

בערטא: ריכטער בראַק איז דרויסען און פרעגט אויב ער מעג אריינקומען.

טעסמאַן: איצטער, אזוי פריה? ניין, איך קען איהם אויף קיין פאַל נים זעהען.

הערדאָ: אבער איך קען. (צו בערטאַ:) בעט ריכטער בראַק ער זאָל אריינקומען. (בערטאַ געהט אָב.)

הערדאָ: (האַסטיג, שטיל) דעם פּאַקעט, טעסמאַן! (זי כאַפּט עס צו פון שטוהל.)

טעסמאַן: יא, גיב עס מיר!

הערדאָ: ניין, ניין, איך וועל עס האלטען ביז דו וועסט צוריק קומען.

(זי געהט צו צום שרייבטיש און לעגט עס אוועק אין ביבער־שאַנ־

מעל. טעסמאן שטעהט אן אויפגערעגטער פון איילעניש און קען ניט ארויפציהען זיינע האנדשוה.

ריכטער בראק (קומט אריין פון קארידאר.)

העדדא: (שאקעלט צו איהם מיט'ן קאפ) נא, איהר זייט אבער א פריהער פויגעל.

בראק: יא, מיינט איהר ניט? (צו טעסמאן:) און איהר זייט שוין אויך אויף די פיס?

טעסמאן: יא, איך מוז שנעל געהן צו מיינע מאנטעס. דענקט נור — די קראנקע ליעגט א מינוט פאר'ן טוידט — די ארימע בעשעפעניס, נעבעך.

בראק: מיין גאט, ווירקליך? דאן וויל איך אייך אויף קיין פאל ניט פערהאלטען. אין אזא קריטישען מאמענט —

טעסמאן: יא, איך מוז ווירקליך זיך איילען. אדיע! אדיע! (לויפט ארויס דורך די קארידאר־טיר.)

העדדא: (צוגעהענדיג) ווי עס שיינט איז ביי אייך אין הויז געווען גאנץ לעבעדיג לעצטע נאכט, הערר בראק.

בראק: גלויבט מיר, מאדאם העדדא, אז איך האב זיך נאך ניט אויסגעטאן זייט געסטערן.

העדדא: אזוי, איהר אויך ניט?

בראק: ניין, ווי איהר זעהט מיך אן. אבער וואס האט אייך טעסמאן דערצעהלט וועגען לעצטער נאכטס־פאסירונגען?

העדדא: אה, עפעס א לאנגווייליגע געשיכטע. אז זיי זיי־נען געגאנגען און האבען ערגיץ וואו געטרונקען קאפע.

בראק: איך האב שוין געהערט וועגען דער קאפע־חברה. עילערט לאוובארג שטעל איך מיר פאר איז מיט זיי צוזאמען ניט געווען?

העדדא: ניין, זיי האבען איהם נאך פריהער אבגעפיהרט אהיים.

בראק: טעסמאן איז אויך געווען מיט זיי?

ה ע ד ר א: ניין, ווער עס איז פון די אנדערע, האט ער גע־זאגט.

ב ר א ק: (שמייכלענדיק) ושארש מעסמאן איז ווירקליך א כשר'ע נשמה, מאדאם העדרא.

ה ע ד ר א: יא, דאס ווייס נאט. שמעקט אבער נאך וואס הינטער דעם?

ב ר א ק: יא, אפשר שמעקט עפעס.

ה ע ד ר א: גוט, אלזא, זעצט זיך אנידער, מיין ליעבער ריכטער, און דערציילט אייער געשיכטע בהרחבה.

(זי זעצט זיך בײַ דער לינקער זייט פון טיש. בראק נעבען איהר בײַ דער לינקער זייט.)

ה ע ד ר א: נו, אלזא.

ב ר א ק: איך האב געהאט ספּעציעלע אורזאכען לעצטע נאכט אכטונג צו געבען וואו מיינע געסט — אדער ריכטיגער גע־זאגט אייניגע פון זיי — געהען.

ה ע ד ר א: צווישען די אנדערע, אפשר אויך וואו עילערט לאווובארג געהט?

ב ר א ק: אפען געזאגט — יא.

ה ע ד ר א: איצט מאכט איהר מיר ווירקליך נייגיריג —

ב ר א ק: ווייסט איהר וואו ער און נאך א פאר אנדערע האבען געענדיגט די נאכט, מאדאם העדרא?

ה ע ד ר א: אויב עס איז נים צו רעדען ווענען דעם, דאן דערציילט.

ב ר א ק: אה, ניין, עס איז גאר נים צרמיאוס. קורץ, זיי זיינען זיך אוועקגעגאנגען אויף א בעזונדערס־פרעהליכען אבענד.

ה ע ד ר א: פון דעם לעבעדיגען סארט?

ב ר א ק: פון דעם סאמע לעבעדיגסטען —

ה ע ד ר א: דערציילט, דערציילט, העדר בראק —

ב ר א ק: לאווובארג אליין גוט ווי די אנדערע זיינען נאך פריהער אייננעלאדען געווארען. איך האב געוואוסט ווענען דער

נאנצער זאך. ער האט אבער ענטזאגט די איינלאדונג; דען ווי איהר ווייסט איז ער דאך איצט געווארען אנ׳אנדער מענש.

ה ע ד ד א: דארט ביי די עלוסטעד׳ס, יא. ער איז אבער געגאנגען, נאך אלעם דעם?

ב ר א ק: נו, איהר זעהט, מאדאם העדדא — אונגליקלי־כערוויין איז אויך איהם אנגעקומען דער גייסט לעצטע נאכט ביי מיר אין הויז —

ה ע ד ד א: יא, איך הער אז ער האט זיך בעגייסטערט.

ב ר א ק: גאר גוואלטיג בעגייסטערט. נו, קלער איך, אז דאס האט מסתמא געאנדערשט זיין געדאנק; דען מיר מאנסביל זיינען ליידער נים אלעמאל אזוי פעסט אין אונזערע פרינציפען ווי מיר זאלען זיין.

ה ע ד ד א: אה, איך בין זיכער אז א י ה ר, העדר בראק, זייט אן אויסנאהמע פון דעם כלל. אבער מכח לאווכארג׳ן — ?

ב ר א ק: קורץ און גוט — די ענדע איז געווען אז ער איז אריינגעפאלען אין מאמזעל דיאנא׳ס סאלאן.

ה ע ד ד א: אין מאמזעל דיאנא׳ס?

ב ר א ק: מאמזעל דיאנא האט עס געגעבען דעם „אבענד־פאר א געקליבענעם קרייז פון איהרע פערעהרער און פריינדינגע.

ה ע ד ד א: איז זי א פרוי וואס האט רויטע האאר?

ב ר א ק: עס שטימט.

ה ע ד ד א: א געוויסע — זינגערקע?

ב ר א ק: אה, יא — ווען זי איז נים פערנומען מיט עפעס אנדערש. דערהויפט אבער איז זי א מעכטיגע יעגערין — פון מע־נער, מאדאם העדדא. איהר האט אודאי געהערט פון איהר. עילערט לאווכארג איז געווען איינער פון איהרע העכסט ענטוזיאס־טישע בעשיצער — אין די צייטען פון זיין אמאליגען גלאנץ.

ה ע ד ד א: און וואס איז פון דעם אלעם געווארען?

ב ר א ק: ווי עס שיינט, ווייט נים ליעבליך. נאך א העכסט צערטליכען עמפפאנג, זעהט עס אויס, איז מען געקומען צו קלעפ—

ה ע ד ר א: לאוובארט און זי?

ב ר א ק: יא. ער האט זי אדער איהרע פריינדינען בע־שולדיגט, אז זיי האבען איהם בערויבט. ער האט ערקלערט, אז זיין געלד־טאש איז איהם פערשוואונדען — און נאך אנדערע זאכען אויך. קורץ, עס שיינט אז ער האט דארט געמאכט א שרעקליכען אויפרוהר.

ה ע ד ר א: און וואס איז פון דעם אלעם געווארען?

ב ר א ק: עס איז געווארען אן אלגעמיינע רייסעריי, אין וועלכער עס האבען זיך בעטייליגט די דאמען אזוי גוט ווי די העררן. צום גליק איז די פאליציי ענדליך אנגעקומען אויף דער סצענע.

ה ע ד ר א: די פאליציי אויך?

ב ר א ק: יא. איך שטעל מיר פאר אז דער שפאס וועט עי־לערט לאוובארג'ן קאסטען טייער,-פערדיקטער קערל וואס ער איז.

ה ע ד ר א: פאר וואס עפעס?

ב ר א ק: מען זאגט אז ער האט זיך געשטעלט דאגעגען מיט געוואלט — אז ער האט א פאליציאנט צושלאגען דעם קאפ און צעררסען דעם ראק. נו, האבען זיי איהם מיט די איבעריגע אוועקגעפיהרט אין פאליציי־הויז.

ה ע ד ר א: פון וואנען האט איהר זיך דאס אלעס דער־וואוסט?

ב ר א ק: פון דער פאליציי אליין.

ה ע ד ר א: (קוקט גלייך פאר זיך) אט אזוי איז עס נאר צו־געגאנגען. ער האט אלזא ניט געהאט קיין ווייך־טרויב בלעטער אין זיינע האאר.

ב ר א ק: ווייך־טרויב בלעטער, מאדאם העדדא?

ה ע ד ר א: (בייטענדיג דעם טאן) איצט זאגט מיר נור, הערר ריכטער — וואס איז געווען אייער ווירקליכער גרונד פאר וואס איהר האט אזוי גענוי נאכגעשפיהרט עילערט לאוובארג'ס יעי־דען טריט?

ב ר א ק: ערשטענס איז עס פאר מיר גאר ניט קיין גלייכ־

גילטיגע זאך אין פאל ווען עס שטעלט זיך ארויס אין פאליציי־
געריכט, אז ער איז געקומען אהין גלייך פון מיין הויז.

ה ע ד ד א: דענקט איהר אז די זאך וועט קומען אין גע־
ריכט?

ב ר א ק: גאנץ געוויס. דאך וואלט איך זיך וועגען דעם
אליין נאך נים אזוי שטארק געקימערט. איך האב אבער גערע־
כענט, אז אלס פריינד פון דער פאמיליע, איז עס מיין פליכט צו
צושטעלען אייך און טעסמאנען א פולען בעריכט וועגען זיינע ביי־
נאכטיגע העלדישקייטען.

ה ע ד ד א: ווארום דען, הערר בראק?

ב ר א ק: ווארום? ווייל איך האב א שארפען חשד אז ער
וויל אייך געברויכען פאר א מין שירם־וואנד...

ה ע ד ד א: ווי אזוי קענט איהר גאר אזוי־וואס דענקען!

ב ר א ק: מיין גאט, מיר זיינען דאך נים בלינד, מאדאם
העדדא. געדענקט מיינע ווערטער! אט די פרוי עלווסטעד וועט
זיך נים אנהויבען איילען אוועקצופאהרען פון שטאדט.

ה ע ד ד א: נא, און אפילו אויב די ביידע האבען עפעס א
שיכות צווישען זיך, מיין איך אז עס זיינען פאראן גענוג אנדערע
פלעצער וואו זיי קענען זי דצוזאמענקומען.

ב ר א ק: אין קיין איינציגער פאמיליע נים. פון איצט אן,
אזוי ווי פריהער, וועט יעדעס אנשטענדיג הויז זיין פערשלאסען
פאר עילערט לאוובארגען.

ה ע ד ד א: און אזוי דארף אויך מיין הויז זיין, מיינט איהר?

ב ר א ק: יא, איך בין זיך מודה, אז עס וואלט מיר זעהר
שמערצליך געווען אויב די דאזיגע פערזאן וואלט גענומען די פריי־
הייט פון דיזען הויז. ווי איבערפליסיג, ווי צודרינגליך ער וואלט
זיין, ווען ער זאל זיך דא אריינשטופען —

ה ע ד ד א: — אין דעם דרייעק?

ב ר א ק: ריכטיג. דאס וואלט פאר מיר געמיינט, בלייבען
איינפאך היימלאז.

ה ע ד ר א: (קוקט אויף איהם מיט א שמייכעל) דאס הייסט אז איהר ווילט זיין דער „איינציגער האָהן אין קאָרב" — אַט דאָס איז אייער צוועק.

ב ר א ק: (שאָקעלט לאַכנדיג מיט'ן קאָפּ און זאָגט אין א בּידער־ריגע שטימע) יאָ, דאָס איז מיין צוועק. און פאר דעם וויל איך קעמפפען — מיט אַלע מיטלען וועלכע שטעהען מיר צום האַנד.

ה ע ד ר א: (איהר שמייכעל פערשווינדעט) איך זעה אז איהר זייט א געפעהרליכע פערזאָן — ווען עס קומט צום פּונקט.

ב ר א ק: דענקט איהר אזוי?

ה ע ד ר א: איך הויב אָן אזוי צו דענקען. און איך בין העכסט צופריעדען צו דענקען — אז איהר האָט אויף מיר ניט קיין סאָרט בּייזע.

ב ר א ק: (לאַכט צופרידעניג) יאָ, יאָ, מאַדאַם העדדא — דעריין זייט איהר אַפשר גערעכט. ווען איך וואָלט עס געהאַט, ווער ווייסט וואס איך וואָלט געקענט טהאָן דערמיט?

ה ע ד ר א: נאָ, נאָ, העדר ריכטער! דאָס קלינגט שוין כמעט ווי א דראָהונג.

ב ר א ק: (שטעהט אויף) אָה, ווייט דערפון! דער דריי־עק, פערשטעהט איהר, מוז, ווען מעגליך, פריוויליג צוזאַמענגעשטעלט ווערען.

ה ע ד ר א: אין דעם שטים איך מיט אייך איין.

ב ר א ק: נו, איצט האָב איך שוין אָבּגעזאָגט אַלעס וואס איך האָב געהאַט צו זאָגען, און מען דאַרף שוין אָנהויבען געהן צוריק אין שטאָדט אריין. אַדיע, מאַדאַם העדדא. (ער געהט צו דער גלעזערנער טיר).

ה ע ד ר א: (שטעהט אויף) געהט איהר דורכ'ן גאָרטען?

ב ר א ק: יאָ, דער וועג איז פאר מיר דער קירצערער.

ה ע ד ר א: און דערצו איז עס אויך א הינטערוועג.

ב ר א ק: גאַנץ ריכטיג. איך האָב גאָרנישט דאַגעגען הינ־טערוועגען. אָפטמאָל זיינען זיי גאַנץ פּיקאַנט.

ה ע ד ד א: איהר מיינט ווען אימיצער איבט זיך אין שיסען און עס לויפען די קוילען?

ב ר א ק: (אין טיר, לאכענדיג צו איהר) אָה, קיינער, דענק איך, דערשיסט נים זיינע עופות אין קאַרב.

ה ע ד ד א: (לאכט אויך) אָה, נים ווען עס איז דאַ נור איין „האָהן אין קאַרב".

(פערנייגען זיך לאכענדיג איינער צום אַנדערן צום אבשיעד. ער געהט אב, זי פערמאַכט די טיר הינטער איהם. ה ע ד ד א, וועלכע איז געוואָרען גאַנץ ערנסט, שטעהט א ווייל און קוקט ארויס. א ווייל שפּעטער געהט זי און קוקט דורכ'ן פּאָרהאַנג אין מיטעלסטען צימער אריין. דאַן געהט זי צום שרייבטיש, נעהמט ארויס לאוובאָרג'ס פּאַקעט פון ביכער־שאַנקעל און וויל עס נעהמען לייענען. מען הערט ווי בערטאַ רעדט הויך אין קאָרידאָר. העדדא קעהרט זיך אום און האָרכט צו. דאַן פערשליסט זי האַסטיג דעם פּאַקעט אין שופלאַד און לעגט אוועק דעם שליסעל אויפ'ן שרייבטישעל.)

(עילערט לאווכאָרג, אין א שווערען מאַנטעל מיט'ן הוט אין האַנד רייסט אויף די טיר. ער זעהט אויס אביסעל צוטומעלט און אויפגע־רעגט.)

ל א ו ו ב א ר ג: (קוקט צום קאָרידאָר צו) און איך זאָג אייך אז איך מוז און וועל אריין. אָט!

(ער מאַכט צו די טיר, קעהרט זיך אום, דערזעהט העדדא'ן, קאָנ־טראָלירט זיך באלד און פערנייגט זיך.)

ה ע ד ד א: (ביים שרייבטיש) נו, העדר לאווכאָרג, איהר קומט אביסעל שפּעטלעך אבצונעהמען טייא'ן.

ל א ו ו ב א ר ג: איהר מיינט ניכער, אז ס'איז אביסעל צו־פריה צו קומען צו אייך. איך בעט אום ענטשולדיגונג!

ה ע ד ד א: ווי אזוי ווייסט איהר אז זי איז נאָך דאַ?

ל א ו ו ב א ר ג: זיי האָבען מיר געזאָגט אויף איהר קוואַר־טיר, אז זי איז אוועקגעבליבען די גאַנצע נאַכט.

ה ע ד ד א: (געהט צו צום רונדען טישעל) האָט איהר עפּעס

געמערקט אויף די לייטע פון הויז ווען זיי האָבען אייך דאָס געזאגט?

לאוובארג: (קוקט זי אָן פערוואונדערט) עפּעס געמערקט אויף זיי?

העדדא: איך מיין, האָט עס אויסגעזעהען ווי זיי וואָלטען עס בעטראַכט פאר זאנדערבאר?

לאוובארג: (כאַפּט זיך גלייך) אָה, יא, געוויס! איך שלעפּ זי אַריין אין בלאָטע מיט מיר צוזאַמען! איבעריגנס האָב איך קיין זאך נים בעמערקט. — טעסמאן איז נאָך נים אויפגעשטאנען?

העדדא: ניין, איך גלויב נים.

לאוובארג: ווען איז ער געקומען אהיים?

העדדא: זעהר שפּעט.

לאוובארג: האָט ער אייך עפּעס דערצעהלט?

העדדא: יא, איך האָב פערשטאַנען אז איהר האָט געהאט א העכסט פרעהליכען אבענד ביי ריכטער בראַק.

לאוובארג: מעהר גאָרנישט?

העדדא: ניין, איך גלויב נים. איבעריגנס בין איך געווען אזוי שרעקליך שלעפעריג —

פרוי עלווסטעד: (קומט אריין, געהט צו איהם צו:) אָה, לאוובארג! ענדליך דאָך — !

לאוובארג: יא, ענדליך און צו שפּעט!

פרוי עלווסטעד: (קוקט אויף איהם בעזאָרגט) וואָס איז צו שפּעט?

לאוובארג: אלץ איז צו שפּעט איצטער. מיט מיר איז שוין אויס.

פרוי עלווסטעד: אָה ניין, ניין — זאָג דאָס נים!

לאוובארג: דו וועסט זאָגען דאָס אייגענע, ווען דו וועסט הערען —

פרוי עלווסטעד: איך וויל גאָרנישט נים הערען!

ה ע ד ד א: אפשר וואָלט איהר וועלען רעדען מיט איהר אליין? דאַן נעה איך אוועק.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: ניין, בלייבט דאָ — איהר אויך. איך בעט אייך.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: יא, איך וויל אָבער גאָרנישט הערען, זאָג איך דיר.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: ניט וועגען לעצטער נאכט׳ס פּאַסירונגען וויל איך רעדען.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: וועגען וואָס דען? —

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: איך וויל זאָגען, אז אונזערע וועגען מוזען זיך פון איצט אָן שיידען.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: שיידען זיך!

ה ע ד ד א: (רעדט זיך ארויס ניט ווילענדיג) איך האָב עס געוואוסט!

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: דו קענסט פאר מיר מעהר גאָר ניט טהאָן, טיא.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: און דו קענסט דאָס זאָגען! איך קען דיר מעהר ניט נוצען! דאַרף איך דיר ניט העלפען איצטער אזוי גוט ווי פריהער? וועלען מיר דען ניט פאָרטזעצען ארבייטען צוזאמען? —

ל א ו ו ב אָ ר ג: פון איצט אָן און ווייטער וועל איך מעהר קיין ארבייט ניט טהאָן.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (פערצווייפעלט) איז וואָס זאָל איך איצט טהאָן מיט מיין לעבען?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: דו מוזט זעהען צו לעבען דיין לעבען אקור־ראט ווי דו וואָלסט מיך גאָר קיינמאָל ניט געקענט.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: דו ווייסט דאָך, אז דאָס קען איך ניט טהאָן!

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: זעה נור צי דו קענסט ניט, טייא. דו מוזט צוריק געהן אַ היים —

פרוי עלווסטעד: (אין העכסטער אויפרעגונג) קיינ־מאָל אויף דער וועלט ניט! וואו דו ביזט דאָרט וועל איך אויך זיין. איך וועל זיך ניט לאָזען אזוי אוועק טרייבען! איך בלייב דאָ! איך וויל זיין מיט דיר ווען דאָס בוך וועט ערשיינען.

העדדא: (האלב הויך, געשפּאָנט) אך יאָ, — דאָס בוך!

לאָוובאָרג: (קוקט אויף איהר) מיינער און טיא'ס בוך. דען אזוי איז די זאך.

פרוי עלווסטעד: יא, איך פיהל אז אזוי איז עס. און דערפאר האָב איך א רעכט צו זיין מיט דיר ווען עס וועט ער־שיינען! איך וויל זעהן מיט מיינע אויגען ווי אלע וועלען דיר וויע־דער אָבגעבען עהרע און אכטונג. און די פרייד — די פרייד וויל איך זיך מיט דיר טיילען!

לאָוובאָרג: טיא — אונזער בוך וועט קיינמאָל ניט ערשיינען.

העדדא: אה!

פרוי עלווסטעד: קיינמאָל ניט ערשיינען?!

לאָוובאָרג: עס קען קיינמאָל ניט ערשיינען.

פרוי עלווסטעד: (מיט גרויס שמערץ, ווי דאָס הארץ זאָגט איהר) לאָוובאָרג, וואָס האָסטו געטהאָן מיט'ן מאנו־סקריפּט?

העדדא: (קוקט אויף איהם געשפּאָנט) יא, דער מאנו־סקריפּט — ?

פרוי עלווסטעד: וואו איז עס?

לאָוובאָרג: אָה, טיא — פרעג מיך ניט וועגען דעם!

פרוי עלווסטעד: יא, יא, איך וויל וויסען. איך פאָדער דו זאָלסט מיר גלייך זאָגען.

לאָוובאָרג: דער מאנוסקריפּט — נו יא — איך האָב צעררִיסען דעם מאנוסקריפּט אויף טויזענד שטיקלעך.

פרוי עלווסטעד: (שרייט) אָה ניין, ניין! —

העדדאָ: (ניט ווילענדיג) אָבער דאָס איז דאָך ניט —

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: (קוקט אויף איהר) ניט אמת, דענקט איהר?

ה ע ד ר א: (בעהערשט זיך) אָה יא, נאטירליך — ווייבאלד איהר זאָגט אזוי. עס האָט אָבער געקלונגען אזוי אונוואהרשיינ־ליך.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: עס איז אָבער דאָך אמת.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (ברעכט די הענד) אה גאָט — אה גאָט, העדרא — ער האָט צעררריסען זיין ווערק אויף שטיקלעך!

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: איך האָב מיין איינען לעבען צעררריסען אויף שטיקלעך. פאר וואָס זאָל איך אויך ניט צעררייסען מיין לעבענס־ארבייט —?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: און דו האָסט עס געטהאָן לעצ־טע נאכט?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: יא, זאָג איך דיר! כ'האָב עס צעררריסען אויף טויזענד שטיקליך — האָב עס אריינגעוואָרפען אין פיאָרד — ווייט ארויס. דאָרט איז דאָ ווענינסטענס פרישעס ים־וואסער — זאָלען זיי דאָרטען שווימען — שווימען מיט'ן פלוס און מיט'ן ווינד. און דאן שפּעטער וועלען זיי זינקען — טיעפער און טיעפער ווי איך אליין וועל זינקען, טייא!

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: ווייסטו, לאָווב אָרג, אז דאָס וואָס דו האָסט געטהאָן מיט'ן בוך — אז איך וועל דענקען פון דעם ביז דעם טאָג פון מיין טוידט אקוראט ווי דו וואָלסט געטוידטעט א קליין קינד.

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: יא, דו ביזט גערעכט. ע ס איז א מין קינ־דער־מאָרד.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: ווי האָסטו עס געקענט טהאָן—! האָט ניט דאָס קינד געהערט מיר אויך?

ה ע ד ר א: (כמעט אונהערבאר) אה, דאָס קינד —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (אטהעמט שווער) שוין אלעס פאָראיבער. יא, יא, איצט וועל איך געהן, העדרא,

ה ע ד ד א: דו פֿאַהרסט דאָך ניט אַוועק פֿון שטאָדט?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אָה, איך ווייס ניט וואָס איך וועל טהאָן. איך זעה מעהר גאָרנישט ווי חושך פֿאר מיר (זי געהט אַוועק דורך די קאָרידאָר טיר.)

ה ע ד ד א: (שטעהט א מינוט ווארטענדיג) ווער איהר זי ניט בעגלייטען אהיים, הערר לאָווכאָרג?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: איך? דורך די גאסען? וואָלט איהר וועלען אז מענשען זאָלען זי זעהען ווי זי געהט מיט מיר?

ה ע ד ד א: נאַטירליך איך ווייס ניט וואָס נאָך עס האָט פּאסירט לעצטע נאכט. אָבער צו דען קען עס שוין גאָר ניט וויע־דער גוט ווערען?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: עס וועט זיך ניט ענדיגען מיט לעצטער נאכט — איך ווייס עס גאנץ גוט. און די זאך איז, וואָס איך האָב איצטער מעהר גאָר קיין געשמאק ניט פאר דעם סאָרט לעבען. איך וויל ניט אָנפאנגען פון דאָס נייע. זי האָט געבראָכען מיין מוטה און מיין קראפט זיך אויסצוקעמפּפען מיין לעבען.

ה ע ד ד א: (קוקט גלייך פאָר זיך) יערענפאלס אָבער, ווי האָט איהר געקענט אזוי אכזריות'דיג זי בעהאנדלען?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: אָה, זאָגט ניט אז עס איז געוועזן אכזריות'־דיג!

ה ע ד ד א: נעהמען און פערניכטען וואָס עס האָט אָנגע־פילט איהר גאנצער נשמה פאר מאָנאטען און יאָהרען! איהר רופט עס ניט אונדערבארמליך?!

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: אייך קען איך דערצעהלען די ווארהייט, העדדא.

ה ע ד ד א: די ווארהייט?

ל אָ ו ו ב אָ ר ג: אפריהער פערשפרעכט מיר — גיט מיר אייער עהרען־ווארט — אז דאָס וואָס איך פערטרוי אייך איצטער — זאָל טייא קיינמאָל ניט וויסען.

ה ע ד ד א: איך גיב אייך מיין וואָרט.

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: גוט. איצט לאָזט מיר אייך דערצעהלען, אז דאָס וואָס איך האָב אקאָרשט געזאָגט איז ניט געוועז אמת.

ה ע ד ד א: מכח דעם מאנוסקריפט?

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: יא. איך האָב עס ניט צעררינסען אויף שטיקלעך — און ניט אריינגעוואָרפען אין פיאָרד.

ה ע ד ד א: ניין, ניין — אָבער — וואו איז עס דען?

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: איך האָב עס אָבער אלץ איינס פערניכ־טעט — לחלוטין פערניכטעט, העדדא!

ה ע ד ד א: איך פערשטעה ניט.

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: טייא האָט געזאָגט, אז איהר זעהט אויס וואָס איך האָב געטהאָן ווי א קינדער־מאָרד.

ה ע ד ד א: יא, אזוי האָט זי געזאָגט.

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: אָבער הרג'נען זיין קינד — דאָס איז נאָך ניט דאָס ערגסטע וואָס א פאָטער קען טהאָן.

ה ע ד ד א: ניט דאָס ערגסטע?

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: ניין. איך האָב געשאָנעוועט טייא'ן און האָב ניט געוואָלט זי זאָל הערען דאָס ערגסטע.

ה ע ד ד א: וואָס איז דען דאָס ערגסטע?

ל אַ ו ו ב אַ ר ג: שטעלט זיך פאָר, העדדא, אז א מאן קומט אהיים — א שעה פאר טאָג — צו זיין קינד'ס מוטער, נאָכדעם ווי ער האָט פערבראכט א נאכט אין ווילדער אויסגעלאסענהייט, און זאָגט: „הארך — איך בין געוועזן דאָרטן און דאָרטן, אין דעם פלאַץ און אין יענעם. און איך האָב מיטגענומען מיט זיך אונזער קינד — אין דעם פלאַץ און אין יענעם. און איך האָב פערלאָרען דאָס קינד — לחלוטין פערלאָרען עס. דער טייוועל וויים אין וועלכע הענד ער האָט געקענט אריינפאלען — ווער עס האָט געקענט ארויפלעגען זיינע לאַפּעס אויף איהם".

ה ע ד ד א: גוט — אָבער אז מען בערעכענט זיך צום סוף — איז עס דאָך געוועזן נישט מעהר ווי א בוך —

ל א ו ו ב א ר ג: טייא'ס ריינע נשמה איז געווען אין דעם בוך.

ה ע ד ד א: יא, אזוי פערשטעה איך עס.

ל א ו ו ב א ר ג: און איהר קענט אויך פערשטעהן, אז פאר איהר און מיר צוזאמען איז שוין קיין צוקונפט נים מעגליך.

ה ע ד ד א: אויף וואס פאר א וועג, אלזא, מיינט איהר זיך איצטער צו נעהמען?

ל א ו ו ב א ר ג: קיין וועג נים. איך וועל נור זעהן מא־כען א סוף פון אלעם — און וואס גיכער, אלץ בעסער.

ה ע ד ד א: (געהט צו צו איהם א טריט נעהנטער) עילערט לאוובארג — הערט זיך צו צו מיר — ווילט איהר נים זעהן — נים זעהן דאס צו טהאן ש ע ה ן?

ל א ו ו ב א ר ג: שעהן? (שמייכעלט) מיט וויינטרויב־בלעטער אין די האאר, ווי איהר פלעגט טרוימען אמאל, אין די אלטע צייטען? —

ה ע ד ד א: ניין, ניין. אין די וויינטרויב־בלעטער גלויב איך נים מעהר. אבער דאך, שעהן זאל עס זיין! כאטשע איין מאל! — אדיע! איהר מוזט איצט אוועקגעהן — און קומט אהער מעהר קיינמאל נים.

ל א ו ו ב א ר ג: אדיע, מאדאם טעסמאן. און גריסט זשארש טעסמאן. (ער האלט שוין ביים געהן.)

ה ע ד ד א: ניין, ווארט נאך! איך מוז אייך געבען אן אנדענקען אויף מיטצונעהמען.

(זי געהט צו צום שרייבטיש, עפענט דעם שופלאד און דאס פיסטא־לעטען־שאכטעל; דאן קעהרט זי זיך אום צו לאוובארג מיט איינעם פון די פיסטאלעטען.)

ל א ו ו ב א ר ג: (קוקט אויף איהר) אה ד א ס? איז דאס דער אנדענקען?

ה ע ד ד א: (שאקעלט לאנגזאם מיט'ן קאפ) דערקענט איהר עס? אמאל איז עס שוין געווען אנגעשטעלט אויף אייך.

לאַוובאַרג: איהר האָט עס דאן בעדארפט געברויכען.

הערדא: נעהמט עס און געברויכט איהר דאָס איצ־טער.

לאוובארג: (לעגט אריין דעם פיסטאָלעט אין זיין בוזים־קעשענע) איך דאנקע!

הערדא: און שעהן זאָלט איהר עס מאכען, עילערט לאַוובאַרג. פערשפרעכט מיר דאָס!

לאַוובאַרג: אדיע, הערדא גאבלער. (ער געהט ארוים דורך די קאָרידאָר־טיר.)

(הערדאַ הערט זיך צו א וויילע ביי דער טיר. דאַן געהט זי צו צום שרייבטיש. נעהמט ארויס דעם מאנוסקריפט, קוקט אריין אונטערן מאַוועל, ציהט האַלב ארויס עטליכע בלעטער און קוקט אויף זיי. דער־נאָך געהט זי אריבער און זעצט זיך אין לעהן־שטוהל נעבען אויווען מיט'ן פאקעט אויף איהר שויס. א וויילע ארום עפענט זי אויף דאָס טירעל פון אויוועז, און דאן דעם פאקעט.)

הערדא: (ווארפט אריין איינעם פון די בויגענס אין פייער און מורמעלט צו זיך:) איצט פערברען איך דיין קינד, טייא! איך פערברען עס, דו געגרייזעלטע האָאר! (ווארפט אריין נאָך עטליכע בויגענס אין אויוועז) דיין קינד און עילערט לאַוובאַרג'ס. (ווארפט די איבריגע אריין) איך פערברען — איך פערברען דיין קינד.



# פיערטער אקט.

דיזעלבע צימערן אין טעסמאן'ס הויז. אבענד. אין זאַאל איז טונקעל. דער הינטערצימער איז בעלויכטען פון'ם הענגלאַמפּ איבערן טיש. די פאָרהאנגען אויף דער גלעזערנער טיר זיינען פעסט פערצויגען.

העדדא, אנגעטאָן אין שווארצען, שפּאַצירט ארום הין און צוריק אין טונקעלען צימער. דאן געהט זי אריין אין הינטערסטען צימער און פערשווינדט א ווייַלע לינקס. עס הערט זיך ווי זי נעהמט אַ פּאָר טענער אויפ'ן פּיאַנאָ. באַלד קומט זי ווידער ארויס און קעהרט זיך אום צוריק אין זאַאל.

בערטא קומט אריין פון רעכטס, דורכ'ן מיטעלסטען צימער, מיט אן אנגעצונדענעם לאַמפּ, וועלכען זי שטעלט אוועק אויפ'ן טיש נעבען ווינקעל זאָפע אין זאַאל. איהרע אויגען זיינען רויט פון וויינען און זי טראָגט שווארצע בענדער אויף איהר הויבעל. זי געהט ארויס שטיל און פאָרזיכטיג רעכטס. העדדא געהט צו צו דער גלעזערנער טיר, רוקט דעם פאָרהאנג אַ ביסעל אָן א זייט און קוקט ארויס אין די פינ־סטערניש.

א ווייַלע שפּעטער קומט אריין פרייליין טעסמאן, אין טרויער־קליידער מיט א הוט און א שלייער, פון קאָרידאָר. העדדא געהט איהר אנטקעגען און שטרעקט איהר אויס די האנד.

פרייל. טעסמאן: יא, העדדא, איך קום איצט אין טרויער און אַ פערלאָזענע; דען מיין אָרימע שוועסטער האָט ענדליך געפונען רוה.

העדדא: ווי איהר זעהט, האָב איך שוין געהערט די נייעס. טעסמאן האָט מיר געשיקט א קאַרטע.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: יא, ער האָט מיר פערשפּראָכען דאָס צו טהאָן. דאָך האָב איך גערעכענט, אז דאָ צו הערדא'ן — אין דעם הויז פון לעבען — מוז איך אליין ברייגגען די נאכריכט פון טוידט. —

ה ע ד ר א: דאָס איז זעהר שעהן פון אייך.

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: אה, רינא האָט אונז ניט גע־דארפט פערלאָזען גראָד איצטער. איצט איז ניט די צייט הערדא'ס הויז זאָל זיין א הויז פון טרויער.

ה ע ד ר א: (בייט אום דעם געשפּרעך) זי איז געשטאָרבען גאנץ רוהיג, ניט וואהר, פריילין טעסמאן?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: אָה, איהר ענדע איז געווען אזוי רוהיג, אזוי שעהן. און זי איז געווען אזוי גליקליך וואָס זי האָט געקענט זעהען זשאָרזש'ן נאָך אמאָל — און זיך זעגענען מיט איהם. — איז ער נאָך ניט געקומען?

ה ע ד ר א: ניין. ער האָט געשריבען, אז עס קען זיין ער וועט זיך פערזאמען. אָבער ווארום זיצט איהר ניט?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: ניין, איך דאנק, מיין ליעבע, ליעבע הערדא. איך וואָלט גערן געזעסען א ווייל, איך האָב אָבער אזויפיעל צו טהאָן. איך מוז פּאָרבערייטען פאר מיין טייערער שוועסטער'ס רוה, אזוי גוט ווי איך קען. שעהן אויסגעבעט און זויבער זאָל זי ליעגען אין איהר קבר.

ה ע ד ר א: קען איך אייך אפשר העלפען מיט עטוואָס?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: אה, דו מוזט גאָר ניט טראכטען וועגען דעם! הערדא טעסמאן דארף זיך ניט מישען אין אזעלכע טרויעריגע ארבייט. אפילו איהרע געדאנקען דארפען זיך ניט אָב־שטעלען אויף דעם — ניט ביי איצטיגער צייט.

ה ע ד ר א: מען קען ניט אלעמאָל זיין דער בעל־הבית איבער די אייגענע געדאנקען —

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: (זעצט פאָרט) אָה, יא — אזוי געהט עס אויף דערוועלט. צו הויז וועלען מיר נעהען תכריכים,

און דאָ וועט מען מסתמא אויך באַלד עפּעס נעהען — אָבער אַנ־אַנדער סאָרט געגנעה, אַ דאַנק גאָט!

(זשאָרזש פּעסמאַן קומט אַריין דורכ'ן קאָרידאָר־טיר.)

הערדראַ: אַה, ביזט געקומען — ענדליך!

טעסמאַן: דו ביזט דאָ, טאַנטע יוליא? מיט העדדאַ'ן? רעדנק גור!

פרייל. טעסמאַן: איך האָב זיך שוין געקליבען אוועקגעהן, מיין ליעבער יונג. נו, האָסטו געטהאָן אַלץ וואָס דו האָסט פערשפּראָכען?

טעסמאַן: ניין; איך האָב מורא אַז אַ העלפט דערפון האָב איך אפשר פערגעסען. מאָרגען וועל איך אַריינגעהן צו דיר וויעדער. דער קאָפּ איז מיר היינט אַזוי פערדרעהט, אַז איך קען מיינע געדאַנקען ניט צוזאַמענהאַלטען.

פרייל. טעסמאַן: אָבער, מיין ליעבער זשאָרזש, דו מוזט זיך ניט נעהמען אַזויפיעל צום האַרצען.

טעסמאַן: איך מוז ניט? — ווי מיינסטו דאָס?

פרייל. טעסמאַן: אַפילו אין דיין שמערץ מוזטו זיך פרעהען, ווי איך — זיך פרעהען וואָס זי איז געקומען צו איהר רוה.

טעסמאַן: אַה יאַ, יאַ — דו רעדנקסט וועגען טאַנטע רינאַ.

העדדאַ: איהר וועט איצט פיהלען איינזאַם, פריילין טעסמאַן.

פרייל. טעסמאַן: אין אָנהויב, יאַ. איך האָף אָבער אַז עס וועט ניט דויערן זעהר לאַנג. איך מיין אַז איך וועל באַלד האָבען אַ שכן פאַר דער אָרימער רינאַ'ס קליינעם צימער.

טעסמאַן: ווירקליך? ווער, רעדנקסטו, וועט עס נעה־מען, האַ?

פרייל. טעסמאַן: אַה, עס געפינט זיך שוין אַן

פרימער אינוואליד, פרער עפעס אנאנדערער וואס דארף מען זאל ארום איהם ארומגעהן, ליידער גאטעס.

ה ע ד ד א: און איהר וואלטווירקליך געהמען אויף זיך וויעדער אזא לאסט?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: א לאסט! זאל דיר גאט פער־ציהען פאר דיינע רייד, קינד — עס איז פאר מיר ניט געווען קיין לאסט.

ה ע ד ד א: אבער ווען איהר וואלט געדארפט ארומגעהן ארום א גאנץ פרעמדען? —

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: אה, מיט קראנקע מענשען ווערט מען שנעל בעפריינדעט; און איך מוז נויטוועגדיג האבען אי־מעצען פון וועמענס וועגען צו לעבען. נו, געלויבט דער אויבערשטער דא אין הויז קען אויך באלד עפעס זיין, ביי וואס אן אלטע טאנטע קען צוניץ קומען.

ה ע ד ד א: אה, זארגט זיך ניט וועגען קיין זאך דא ביי אונז.

ט ע ס מ א ן: יא, שטעל זיך נור פאר ווי גוט עס וואלט געווען אונז דרייען, ווען —

ה ע ד ד א: ווען —?

ט ע ס מ א ן: (אונרוהיג) אה, גארנישט. עס וועט שוין גוט זיין. מיר וועלען האפען, הא?

פ ר י י ל. ט ע ס מ א ן: יא, יא, איהר ביידע ווילט אודאי רעדען צווישען זיך. (שמייכעלט) און אפשר האט אויך העדדא דיר וואס צו דערצעהלען, זשארזש. אדיע! איך מוז געהן אהיים צו רינא. (קעהרט זיך אום ביי דער טיר) ווי זאנדערבאר דאס איז זיך פארצושטעלען, אז איצט איז רינא צוגלייך אי ביי מיר, אי ביי מיין זעליגען ברודער!

ט ע ס מ א ן: יא, שטעל זיך דאס פאר, טאנטע יוליא! הא?

(פריילין טעסמאן געהט ארויס דורך די קארידאר־טיר.)

**הערדא:** (קוקט נאָך טעסמאַן'ען קאלט און פאַרשעמט מיט די אויגען) איך גלויב כמעט אז דו געהסט זיך מעהר צום הארצען דיין טאנטע רינא'ס טוידט, איידער טאנטע יוליא אליין.

**טעסמאַן:** אה, עס איז ניט דאַס אליין. װעגען עילערט'ן בין איך דאָס אזוי שרעקליך אונרוהיג.

**הערדא:** (האסטיג) װײסטו עפּעס נייעס װעגען איהם?

**טעסמאַן:** איך בין ארײנגעגאנגען היינט נאָכמיטאָג אויף זיין קווארטיר כדי איהם צו זאָגען אז זיין מאנוסקריפּט געפינט זיך אין גוטע הענד.

**הערדא:** נו, האָסט איהם ניט געטראָפען?

**טעסמאַן:** ניין. ער איז ניט געװען אין דער היים. שפּעטער אָבער האָב איך בעגעגענט פרוי עלװסטעד, האָט זי מיר געזאָגט, אז ער איז דאָ געװען היינט אין דער פריה.

**הערדא:** יאָ, גלייך נאָכדעם װי דו ביזט געװען אװעקגעגאנגען.

**טעסמאַן:** און ער האָט געזאָגט, אז ער האָט צעררייסען דעם מאנוסקריפּט אויף שטיקלעך, הא?

**הערדא:** יאָ, אזוי האָט ער געזאָגט.

**טעסמאַן:** נו, מיין גאָט, ער האָט אודאי געמוזט זיין אויסער זיך! און דו האָסט געװיס גערעכענט, אז ס'איז בעסער איהם דאָס ניט אָבצוגעבען, הערדא?

**הערדא:** ניין, ער האָט עס ניט בעקומען.

**טעסמאַן:** אָבער דו האָסט איהם, פערשטעהסט זיך, געזאָגט אז מיר האָבען עס?

**הערדא:** ניין. (שנעל) האָסטו געזאָגט פרוי עלװסטעד?

**טעסמאַן:** ניין; איך האָב איהר דאָס ניט געװאָלט זאָגען. אָבער **איהם** האָסטו יאָ געדארפט זאָגען. דענק נור, אין פערצװייפלונג קען ער זיך נאָך עפּעס אַ מעשה אָנטהאָן! גיב מיר נור דעם מאנוסקריפּט, הערדא, און איך װעל עס איהם די מינוט אװעקטראָגען. װאו איז עס?

ה ע ד ר א: (קאלט און אונבעוועגליך, שטעהט אנגעשפארט
אויפ'ן לעהן-שטוהל) איך האב עס ניט.

ט ע ס מ א ן: ד ו  ה א ס ט  ע ס  נ י ט? וואס מיינ-
סטו דערמיט?

ה ע ד ר א: איך האב עס פערברענט — ביז'ן לעצטען בלע-
טיל.

ט ע ס מ א ן: (כאפט זיך אויף א דערשראקענער) פ ע ר-
ב ר ע נ ט! האסט פערברענט עילערט'ס מאנוסקריפט!

ה ע ד ר א: שריי ניט אזוי! די דיענסט וועט דיך דער-
הערען.

ט ע ס מ א ן: פערברענט! אך, ליעבער גאט —! ניין,
ניין, ניין! עס קען ניט זיין!

ה ע ד ר א: עס איז אבער דאך א פאקט.

ט ע ס מ א ן: ווייסטו וואס דו האסט געטאהן, העדרא?
דאס הייסט דאך אונגעזעצליך פערכאפען פרעמדען אייגענטום.
דענק נור! דו פרעג נור ריכטער בראק, וועט ער דיר זאגען וואס
דאס הייסט.

ה ע ד ר א: איך ראטה דיר דו זאלסט וועגען דעם ניט רעד-
דען — ניט צו ריכטער בראק און אויך ניט צו קיין אנדערן.

ט ע ס מ א ן: אבער ווי אזוי האסטו געקענט טהאן אזא
אונערהערטע זאך? ווי איז דאס דיר איינגעפאלען? וואס פאר
א שגעון איז אויף דיר אנגעקומען? ענטפער מיר נור דאס — הא?

ה ע ד ר א: (אונטערדריקט א קוים-בעמערקליכען שמייכעל)
איך האב עס געטהאן פון דיינעטוועגען, זשארזש.

ט ע ס מ א ן: פון מיינעטוועגען?!

ה ע ד ר א: היינט אין דער פריה, ווען דו האסט מיר דער-
צעהלט וועגען וואס ער האט דיר פארגעלעזען —

ט ע ס מ א ן: יא, יא — איז וואס?

ה ע ד ר א: האסטו מודה געווען, אז דו האסט איהם מקנא
געווען זיין ווערק.

ט ע ס ט מ א ן: נו, עס פערשטעהט זיך, אז איך האָב עס ניט געמיינט בוכשטעבליך.

ה ע ד ר א: קיין אונטערשיעד ניט — איך האָב ניט געקענט אריבערטראָגען דעם געדאנק, אז אימיצער זאָל דיך אריבערשטייגען.

ט ע ס ט מ א ן: (שרייט אויס מיט א געפיהל געמישט פון צווייפעל און פרייד) העדרא! אה, איז דאָס אמת וואָס דו זאָגסט? יא — אָבער — איך האָב פריהער ניט בעמערקט דו זאָלסט אָט אזוי האָבען ארויסגעצייגט דיין ליעבע. דענק נור!

ה ע ד ר א: יא, איך קען עס דיר גראָדע אזוי גוט זאָגען — גלייך איצטער — (האלט זיך אָב אונגעדולדיג) ניין, ניין. דו קענסט פרעגען טאַנטע יוליא. ז י וועט דיר זאָגען שנעל גענוג.

ט ע ס ט מ א ן: אה, מיר דאכט זיך כמעט אז איך פערשטעה דיך, העדרא! (קלאפט צונויף די הענד) ליעבער גאָט! מיינסט דאָס טאקע אויף אן אמת! הא?

ה ע ד ר א: שריי דאָך ניט אזוי. די דיענסט קען דיך דערהערען.

ט ע ס ט מ א ן: (לאכט און קען זיך ניט איינהאלטען פון שמחה) די דיענסט! ווי מאָדנע דו ביזט, העדרא. עס איז דאָך נור מיין אלטע בערטא! וואָס הייסט? איך וועל בערטא'ן אליין דערצעהלען.

ה ע ד ר א: (דריקט צונויף איהרע הענד אין פערצווייפלונג) אה, איך וועל עס ניט אויסהאלטען — איך וועל דאָס אלעס ניט אויסהאלטען!

ט ע ס ט מ א ן: וואָס איז, העדרא? הא?

ה ע ד ר א: (קאַלט, קאָנטראָלירט זיך) אָט דעם גאנצען — אונזין, זשאָרזש.

ט ע ס ט מ א ן: אונזין! וואָס פאר אן אונזין זעהסטו אין דעם וואָס איך פרעה זיך מיט די ניעס? און פערקעהרט — אפשר וועל איך עס בעסער ניט דערצעהלען בערטא'ן.

הערדא: אה, — פארוואס טאקע ניט דאס אויך?

טעסמאן: ניין, ניין, דערוויל ניט! אבער טאנטע יוליא מוז איך עס גאנץ געווים דערצעהלען. און דאס אויך, וואס דו האסט מיך אנגעהויבען רופען זשארזש! דענק נור! אך, ווי טאנטע יוליא וועט זיין גליקליך — אזוי גליקליך!

הערדא: ווען זי וועט הערען אז איך האב פערברענט עילערט לאוובארג'ס מאנוסקריפט פון דיין טובה וועגען?

טעסמאן: ניין, אגב — וועגען דער מעשה מיט'ן מא־נוסקריפט — נאטירליך דארף קיינער ניט וויסען וועגען דעם. אבער אז דו ברענסט (פון ליעבע) פאר מיר, הערדא — דעריין מוז איך טיילען מיין פרייד מיט טאנטע יוליא! איך וואלט נור וועלען וויסען, צי דאס איז א געוועהנליכע זאך ביי יונגע פרויען? הא?

הערדא: איך דענק, אז די פראגע האסטו אויך נעדארפט פרעגען ביי טאנטע יוליא.

טעסמאן: דאס וועל איך טאקע פרעגען ווען עס איז. (ווערט אונרוהיג און ווידער אומעטיג) און דאך דער מאנוסקריפט — דער מאנוסקריפט! ליעבער גאט! עס איז שרעקליך צו דענ־קען וואס וועט איצטער ווערען פון דעם ארימען עילערט'ן.

(פרוי עלווסטעד, אנגעטאן ווי אין ערשטען אקט, אין א הוט און מאנטעל קומט אריין פון קארידאר־טיר.)

פרוי עלווסטעד: (גריסט זיי האסטיג און זאגט אין אויפרעגונג) אה, ליעבע הערדא, ענטשולדיג וואס איך קום ווידער.

הערדא: וואס האט דיר פאסירט, טייא?

טעסמאן: ווידער עפעס וועגען עילערט לאוובארג — הא?

פרוי עלווסטעד: יא! איך האב שרעקליך מורא, אז איהם האט אודאי געטראפען עפעס אן אומגליק.

הערדא: (כאפט איהר פאר ביים האנד) אה — דו דענקסט אזוי?

ט ע ס ט מ א ן: אבער, מיין גאָט — פאר וואָס דענקט איהר אזוי, פרוי עלוואסטער?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: אויף מיין קווארטיר האָב איך געהערט מענשען רעדען וועגען איהם — באלד ווי איך בין אריינגעקומען. אה, עס געהען ארום וועגען איהם היינט די אונגלויבליכסטע געשיכטען.

ט ע ס ט מ א ן: יא, מאָלט אייך, איך האָב עס אויך געהערט! און איך קען דאָך ערות זאָגען אז ער איז לעצטע נאכט געגאנגען דירעקט אהיים שלאָפען. בערעכענט נור!

ה ע ד ד א: נו, וואָס האָבען זיי געזאָגט אויף דיין קווארטיר?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: אה, איך האָב פון זיי גאָרנישט געקענט אויסגעפינען אויף קלאָר. ענטוועדער זיי האָבען אליין קיין זאך בעשטימט נים געוואוסט, אָדער אפשר — ווי זיי האָבען מיך דערזעהן, האָבען זיי אויפגעהערט רעדען; און איך האָב קיין מוטה נים געהאט צו פרעגען.

ט ע ס ט מ א ן: (געהט ארום אונרוהיג) מיר מוזען האָפען — מיר מוזען האָפען אז איהר האָט זיי שלעכט פערשטאנען, פרוי עלוואסטער.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: ניין, ניין; איך בין זיכער, אז דאָס האָבען זיי גערעדט וועגען איהם. און איך האָב עפּעס געהערט וועגען א האָספּיטאל, אָדער —

ט ע ס ט מ א ן: א האָספּיטאל?

ה ע ד ד א: ניין — עס קען נים זיין!

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: אָה, איך האָב געפיהלט אזא טוידט־שרעקעניש! איך בין אוועק אויף זיין קווארטיר און האָב זיך דאָרט נאָכגעפרעגט אויף איהם.

ה ע ד ד א: און דו האָסט זיך געקענט בעשליסען דאָס צו טהאָן, טייא!

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ר: וואָס דען האָב איך געקענט

טהאָן? איך האָב די אונזיכערהייט שוין מעהר ניט געקענט אריי־ בערטראָגען.

ט ע ס מ א ן: אָבער דאָרטן האָט איהר איהם אויך ניט גע־ פונען, הא?

פ ר וי ע ל וו ס ט ע ד: ניין, זיי האָבען דאָרטן קיין זאך ניט געוואוסט וועגען איהם. ער איז ניט געווען צו־הויז, האָבען זיי געזאָגט, זינט געסטערן נאָכמיטאָג.

ט ע ס מ א ן: זינט געסטערן! בערעכענט נור, ווי אזוי קענען זיי דאָס זאָגען?

פ ר וי ע ל וו ס ט ע ד: אה, איך בין זיכער אז עפּעס א שרעקליכע זאך האָט איהם געמוזט פּאַסירען.

ט ע ס מ א ן: מיין ליעבע העדדא — וואָס דענקסטו, ווען איך זאָל אריבערגעהן זיך נאָכפרעגען — ?

ה ע ד ד א: ניין, ניין — דו מיש זיך נור ניט אריין אין דעם.

(ריכטער בראק, מיט'ן הוט אין האנד, קומט אריין פון קאָרידאָר־ טיר, וועלכע בערטא האָט געעפענט פאר איהם. ער האָט אן ערנסטען אויסזעהן און פערנייגט זיך שווייגענדיג.)

ט ע ס מ א ן: אָה, דאָס זייט איהר, מיין ליעבער ריכטער, הא?

ב ר א ק: יא, איך האָב אונבעדינגט געמוזט קומען אייך זעהן נאָך היינט אין אָבענד.

ט ע ס מ א ן: איך קען אויף אייך זעהן, אז איהר האָט שוין געהערט די נייעס וועגען טאנטע רינא.

ב ר א ק: יא, דאָס אויך צווישען אנדערע זאכען.

ט ע ס מ א ן: איז עס ניט טרויעריג, הא?

ב ר א ק: יא, מיין ליעבער טעסמאן, דאָס ווענדט זיך ווי איהר קוקט אויף דעם.

ט ע ס מ א ן: (קוקט איהם אן אונזיכער) האָט עפּעס נאָך וואָס פּאַסירט?

ב ר א ק: יא.

ה ע ד ד א: (געשפאַנט) עטוואָס טרויעריגעס, הערר ריכ־טער?

ב ר א ק: דאָס הענגט אויך אָב ווי מען קוקט אויף דעם, מאדאם טעסמאַן.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (קען שוין מעהר זיך ניט איינ־האַלטען) אָה! עס איז געווים עטוואָס ווענגען עילערט לאָווכאָרג!

ב ר א ק: (טהוט אויף איהר א קוק) פון וואנען נעהמט איהר עס, מאדאם? האָט איהר אפשר שוין עפּעס געהערט —?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (צוטומעלט) ניין, גאָרנישט, אָבער —

ט ע ס מ א ן: אה, אום גאָטעס ווילען, דערצעהלט שוין!

ב ר א ק: (צוקט מיט די אקסלען) נו — לייד־ער — עילערט לאָווכאָרג'ן האָט מען היינט אָבגעפיהרט אין האָספּיטאָל. ער איז אין א געפעהרליכען צושטאנד.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (מיט א געשריי) אך גאָט! אך גאָט! —

ט ע ס מ א ן: אין האָספּיטאָל! און ער איז געפעהרליך!

ה ע ד ד א: (כאַפּט זיך ארויס ניט ווילענדיג) אזוי שנעל, אלזאָ —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (קלאָגט) און מיר זיינען זיך פונאנדערגעגאנגען אין כעס, העדדא!

ה ע ד ד א: (זאָגט איהר אין דער שטיל) טייא — טייא — זיי פאַרזיכטיג!

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (שענקט איהר ניט קיין אכטונג) איך מוז געהן צו איהם! איך מוז איהם נאָך זעהן ביים לעבען!

ב ר א ק: עס איז אומזיסט, מאדאם. מען לאָזט צו איהם קיינעם ניט צו.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אה, דאן זאָגט מיר ווענינגסטענס וואָס האָט פּאסירט מיט איהם? וואָס איז געווען?

ט ע ס מ א ן: איהר מיינט דאָך ניט, אז ער האָט זיך אליין — האַ?

ה ע ד ד א: יא, איך בין זיכער אז ער האָט עס אליין גע־טהאָן.

ט ע ס מ א ן: העדדא — ווי אזוי קענסטו — ?

ב ר א ק: (ניט ארונטערנעהמענדיג פון איהר די אויגען) איהר האָט לײדער ריכטיג געטראָפען, מאדאם טעסמאן.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אך, ווי שרעקליך!

ט ע ס מ א ן: אליין, הייסט עס, בערעכענט נור!

ה ע ד ד א: ער האָט זיך דערשאָסען!

ב ר א ק: ווידער ריכטיג געטראָפען, מאדאם טעסמאן.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (זוכט זיך צו בעהערשען) ווען האָט עס פאסירט, הערר בראק?

ב ר א ק: היינט נאָכמיטאג — צווישען דריי און פיער.

ט ע ס מ א ן: אָבער, מיין גאָט, וואו האָט ער עס געטהאָן, האַ?

ב ר א ק: (עטוואָס צוריקהאלטענדיג זיך) וואו? נו — מסתמא אויף זיין קוואַרטיר.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: ניין, דאָס קען ניט זיין; דען איך בין דאָרט געווען צווישען זעקס און זיעבען.

ב ר א ק: נו, דאן האָט ער געמוזט זיין ערגיץ אנדערשוואו. איך ווייס ניט גענוי. איך ווייס נור, אז מען האָט איהם געפונען — ער האָט זיך געשאָסען — אין ברוסט.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אָה, ווי שרעקליך! ער זאָל שטארבען מיט אזא טוידט!

ה ע ד ד א: (צו בראַק) אין ברוסט האָט ער זיך געשאָסען?

ב ר א ק: יא — ווי איך האָב אייך געזאָגט.

ה ע ד ד א: ניט אין די שלייפען?

ב ר א ק: אין דער ברוסט, מאדאם טעסמאן.

ה ע ד ר א: יא, יא — אין ברוסט איז אויך א גוטער פלאץ.

ב ר א ק: ווי מיינט איהר, מאדאם טעסמאן?

ה ע ד ר א: (אבווייזענדיג) אה גארנישט — גארנישט.

ט ע ס מ א ן: און די וואונד, זאגט איהר, איז א געפעהר־ליכע, הא?

ב ר א ק: יא, אבסאלוט טוידטליך. ביי דער צייט מוז ער שוין זיין געשטארבען.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: יא, יא, איך פיהל עס. עס איז א סוף! א סוף! אה, העדדא — !

ט ע ס מ א ן: זאגט מיר נור, ווי אזוי האט איהר עס אלעס זיך דערוואוסט?

ב ר א ק: (קורץ) דורך איינעם פון דער פאליציי. א מענ־שען מיט וועמען איך האב געוויסע געשעפטען.

ה ע ד ר א: (מיט א קלארע שטימע) ענדליך אמאל א ווירדי־גע טהאט!

ט ע ס מ א ן: (א דערשראקענער) מיין גאט, העדדא! וואס רעדסטו?

ה ע ד ר א: איך זאג אז אין דער טהאט איז דא עטוואס שעהנעס.

ב ר א ק: ה'ם, מאדאם טעסמאן —

ט ע ס מ א ן: שעהנעס! דענק נור!

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אה, העדדא, ווי קענסטו רעדען וועגען שעהנקייט אין אזא טהאט?

ה ע ד ר א: עילערט לאוובארג האט אליין אבגעמאכט זיי־נע חשבונות מיט'ן לעבען. ער האט געהאט דעם מוטה צו טהאן — די איינציג ריכטיגע זאך.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: ניין, גלויב ניט אז אזוי איז דאס צוגעגאנגען! ער איז מסתמא ניט געווען ביים זין ווען ער האט דאס געטהאן.

טעסמאן: אין פערצווייפלונג!
העדדא: דאס איז נים אזוי. איך בין איבערצייגט רע־ריין.

פרוי עלוווסטער: יא, יא! אין וואהנזין! פונקט ווי בעת ער האט צעררסען אונזער מאנוסקריפט.
בראק: (שטעלט זיך אב) דעם מאנוסקריפט? האט ער עס צעררסען?

פרוי עלוווסטער: יא, לעצטע נאכט.
טעסמאן: (רעדט אין דער שטיל) אה, העדדא, מיר וועלען דאס נים אריבערטראגען.
בראק: הם, זעהר זאנדערבאר.
טעסמאן: (געהט ארום איבער'ן צימער) ווען מען דענקט נור אז עילערט זאל אזוי אוועקגעהן פון דער וועלט! און נים לאזען נאך זיך דאס בוך, וואס וואלט אונשטערבליך געמאכט זיין נאמען —

פרוי עלוווסטער: אך, ווען מען וואלט עס געקענט ווידער צוזאמענשטעלען!
טעסמאן: יא, ווען מען וואלט עס נור געקאנט! וואס וואלט איך נים געגעבען דערפאר —
פרוי עלוווסטער: אפשר קען מען, הערר טעסמאן.
טעסמאן: וואס מיינט איהר?
פרוי עלוווסטער: (זוכט אין איהר קלייד־טאש) קוקט זיך נור איין. איך האב געהאלטען אלע לויזע פאפיערלעך, פון וועלכע ער פלעגט דיקטירען צו מיר.
העדדא: (געהט צו א טריט נעהנטער) אך —!
טעסמאן: איהר האט זיי געהאלטען, פרוי עלוווסטער, הא?

פרוי עלוווסטער: יא, איך האב זיי דא. איך האב זיי אריינגעלעגט אין קעשענע ווען איך בין אוועקגעפאהרען פון דער היים. און אט זיינען זיי דא נאך —

ט ע ס מ א ן: אה, לאָזט מיר זיי נור א קוק טהאָן!

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד:(דערלאנגט איהם א פעקיל פאפיער) זיי זיינען אָבער אין אזא אונאָרדנונג — אלעס צומישט.

ט ע ס מ א ן: דענקט נור, ווען מיר וואָלטען דאך עפעס געקענט ארויסברייגגען פון דעם! אפשר ווען מיר זאָלען ביידע צונויפלעגען אונזערע קעפ —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אָה, יא — לאָמיר עס ווענינ־סטענס פרובירען —

ט ע ס מ א ן: מיר ווענען עס דורכפיהרען! מיר מ ו־ ז ע ן! איך גיב אָב מיין לעבען פאר דער אויפגאבע.

ה ע ד ד א: דו, זשאַרזש? דיין לעבען?

ט ע ס מ א ן: יא, אָדער ריכטיגער געזאָגט — וויפיעל צייט איך קען נור אָבשפארען. מיינע אייגענע זאמלונגען מוזען דערוויילע ווארטען. הערדא — דו פערשטעהסט, הא? איך בין דאָס שולדיג עילדערט'ס אנדענקען.

ה ע ד ד א: פיליכט.

ט ע ס מ א ן: אלזא, מיין טייערע פרוי עלווסטעד, לאָמיר זיך איננאנצען אָבגעבען דערצו. וואָס איז די פעולה צו גריבלען זיך איבער דאָס וואָס איז שוין פערפאלען, הא? מיר מוזען זעהען צו בעהערשען אונזער טרויער וויפיעל מעגליך, און —

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: יא, יא, הערר טעסמאן, איך וועל טהאָן דאָס בעסטע וואָס איך קען.

ט ע ס מ א ן: גוט, אלזא, קומט אהער. איך קען ניט רו־ הען ביז וואנען מיר וועלען האָבען דורכגעקוקט די אלע נאָטיצען. וואו זאָלען מיר זיך זעצען? דא? ניין, דאָרטן, אין הינטערשטען צימער. ענטשולדיגט מיר, מיין ליעבער ריכטער. קומט נור מיט מיר, פרוי עלווסטעד.

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אָה, ווען דאָס וואָלט נור מעג־ ליך געוועזען!

(טעסמאן און פרוי עלווסטעד געהען אין הינטערשטען צימער.

זי טהוט אוים איהר הוט און מאנטעל. זיי זעצען זיך ביידע אוועק ביים טיש אונטער'ן הענגלאמפ און פערטיעפען זיך באלד אונטערזוכענ־דיג פלייסיג די פאפיערען. העדדא געהט אריבער צום אייוועז און זעצט זיך אין לעהן־שטוהל. באלד געהט בראק צו צו איהר.)

ה ע ד ד א : (אין א נידעריגע שטימע) אה, וואס פאר א גע־פיהל פון פרייהייט אט די טהאט עילערט לאוובארג'ס גיט איינעם איבער.

ב ר א ק : פרייהייט, מאדאם העדדא? נו, נאטירליך, פאר איהם איז עס א בעפרייאונג —

ה ע ד ד א : איך מיין פאר מיר. עס גיט מיר א געפיהל פון פרייהייט, ווען איך וויס, אז אין דער וועלט איז נאך מעגליך צו בעגעהן אזא פרייווילינ מוטהיגע טהאט — א טהאט פון פרייער נאטירליכער שעהנקייט.

ב ר א ק : (שמייכעלט) ה'ם — מיין ליעבע מאדאם העד־דא —

ה ע ד ד א : אה איך וויס וואס איהר ווילט זאגען. דען איהר זייט אויך א סארט ספעציאליסט, ווי — נו, איהר ווייסט דאך!

ב ר א ק : (קוקט אויף איהר פעסט) עילערט לאוובארג איז אייך געווען טייערער איידער איהר ווילט עס וועלען זיך אליין מודה זיין. האב איך א טעות?

ה ע ד ד א : איך ענטפער ניט אויף אזוינע פראגען. איך וויס נור אז עילערט לאוובארג האט געהאט דעם מוטה צו לעבען זיין איינענעם לעבען אויף זיין איינענעם אופן. און דאן — די לעצטע גרויסע טהאט, מיט איהר שעהנקייט! אה! א מענש זאל האבען דעם ווילען און די קראפט אוועקצוווארפען דעם באנקעט פון לעבען — אזוי פריה.

ב ר א ק : עס טהוט מיר לייד, מאדאם העדדא — איך האב אבער מורא אז איך וועל מוזען רויבען פון אייך א שעהנע איינ־בילדונג.

ה ע ד ד א: אן איינבילדונג?

ב ר א ק: וועלכע וואָלט יעדענפאלס ניט לאנג אָנגעהאלטען.

ה ע ד ד א: וואָס מיינט איהר דערמיט?

ב ר א ק: עילערט לעָווברג האָט זיך ניט געשאָסען — — פרייווילינ.

ה ע ד ד א: ניט פרייווילינ?

ב ר א ק: ניין. די זאך האָט ניט פאסירט גענוי ווי איך האָב עס דערצעהלט.

ה ע ד ד א: (געשפאנט) האָט איהר עטוואָס פערשוויגען? זאָגט וואָס איז עס?

ב ר א ק: פון דער אָרימער פרוי עלווסטעד'ס וועגען האָב איך די פאקטען אביסעלע אידעאליזירט.

ה ע ד ד א: וואָס זיינען די פאקטען?

ב ר א ק: ערשטענס, אז ער איז שוין געשטאָרבען.

ה ע ד ד א: אין האָספיטאל?

ב ר א ק: יא — ניט קומענדיג צו בעזינונג.

ה ע ד ד א: וואָס נאָך האָט איהר פערשוויגען?

ב ר א ק: דאָס — אז דער פאל איז ניט פאָרגעקומען אויף זיין קווארטיר.

ה ע ד ד א: אה, דאָס איז קיין אונטערשיעד ניט.

ב ר א ק: און אפשר יא. דען איך מוז אייך דערצעהלען — עילערט לאָווברג'ן האָט מען געפונען א דערשאָסענעם אין — אין מאמזעל דיאַנא'ס פריוואט־צימער.

ה ע ד ד א: (וויל אויפשפרינגען, זינקט אָבער ווידער צוריק) דאָס איז אונמעגליך, הערר בראק! ער האָט ד אָ ר ט ן ניט געקענט היינט ווידער זיין.

ב ר א ק: ער איז דאָרט געווען היינט נאָכמיטאָג. ער איז דאָרט געגאנגען, האָט ער געזאָגט, אויפצו־מאָהנען עפּעס וואָס זיי זאָלען האָבען געהאט אוועקגענומען ביי איהם. ער האָט עפּעס ווילד גערעדט וועגען א פערלאָרען קינד —

העדרא: אה — דאָס אַלזאָ איז געווען די אורזאַך —

בראַק: איך האָב געקלערט אַז ער האָט מסתמא געמיינט זיין מאַנוסקריפּט; דאָ הער איך אָבער אַז ער האָט עס אַליין פערניכטעט. שטעל איך מיר פאָר, אַז דאָס האָט געמוזט זיין געלד־טאַש.

העדרא: יאַ, דאָס האָט עס געמוזט זיין. הייסט עס דאָרטן — דאָרטן האָט מען איהם געפונען?

בראַק: יאַ, דאָרטן. מיט אַן אָבגעפייערטען פּיסטאַלעט אין זיין בוזים־קעשענע. דער קויל איז געפאַלען אין אַ לעבענס־גע־פעהרליכען אָרט.

העדרא: אין דער ברוסט — יאָ.

בראַק: ניין — אין בויך.

העדרא: (קוקט אויף איהם מיט אַן אויסדרוק פון עקעל) דאָס נאָך אויך! אָה, וואָס פאַר אַ פלוך איז עס, אַז יערע זאַך, צו וואָס איך ריהר זיך צו, ווערט לעכערליך און געמיין!

בראַק: עס איז דאָ פאַראַן נאָך אַ פונקט, מאַדאַם העדרא — נאָך אַן אונאַנגענעהמער שטריך אין דער זאַך.

העדרא: און וואָס איז עס?

בראַק: דעם פּיסטאַלעט וואָס ער האָט געהאַט ביי זיך —

העדרא: (אָהן אָטהעם) נו? וואָס ווענען דעם?

בראַק: האָט ער געמוזט האָבען גע'גנב'ט.

העדרא: (שפּרינגט אויף) גע'גנב'ט! דאָס איז ניט אמת! ער האָט עס ניט גע'גנב'ט!

בראַק: עס איז ניטאָ קיין אַנדער ערקלערונג. ער האָט עס געמוזט האָבען גע'גנב'ט — שאַ!

(טעסמאַן און פרוי עלווסטעד זיינען אויפגעשטאַנען פון טיש אין הינטערסטען צימער און קומען אריין אין זאַאַל.)

טעסמאַן: (מיט די פּאַפּיערען אין ביידע הענד) העדרא, מען זעהט כמעט גאָרניט פאַר יענעם לאָמפּ. דענק נור!

העדרא: יאַ, איך דענק.

ט ע ס מ א ן: וואָלסטו אונז ערלויבען זיצען ביי דיין שרייב־טיש, הא?

ה ע ד ד א: פון מיינעטוועגען. (שנעל) ניין, ווארט א ווייל! לאָמיך איהם פריהער אָבריינינען!

ט ע ס מ א ן: אָה, דו דארפסט זיך נים בעמיהען, העדדא. עס איז דאָ גענוג פּלאץ.

ה ע ד ד א: ניין, ניין, לאָז מיך איהם אָבריינינען, זאָג איך! איך וועל נעהמען אָט די זאכען און זיי אוועקלעגען אויפ'ן פּיאנאָ. שוין!

(זי האָט ארויסגענומען א געגענשטאנד, צוגעדעקט מיט נאָטען־בלעטער, פון אונטער דער ביבער־פּאָליצע, לעגט ארויף אויף דעם נאָך נאָטען־בלעטער און טראָגט עס אלעס אוועק אין מיטעלסטען צימער לינקס. טעסמאן לעגט אוועק די שטיקלעך פּאַפּיער אויפ'ן שרייבטיש און רוקט איבער אהין דעם לאָמפּ פון ווינקעל־טיש. ער און פרוי עלווסטעד זעצען זיך און געהען אָן מיט זייער ארבייט. העדדא קעהרט זיך אום.)

ה ע ד ד א: (שטעהט אונטער פרוי עלווסטעד'ס שטוהל, שפּיעלט זיך לייכט מיט איהרע האָאר) נו, מיין זיסע טייא — ווי געהט עס מיט עילערט לעווּבאָרג'ס מאָנומענט?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (קוקט אויף איהר מוטהלאָז) אָה, עס וועט זיין שרעקליך שווער צו בריינגען עס צוריק אין אָרדנונג.

ט ע ס מ א ן: מיר מוזען עס אויספיהרען. איך בין ענטשלאָסען. און דאָן — בריינגען אין אָרדנונג אנאנדערנס פּאַפּיערען איז פּונקט די ריכטיגע ארבייט פאר מיר.

(העדדא געהט אריבער צום אוווען און זעצט זיך אויף איינעם פון די פוס־ביינקלעך. בראק שטעהט נעבען איהר אָנגעשפּארט אויף א לעהן־שטוהל.)

ה ע ד ד א: (שטילערהייט) וואָס האָט איהר געזאָגט וועגען דעם פּיסטאָלעט?

ב ר א ק: (זאכט) אז ער האָט איהם געמוזט גנב'נען.

ה ע ד ר א: פאר וואָס עפּעס דוקא גע'גנב'ט?

ב ר א ק: ווייל עס ט אָ ר ניט זיין קיין אנדער ערקלערונג, מאדאם העדדא.

ה ע ד ר א: ווירקליך?

ב ר א ק: (טהוט א קוק אויף איהר) עס פערשטעהט זיך עי־לערט לאָווּבאָרג איז דאָ געוועזן היינט אין דער פריה. אפשר ניט?

ה ע ד ר א: יא.

ב ר א ק: זייט איהר געוועזן אליין מיט איהם?

ה ע ד ר א: יא, א געוויסע צייט.

ב ר א ק: זייט איהר ניט ארויסגעגאנגען פאר א ווײַלע בעת ער איז דאָ געוועזן?

ה ע ד ר א: ניין.

ב ר א ק: דערמאָנט זיך נור. זייט איהר ניט ארויסגעגאנ־גען פאר א רגע?

ה ע ד ר א: יא, אפשר נור פאר א מינוט — אין קאָרידאָר ארייַן.

ב ר א ק: און וואו איז געלעגען אייער פּיסטאָלעטען־שאכ־טעל אין יענער צייט?

ה ע ד ר א: עס איז געווען פערשלאָסען אין —

ב ר א ק: נו, מאדאם העדדא?

ה ע ד ר א: דאָס שאכטעל איז געשטאנען דאָרט אויפ'ן שרייבטיש.

ב ר א ק: נו, ס'איז ניט נויטיג. איך האָב געזעהן דעם פּיסטאָלעט, וואָס מען האָט געפונען אין עילערט לאָווּבאָרג'ס קעשענע, און איך האָב איהם גלייך דערקענט: עס איז דער איינע־נער וואָס איך האָב געזעהן נעכטערן — און פריהער אויך.

ה ע ד ר א: האָט איהר איהם מיט זיך?

ב ר א ק: ניין, די פּאָליציי האָט איהם.

ה ע ד ר א: וואָס וועט די פּאָליציי מיט איהם טהאָן?

ב ר א ק: זיי וועלען זוכען ביז זיי וועלען געפינען צו וועמען ער געהערט.

ה ע ד ר א: דענקסט איהר אז זיי וועלען אויסגעפינען?

ב ר א ק: (בויגט זיך אריבער צו איהר און זאָגט שטיל) ניין, העדרא גאבלער — כל זמן איך וועל שווייגען, וועלען זיי ניט אויסגעפינען.

ה ע ד ר א: (קוקט אויף איהם א דערשראָקענע) און אויב איהר וועט נ י ט שווייגען — איז וואָס דאן?

ב ר א ק: (צוקט מיט די אקסלען) עס בלייבט אלעמאָל די מעגליכקייט, אז מען האָט דעם פיסטאָלעט גע'גנב'ט.

ה ע ד ר א: (פעסט) בעסער דער טוידט איידער דאָס.

ב ר א ק: (שמייכעלט) אזעלכע זאכען ז אָ ג ט מען — אָבער מען טהוט עס נים.

ה ע ד ר א: (נים ענטפערענדיג) און ווי איז אויב ער האָט נים גע'גנב'ט דעם פיסטאָלעט, און מען געפינט אוים דעם איינע־טהימער? וואָס איז יעמאָלט?

ב ר א ק: נו, העדרא — דאן קומט דער סקאנדאל.

ה ע ד ר א: דער סקאנדאל!

ב ר א ק: יא, דער סקאנדאל — פאר וועלכען איהר שרעקט זיך אזוי געפעהרליך. מען וועט אייך נאטירליך, ברייגנען פאר'ן געריכט — אי אייך, אי מאמזעל דיאנא'ן. זי וועט דארפען ער־קלערען ווי אזוי די זאך איז פאָרגעקומען — צי עס איז געווען א צופעליגער שאָס, אָדער א מאָרדטהאָט? צי דער פיסטאָלעט האָט אויסגעשאָסען בעת ער האָט איהם געוואָלט ארויסשלעפען פון קע־שענע, כדי איהר צו סטראשען? אָדער זי האָט ארויסגעריסען דעם פיסטאָלעט פון זיין האנד, האָט איהם דערשאָסען, און אריינ־געלעגט עס צוריק אין זיין קעשענע? גלויבען אויף איהר קען מען עס; דען זי איז א קערפערליך־שטארקע, יונגע פערזאָן — אָט די מאמזעל דיאנא.

ה ע ד ד א: אָבער א י ך האָב גאָרנישט צו טהאָן מיט דעם גאַנצען עקעלהאפטען עסק.

ב ר א ק: ניין, איהר וועט אָבער דארפען ענטפערן אויף דער פראגע: ווארום האָט איהר נעגעבען עילערט לאָווּבאָרג׳ן דעם פיסטאָלעט? און וואָס פאר־א שלוסען וועלען מענשען ציהען פון דעם פאקט וואָס איהר האָט עס איהם נעגעבען?

ה ע ד ד א: (לאָזט איהר קאָפּ ארונטערזינקען) דאָס איז אמת. דאָס האָב איך ניט איבערגעטראכט.

ב ר א ק: צום גליק איז אין דעם קיין געפאהר ניטאָ אזוי לאנג ווי איך זאָג גאָרנישט.

ה ע ד ד א: אזוי, הייסט עס, בין איך ביי אייך אין די הענד הערר בראק. פון איצט אָן און ווייטער וועל איך מוזען טאנצען נאָך אייער פייפעל.

ב ר א ק: (רעדט צו איהר זאנפט) ליעבסטע העדדא — גלויבט מיר — איך וועל מיין פּאָזיציע ניט מיסברויכען.

ה ע ד ד א: דאָך בין איך אלץ ביי אייך אין די הענד. אָב־העננינג פון אייער ווילען און פערלאנג. א שקלאַף, א שקלאַף, הייסט עס! (שטעהט אויף האסטיג) ניין, איך קען ניט אריבער־טראָגען דעם געדאנק דערפון! קיינמאָל ניט!

ב ר א ק: (קוקט זי אָן שפּאטהאפטיג) מען ווערט געוועהנט צו דאָס וואָס מען קען ניט העלפען.

ה ע ד ד א: (ערווידערט זיין בליק) יאָ, פיליייכט. (געהט אריבער צום שרייבטיש. זי אונטערדריקט א ניטווילענדיגען שמייכעל און מאַכט נאָך טעסמאַן׳ס פּרט רעדען) נו ניט עס זיך דיר איין, ושאָרזש? הא?

ט ע ס מ א ן: גאָט ווייס, מיין טייערע. אין בעסטען פאל איז עס אַן ארבייט אויף מאָנאטען.

ה ע ד ד א: (ווי פריהער) דענק נור! (זי פיהרט דורך מיט די הענד דורך פרוי עלווסטעד׳ס האָאר) זעהט עס דיר ניט אוים

זאנדערבאר, טייא? דו זיצט זיך דא מיט טעססמאן — פונקט ווי דו פלעגסט זיצען מיט עילערט לאוובארג'ן?

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: אך, ווען איך וואלט נור געקענט בעגייסטערן דיין מאן אויפ'ן זעלבינען אופן!

ה ע ד ד א: אה, דאס וועט אויך קומען — מיט דער צייט.

ט ע ס מ א ן: יא, ווייסטו, העדדא — איך דענק ווירקליך אז איך הויב אן צו פיהלען עפעס דערגלייכען. ווילסטו אבער ניט זיך געהן זעצען צוריק מיט בראק'ן?

ה ע ד ד א: קען איך אייך ביידען גארנישט העלפען?

ט ע ס מ א ן: ניין, גארנישט. (קעהרט אום דעם קאפ) איך פערלאז זיך אויף אייך, מיין ליעבער בראק, אז איהר וועט אונטער-האלטען העדדא'ן.

ב ר א ק: (טהוט א בליק אויף העדדא) אך אודאי, מיט'ן גרעסטען פערגעניגען.

ה ע ד ד א: דאנקע. איך בין אבער מיעד היינט אין אבענד. איך וועל געהן זיך צולעגען אביסעל אויפ'ן זאפע.

ט ע ס מ א ן: יא, 'טהו דאס, ליעבסטע. הא?

(העדדא געהט אין הינטערסטען צימער און פערציהט די גארדינען. א קורצע פאוזע. פלוצלינג הערט זיך ווי זי שפיעלט אויפ'ן פיאנא א ווילדען טאנץ.)

פ ר ו י ע ל ו ו ס ט ע ד: (כאפט זיך אויף פון שטוהל) אה — וואס איז דאס?

ט ע ס מ א ן: (לויפט צו דער ארויסגאנג-טיר) אך, מיין ליעבסטע העדדא — שפיעל דאך ניט היינט אבענד קיין טאנץ-מו-זיק! דענק נור וועגען טאנטע רינא! און וועגען עילערט'ן אויך!

ה ע ד ד א: (רוקט ארויס דעם קאפ צווישען די גארדינען) און וועגען טאנטע יוליא, און וועגען אלע איבריגע. נאך דעם וועל איך רוהיג זיין. (פערמאכט די גארדינען ווידער.)

ט ע ס מ א ן: (ביים שרייבטיש) עס איז ניט גוט פאר איהר

צוצוזעהן ווי מיר זיצען ביי אָט דער טרויעריגער ארביים. איך וועל אייך זאָגען וואָס, פרוי עלווסטעד — איהר דארפט נעהמען דעם לעדיגען צימער ביי טאנטע יוליא, און דאן וועל איך אריבער־קומען אין אָווענד און מיר וועלער ד אָ ר ט ן קענען זיצען און ארביימען — הא?

ה ע ד ד א: (אין מיטעלסטען צימער) איך הער וואָס דו זאָגסט, טעסמאן. ווי אָבער וועל איך דאָ אליין פערברייננגען די אבענדען?

ט ע ס מ א ן: (בלעטערט די פאפיערען) אה, איך רעכען אז ריכטער בראַק וועט זיין אזוי גוט און אריינקומען פון צייט צו צייט, אפילו ווען איך וועל נים זיין צו־הויז.

ב ר א ק: (אין לעהן־שטוהל רופט אויס פרעהליך) יעדען ליע־בען אבענד, מיטן גרעסטען פערגעניגען אין דער וועלט, מאדאם טעסמאן! מיר וועלען זיך אמוזירען גרויסארטיג, מיר ביידע!

ה ע ד ד א: יא מיינט איהר ניט, אז מיר וועלען פיין פער־ברייננען, הערר בראק? איצט אז איהר זייט „דער איינציגער האָהן אין קאָויב" —

(עס הערט זיך אַ שאָס אינעווענינ. טעסמאן, פרוי עלווסטעד און בראַק שפרינגען אויף.)

ט ע ס מ א ן: אה, זי שפּיעלט שוין ווידער מיט די פּי־סטאָלעטען.

(ער שלעפט אוועק די גארדינען און לויפט אריין. נאָך איהם פרוי עלווסטעד. הֶעדדא ליעגט אויסגעצויגען אויפ׳ן זאָפע אַ טוידטע. טומעל און געשרייען. בערטא קומט אריין אַ דערשראָקענע פון רעכטס.)

ט ע ס מ א ן: (שרייט צו בראַק) זי האָט זיך דערשאָסען! זי האָט זיך געשאָסען אין די שלייפען! שטעלט זיך פאָר!

ב ר א ק: (האַלב אונמעכטיג אין לעהן־שטוהל) אך גאָט! — אזעלכע זאכען טהוט מען דאך נים.

ע נ ד ע.

# איינלייטונג

## פון מאַרים ווינטשעווסקי

### 1.

זיי זיינען זיך דאַרטען געזעסען, די צוויי,
דורך הערבסט־טעג און ווינטער־טעג, געהענדיג ראַש,
און פּלוצלונג אַ שרפה דאָס הויז האָט ביי זיי
פערברענט, און איצט גראַבען זיך ביידע אין אַש.

ווייל דאַרטען אין אַש ליעגט אַ דימענט פערשאַרט,
דער דימענט, ער ווערט ניט אין פייער פערברענט,
מען דאַרף איהם נור זוכען, ער ליעגט און ער וואַרט
פאַר איהם אָדער איהר, צווישען חרוב'ע ווענט.

און דאָך צי'ס געפינט דער יואוועל זיך, צי ניט,
צוויי זאַכען גיט נ י ט · זיי דאָס לעבען צוריק:
זי רעטעט פון בראַנד מעהר איהר גלויבען שוין ניט,
אין פייער אויף אייביג פערליערט ע ר זיין גליק.

— חענריק איבסען.

אויף דיעזען געדיכט, וועלכעס איבסען האָט געשריבען מיט יאַהרען פריהער, האָט ער, ווי מען זאָגט, געבויט זיין דראַמא „סאָלנעס". אויב דער לעזער געהערט צו דעם קלוגען קלאַס (עס זיינען דאַ דריי קלאַסען לעזער: דער נאַררישער, וועלכער לעזט די איינלייטונג פאַר דעם ווערק, דער קלוגער וועלכער לעזט זי נאַכדעם, און דער קליגסטער, וועלכער לעזט זי גאַר ניט; דער

לעצטער איז פאר אונז שוין צו קלוג, אבער אויב אונזער לעזער געהערט, ווי געזאגט, צום קלוגען קלאס) און ער וועט לעזען דיעזע ציילען נאכדעם ווי ער וועט האבען געלעזען דאס דראמא גופא, וועט ער זעהן, אז דאס ציטירטע געדיכטעלע איז ווירקליך דער פונדאמענט פון „בוימייסטער סאלנעס“.

האלווארד און אלינא סאלנעס — „די צוויי“ — גראבען זיך כסדר אין די אש פון א שרפה, וואס האט פערוויסטעט זייער הויז און איז געווען די סבה דערפון, וואס זייערע צוויי קינדערלעך זיינען געשטארבען אין דער ערסטער קינדהייט. דערביי איז גאנץ זיכער, אז וואס זיי זאלען ניט זוכען אין די א ש

„ז י רעטעט פון בראנד מעהר איהר גלויבען שוין נים,
„אין פייער אויף אייביג פערליערט ע ר זיין גליק.“

און דאך איז פאר איהר א לעבען נור א לעבען מיט אן אמונה, און זיינס — נור מיט גליק פאר א באזים.

ווי דער קלוגער לעזער וויים שוין, איז אלינא געקנאטען און געבאקען פון לויטער אמונה. זי קוקט אויף דעם גאנצען לעבען ווי אויף א לאנגע רייהע פון פליכטען, ווי אויף א פרוזדור לטרקלין פאר יענע וועלט, וואו דער מענש, ספּעציעל דער מענש אהן זינד — אן עופעלע, למשל, ווי איהרע צוויי — לעבט אין אייביגע, נעכט-ליכע פריידען, עטוואס גליקליכער ווי א מלאך, ווייל ער איז גע-ווען אויף דער ערד, עטוואס קלענער ווי גאט, ווייל ער איז א ילוד אשה, און ווען זי טראכט וועגען איהרע צוויי געשטארבענע עופע-לעך, זעהט זי אין זיי מלאכים'לעך אין גן־עדן, וועלכע זי איז פון גאנצען הארצען מקנא זייער פריהצייטיגען טוים. נור אזוי לאנג ווי זי מוז נעבעך צוברענגען די עטליכע יאהר אויף אונזער זינדי-גער ערד, איז פאר איהר דא נור איין איינציגע זאך צו טאן און דאס איז, צו ערפילען איהרע פיעלע פליכטען אזוי גיך ווי זי דער-זעהט זיי. די שווערסטע און די וויכטיגסטע פליכט ביי איהר איז דער אויפפאסען אויף איהר מאן, וועלכען זי פערשטעהט נים. ער קומט איהר פאר קראנק, האלב־משוגע, אונפעראנטווארטליך פאר זיינע מעשים און איהר פליכט איז אויף איהם אויפצופאסען. דאן

האַלט זי, אַז מאַקע דורך זיין קראַנקהייט, כמעט־משוגעת און אומפּעראַנטוואָרטליכקייט איז ער פּעהיג זיך צו פּערליעבען אין די ערסטע בעסטע, אָדער ערגסטע, אויב איהר ווילט, מיידעל אָדער ווייבעל און איהר פּליכט בעשטעהט אין דעם, אַז זי, הגם זי האָט אַ רעכט צו זיין אייפּערזיכטיג, זאָל ניט זיין אין וועג, אַז זי זאָל זיך ערלויבען, פּיעלייכט אַ סאַרקאַסטישען שמייכעל, אָבער ניט קיין שום בעמערקונג, וואָס זאָל קענען אָנגערופען ווע־רען אַ דירעקטער טאַדעל. וואָס איז האַלוואַרד צו איהר? וואָס איז זי צו האַלוואַרד? כמעט גאָר נישט. אויב זי ליעבט איהם — און דאָס איז צווייפעלהאַפט — איז דאָס נור אַלס פּליכט, ווייל זי איז זיין ווייב און זי האָט ביים אַלטאַר פערשפּראָכען „צו ליעבען און געהאָרכען". זיכער איז, אַז זי פיהלט זיך גליקליכער, רוהיגער, וואַרעמער, פרייער אין דער געזעלשאַפט פון זייער הויז־דאָקטאָר, וועלכער, ווי דר. ראַנק ביי נאָראַ, שיינט צו זיין אויך זייער הויז־פריינד, און מען קען ניט זאָגען, אַז זי ליעבט אפילו איהם. יעדענ־פאַלס איז איהר אמונה אַ קראַנקע, ניט קיין זעהר פעסטע, ניט אַן אמונה וואָס קען רעגולירען אַ לעבען, נור אַזעלכע וואָס קען פאַרבערייטען צום טויט. די געזונדע אמונה איז געבליבען אין די אש.

דאָס איז אַלינאַ סאָלנעס.

האַלוואַרד איז אַ גאַנץ אַנדער סאָרט מענש, הגם ער גראָבט זיך אויך אין די זעלביגע אַש, פון די זעלביגע שרפה, הגם ער, ווי זי, איז זינט יענער שרפה ניט מעהר קיין נאָרמאַלער מענש.

ער איז איינגעבילדעט, אַז דער בראַנד אויף זיין הויז איז געקומען ווייל אין גרונד האַרצען האָט ער געוואָלט, האָט ער גע־ווינשט, אַז דאָס הויז זאָל אָבברענען, מחמת דער אויפבויען פון דעם נייעם בנין אויף דעם אָרט פון דעם אַלטען וועט בעטייטען דעם אויפבויען פון זיין גרויסער רעפּוטאַציע, פון זיין גרויסען שם פאַר אַ מייסטער אין זיין פאַך, ווי דאָס איז ווירקליך געוועזען דער פאַל.

אויף דעם אופן איז די שרפה, וועלכע האָט געמאַכט אַ וועג

פאר דעם גרויסען בוימייסטער סאָלנעס — א מין יחיד בדורו — געווען דער מלאך המות פאר זיינע צוויי קינדערלאך, נאָך וועלכע ער האָט שוין מעהר קיין קינדער ניט געהאַט, דער פערניכטער פון זיין ווייב׳ס קאַריערע אלס א „בוימייסטערין פון קינדערשע נשמה׳לעך“ ווי ער רופט איהר. ער איז אָבער אין דאָס אלץ איי־גענטליך ניט אבסאָלוט זיכער און ער, ווי אלינא, האלט זיך אין איין גראָבען אין די אש פון יענער שרעקליכער שרפה. דאָרטען איז בעגראָבען דער דימענט, וואָס איז ז י י ן גליק, וואָס איז א י ה ר פעסטער, געזונדער גלויבען.

אָבער ווער איז סאָלנעס?

ער איז א „זעלבסטגעמאַכטער“ קינסטלער, אן אווטאָדידאַקט. ניט אכטענדיג אויף דעם, וואָס ער בויט בעסער פאר אלעמען, העכער פאר אלעמען, שעהנער פאר אלעמען, האָט ער אפילו ניט דעם טיטעל ארכיטעקט. ער האָט טאַקע אויך ניט די וויסענשאַפט אין איהר גאַנצע טהעאָרעטישע פולקיים. ווי דער ווילנער בעל־הבית׳ל איז געווען א זשעניע א חזן אָהן א דיפּלאָם פון א שול, אָהן א קאָנסערוואַטאָריום און אָהן די פעהיגקייט צו לעזען נאָטען, אזוי איז סאָלנעס געווען א בוימייסטער, פאר וועלכען יעדער בוי־פּאַרטאַטש האָט געהאַט מעהר שול, מעהר בוך־קענטניסע, מעהר מעטהאָדע.

און דער ווערן א בוימייסטער איז אָנגעקומען ניט לייכט. איהם האָט אין אָנהויב טאַקע געפעהלט דער דיפּלאָם כדי זיך לייכט צו עראָבערן די אָנערקענונג פון אלע ארומיגע מענשען. דערפאר אָבער האָט ער געמוזט קעמפפען; אין דעם קאַמפּף האָט ער געמוזט זיין ניט איבריגנס סקרופולעז, ווייל ער איז געווען בע־צוואונגען אין זיין האַסטיג־געהען צו זיין ציעל דאָ און דאָרטען אימיצען אַניעדערצוואַרפען, איבער איהם אריבערצושפּרייזען און ווייטער צו מאַרשירען, ווייטער, ווייטער...

חוץ דעם איז ער ארויס אויף זיין קאַריערע מיט אן אידעאַל פאר די אויגען, וועלכער האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויזען איבער זיינע קרעפטען. ניט הייזקעס, הייזער אָדער אפילו פּאַלאַצען וועט

ער בויען פאר מענשעלעך, מענשען און מענער! ניין, ניט הייזער פאר פראסטע מענשען ווי ער אליין, (און ווער רעדט פון שטאלען פאר בהמות, סאטראלעס פאר פערד אדער בודקעס פאר הינט?) דאס אלץ איז ניט זיין עסק אינ'ם לעבען. ער וועט בויען קירכען און טעמפלען פאר געטער און מוזען, פאר די הייליגקייט און די קונסט. ער וועט די קירכען בויען הויך, מיט גרויסע קופאלאס און הויכע, הויכע טורעמס אויף זיי, און הויכע, הויכע שפיצען אויף די טור־רעמס, מיט א גאניקעל ארום דעם שפיץ, וואו ער אליין וועט שטעהן, דער קאפ אין די וואלקענס, די פעהנדעל אין דער האנד און א וועלט אונטער איהם, פול מיט בעוואונדערונג, כמעט מיט פער־געטערונג, בשעת דער ווינד טראגט פאנאנדער זיין נאמען צום מזרח און צום מערב, צום צפון און צום דרום. הללויה!

האט זיך ארויסגעשטעלט אז דאס איז איבער זיינע כחות און מעהר ווי א י י נ מ א ל איז ער אזוי הויך ניט געגאנגען, האט ער אזוי הויך ניט געבויט, און יענעם אייגציגען מאל האט זיין שטרעבען צום אידעאל כמעט איהם געקאסט דעם לעבען. פון דענס־מאל אן איז ער א מענש מיט אלעמען צוגלייך, נור א זשעניע.

און דא קומט זיין הויפט־צרה.

פון דער נאטור א מענש און ניט מעהר, פון דער ערציעהונג א בוימייסטער אהן א דיפלאם, ד. ה. אהן א געשריבענע און גע־חתמ'עטע הסכמה פון ערגיץ אן אוניווערזיטעט אויף בוי־קונסט, קריעגט סאלגעס, וואס עלטער ער ווערט, אלץ מעהר מורא, אז זיין חזקה אויף דעם גרויסען נאמען קען פון איהם אוועקגענומען ווערען פון אימיצען ארום איהם, וועלכער וועט קומען ענטוועדער מיט א כתב אין האנד, אדער מיט חוצפה אין זיך און וועט זיך פראקלאמירען פאר דעם אמת'ען בוימייסטער, פאר דעם ווירק־ליכען קינסטלער, ערקלערענדיג איהם, סאלגעסען, פאר א געווע־זענעם, פאר אן אויסגעשפילטען טרומף, פאר א סאר־א־יאהריגען לוח.

פון וואנען אבער וועט ער, דער נייער, ווער וויים. קומען? פון וואנען וועט ער זיך נעהמען? זיכער ניט פון צווישען די

פאר דעם גרויסען בוימייסטער סאָלנעס — א מין יחיד בדורו — געווען דער מלאך המות פאר זיינע צוויי קינדערלאך, נאָך וועלכע ער האָט שוין מעהר קיין קינדער ניט געהאט, דער פערניכטער פון זיין ווייב׳ס קאַריערע אלס א „בוימייסטערין פון קינדערשע נשמה׳לעך" ווי ער רופט איהר. ער איז אָבער אין דאָס אלץ איי־גענטליך ניט אבסאָלוט זיכער און ער, ווי אלינא, האלט זיך אין איין גראָבען אין די אש פון יענער שרעקליכער שרפה. דאָרטען איז בעגראָבען דער דימענט, וואָס איז ז י י ן גליק, וואָס איז א י ה ר פעסטער, געזונדער גלויבען.

אָבער ווער איז סאָלנעס?

ער איז א „זעלבסטגעמאכטער" קינסטלער, אן אווטאָדידאקט. ניט אכטענדיג אויף דעם, וואָס ער בויט בעסער פאר אלעמען, העכער פאר אלעמען, שעהנער פאר אלעמען, האָט ער אפילו ניט דעם טיטעל ארכיטעקט. ער האָט טאקע אויך ניט די וויסענשאפט אין איהר גאנצע טהעאָרעטישע פולקייט. ווי דער ווילנער בעל־הבית׳ל איז געווען א זשעניע א חזן אָהן א דיפּלאָם פון א שול, אָהן א קאנסערוואטאָריום און אָהן די פעהיגקייט צו לעזען נאָטען, אזוי איז סאָלנעס געווען א בוימייסטער, פאר וועמען יעדער בוי־פּאָרטאטש האָט געהאט מעהר שול, מעהר בוך־קענטניסע, מעהר מעטהאָדע.

און דער ווערן א בוימייסטער איז אָנגעקומען ניט לייכט. איהם האָט אין אָנהויב טאקע געפעהלט דער דיפּלאָם כדי זיך לייכט צו עראָבערן די אָנערקענונג פון אלע ארומיגע מענשען. דערפאר אָבער האָט ער געמוזט קעמפּפען; אין דעם קאמפּף האָט ער געמוזט זיין ניט איבריגנס סקרופּולעז, ווייל ער איז געווען גע־צוואונגען אין זיין האסטיג־געהען צו זיין ציעל דאָ און דאָרטען אימיצען אָניעדערצוואוואַרפען, איבער איהם אריבערצושפּרייזען און ווייטער צו מארשירען, ווייטער, ווייטער...

חוץ דעם איז ער ארויס אויף זיין קאַריערע מיט אן אידעאל פאר די אויגען, וועלכער האָט זיך שפּעטער ארויסגעוויעזען איבער זיינע קרעפטען. ניט הייזקעס, הייזער אָדער אפילו פּאלאצען וועט

הויבט אָן צו ווערן אַ גרעסערער בעל־הוצאה, ער נעהמט בויען אויף זיין איינענעם חשבון, און מיט דער צייט ווערט ער דאָס דער דאָזיגער גייער דור, פאַר וועלכען ער האָט די גאַנצע צייט מורא געהאַט. עס איז קלאָר, אַז ראַנגאַר טאָר אַזוי גיך ניט הייראַ־טען. ווי אָבער מאַכט מען אַז ער זאָל ניט קענען? סאָלנעס פּרו־בירט. ער טוט אַזוי: ער נעהמט קאַייאַ פאָסלי אַריין צו זיך אין אָפּיס אַלס בוכהאַלטערין. אין אָנהויב איז ראַגנאַר אַליין דערמיט צופריעדען: זיין כלה איז נעבען איהם, ער איז אימער אין איהרע ד׳ אמות. א ל ע זיינען צופריעדען. מיט דער צייט ווערט דאָס נאָך בעסער, — בעסער פאַר סאָלנעס׳ען: קאַייאַ פאָסלי, ראַגנאַר בראָוויק׳ס כלה פערליעבט זיך אין האַלוואַרד סאָלנעס, דעם גרוי־סען בוימייסטער! פערשטעהט זיך, סאָלנעס האָט ניט און קען ניט האָבען קיין שום געפיהל, וואָס זאָל האָבען ערגיץ אַ שייכות מיט ליעבע פאַר זיין בוכהאַלטערין, אָבער ער ווייזט דאָס ניט אַרויס. פערקעהרט, ער לאָזט איהר די איללוזיע, אַז איהר שטילע ליעבע האָט געפונען אַן אָבקלאַנג אין זיין האַרצען, מעהר נישט... נו, וואָס איז דאָ צו רעדען, זיין „סאָציאַלע שטעלונג“, אַלינאַ, ראַגנאַר, די וועלט... שש...!

דאָס טוט סאָלנעס דורכאויס ניט בערעכענט, בחזיד, אַ שטייגער וועלענדיג בעטריגען די אָרעמע מיידעל. ניין, דאָס טוט זיך ביי איהם כמעט אַליין, דאָס טוט דער שרעק פאַר׳ן קומענדיגען קלאַפּ אין טיר. פּשוט, וואָס מעהר קאַייאַ איז זיינע אַלץ לענגער וועט דויערן די צייט ביז איהר חתונה מיט ראַגנאַר, אַלץ שפּעטער וועט קומען ראַגנאַר בראָוויק׳ס זעלבסטשטענדיגקייט און זיין קאָנ־קורענץ.

פון דעסטוועגען קען דאָס נור אָבגעלעגט, ניט אָבגעמעקט ווערן. אפשר ניט קאַייאַ, אָבער ראַגנאַר הויבט אָן צו וועלען ענד־ליך מאַכען אַ סוף פון דעם חתן־כלה פערהעלטניס און צו שטעלען חופּה. דאַן דער אַלטער: ער האָט מורא פאַר אַ קלאַפּ אין זיין טיר ניט פון ערגיץ אַ דור, נור טאַקע פונ׳ם מלאך־המות, און דערפאַר וויל ער זעהען זיין זוהן וואָס גיכער ניט נור חתונה געהאַט, נור

אויף עטאבלירט. איי ער האָט ניט קיין דיפּלאָם? האָט דען סאָל־נעס געהאט? האָט ער אליין געהאט? אָט איז געקומען א יונגע פּאָאר פּאָלק נאָך א פּלאַן פאר א הייזקע, ראגנאר האָט עס שוין געצייכענט און לאָז נור סאָלנעס געבען דארויף זיין הסכמה (נע־שריעבען) און ראגנאר איז א „געמאכטער מאַן".

דער אַלטער פרעסט, ער האָט ניט קיין צייט. ער בעט רחמים: הערר סאָלנעס, אָנאָ, הושיעה נאָ! אָבער סאָלנעס וויל פון קיין זאך ניט הערען. קאייא? יא, זי בעט אויך, אָבער איהר ניט מען א גלעט אין בעקעלע און זי פערגעסט אָן ראגנאר, דעם אַלטען, די צוקונפט, אָן אַלץ...

2.

אויף דיעזען פונקט הויבט זיך אָן דאָס דראמא. און טאקע מיט א קלאַפּ אין טיר, און ווירקליך פון דעם נייעם דור, מעהר ניט פון אנאנדער מין, ווי דער, וועלכער פלעגט דעם בוימייסטער ביז איצט קומען צו־חלום.

אין טיר קלאַפּט אָן הילדא וואנגעל.

ווער און וואָס איז זי?

הילדא איז א מיידעל, צוויי־דריי און צוואנציג יאָהר אַלט, מיט א שטארקען כאראקטער, מיט א ווילען, וואָס אינגאָרירט נע־וועהנליך יעדען שטער אין וועג, מיט א סך ענטהוזיאזמוס אין זיך און — ועל כולם! — א גרויסע אידעאליסטקע.

דיעזע הילדא האָט געזעהען דעם בוימייסטער נור איינמאָל פריהער, איינמאָל אין איהר לעבען. דאָס איז אָבער געווען דעם איין איינציגען מאָל ווען סאָלנעס האָט עררייכט די העכסטע מדרגה אין זיין קאריערע, ווען ער האָט דערגרייכט ביז'ן סאמע שפּיץ פון א הויכען טורעם, אויף א הויכען קופּאָלא, אויף א גרויסען טעמפּעל.

זי האָט איהם אויף דעם אופן געזעהען אין זיין גלאנץ, און זי, יעמאָלט צוועלף יאָהר אַלט, מיט איהר בלוטיוננגען, כמעט קינדערשען ענטהוזיאזמוס, אָבער שוין רייפען אידעאליזמוס, —

ציטיג נענוג צו בויען פאר זיך די פיינסטע לופט־שלעסער, האָט זיך אין נעראַנקען מיט איהם פער׳קנס׳ט און האלוואַרד סאָלנעס, דער גרויסער, „וועלטבעריהמטער" בוי־מייסטער, דער וואָלקען־קלעטערער, דער אויבערמענש איז געוואָרען איהרער, הילדא׳ס, הילדא וואַנגעל׳ס, און וואָס נעהט איין אָן ווי אַלט זי איז? א חוצפה אביסעל!

טאָמער האָט נאָך וואָס געפעהלט, איז סאָלנעס יענעם טאָג פון זיין טריומף געקומען צו־גאַסט צו איהר פאָטער, דר. וואַנגעל, און האָט איהר, הילדא׳ן געקוסט, און טאַקע מעהר ווי איינמאָל...

ער האָט איהר, פערשטעהט איהר מיך, אריינגענומען דעם קאָפּ צווישען זיינע הענד און האָט איהר געקוסט, אָבער און ווידער, און נאָך אמאָל, — ער, דער גאַט, איהר, הילדען...

אָבער ער פאָהרט אוועג. זי גיט איהם צעהן יאָהר צייט צוריק צו קומען נאָך איהר, נאָך די כלה פון זיין גייסט, פון זיין רוהם, פון זיין גלאַנץ־פעריאָדע. זי וואַרט אויף איהם, ווי א פרומער איד אויף משיח׳ן, א שטיינער, אַט־אַט קומט ער.

א טאָג נאָך א טאָג נעהט אוועג, איין וואָך נאָך די אנדערע, עס ביימען זיך אָב חדשים, יאָהרען, עס פערגעהען די גאַנצע צעהן יאָהר און גאָר ניט... אין קול ואין קשב... ער קומט ניט.

אנאַנדער מיידעל וואָלט אין אַזא פאַל זיך בעגוגענט מיט דענקען און גאַהרען און חלש׳ן און אויסנעהן מיט די כחות... זי וואָלט געוואָרען מאָגערער און בלייכער, מיט אויגען וואָס זינקען אַלץ טיפער אין שאַרבען אריין, און וואָס קריגען אונטער זיך אַלץ בלוייערע און דונקעלערע פאַסען. זי וואָלט געזיפצט און גע־שלוכצעט אין קיסען אריין, און וואָלט אַזוי לאַנג געקוקט אויף די לבנה ביז זי וואָלט געוואָרען אַזוי בלייך ווי די לבנה אַליין.

ניט אַזא מיידעל איז הילדא וואַנגעל. קומט ניט דער בארג צום נביא, נעהט דער נביא צום בארג... בקיצור, הילדא נעהמט איהר עטליכע זיעבען זאַכען, און מיט׳ן העקעל־פּעקעל איבער׳ן פּלייצע אויף א לאַנגען שטעקען, קומט זי נ ע ה מ ע ן דעם מאַן, אויף וועלכען זי האָט איצט א צעהניעהריגע חזקה.

און דאָס איז דער קלאַס אין טיר בעת דאָס שווישפּיעל הויבט זיך דאָ אָן.

אַ שווישפּיעל? ניין, דאָ הויבט זיך אָן אַ טראַגעדיע, און אַ טראַגעדיע ניט אין דעם אויסלאַז, ווי אין געוועהנליכע טרויער־שפּיעלען, נור אין דעם אָנהויב, הגם דער אויסלאַז איז געווען טראַגיש גענוג. זי בעשטעהט אָט אין וואָס.

ווען הילדא און סאָלנעס טרעפען זיך איצט צום צווייטען מאָל אין זייער לעבען, געפינען זיי ביידע, אַז אין די צעהן יאָהר צייט זיינען זיי, איך וואָלט זאָגען, אַוועג־געוואַקסען איינער פון דעם אַנדערן.

ביידע זיינען געוואָרען צעהן יאָהר עלטער, אָבער ווערענד הילדא די יונגינקע אידעאַליסטקע ע ל ע איז היינט אַ יונגע אידעאַליסטקע, איז סאָלנעס לאַנג שוין ניט מעהר קיין וואָלקען־קלעטערער, האָט ער זיך שוין לאַנג געזעגענט מיט זיינע יונענד־אידעאַלען, איז ער שוין לאַנג ניט מעהר קיין טעמפּעל־בויער און איהם אינטערעסירט שוין לאַנג ניט מעהר ניט די הויכקייט פון אַ טורעם, ניט די הייליגקייט פון אַ טעמפּעל, ניט די געטליכקייט אין ביידע, צ ו וועלכע מען דאַרף אַרויפבליקען און אַ י ן וועלכע מען דאַרף אַריינבליקען. ער איז דערביי עלטער, פיעל עלטער געוואָרען און פערטיעפטער אין זיך, אין זיין פערגאַנגענהייט, אין די שׂרפה, אין די פאָלגען פון דער שׂרפה און אַנשטאָט זיך הויבען אין דער הויך און צו שוועבען אין די הימלען ,ווי הילדא האָט ערוואַרטעט, גראָבט ער זיך אין אַש... אין טונקעלע אַש, ניעדריג, אונטער די פיס... אַ וואָרעם וואָלט דאָס געקענט...

און די קוסען! יענע ליידענשאַפטליכע קוסען, מיט וועלכע ער האָט זי — ווי זי גלויבט — פער'קנס'ט ; יענע הייליגע, הימלישע קוסען, וועלכע זי האָט צעהן לאַנגע יאָהר נאָך אַנאַנד טעגליך איבערגעקוסט זיי אימער פון דאָס ניי, איבערקעהרענדיג פון איין ליפּ אויף די אַנדערע, — יענע קוסען, אַך, ער האָט זיי שוין — דאָס זעהט זי, די אָרעמע. אַלץ מעהר און מעהר איין — לאַנג, לאַנג פערגעסען און זיינע פּראָזאאיש־געוואָרענע ליפּען זיינען

איצט מעהר און נאָהענטערע קרובים מיט'ן ציבוק פון דער פיפקע ווי מיט איהר, הילדען, מיט איהר און איהר אונפערנעסליכען תנאים פון פאר צעהן יאָהרען...

און — אָרעמער, בלינדער אידעאַליזמוס! — דאָ איז פאראַן נאָך אַנאַנדער צרה.

פאר צעהן יאָהרען, אין דער צייט פון איהר עלית נשמה, האָט זי איהר העלד, איהר גאָט געזעהען ניט נור אין זיעבעטען הימעל, נור אליין — בגפו — אָהן אימיצען ביי זיין טיש. און טאקע ווי קומט א גאָט צו האָבען א ווייב? העכסטענס איז לעבען איהם דענקבאר אַן אונבעפלעקטע יונגפרוי, אַ הילדאַ־מאַריאַ, א נשמה, וואָס קען און וועט קיינמאָל ניט האָבען קיין שום שייכות מיט אַנאַנדערן ווי א רוח הקדש; העכסטענס, קען מען זיך ארום א גאָט פאָרשטעלען א פמליא של מעלה, דאָס הייסט א פאַמיליע פון לויטער נעפּלינגעלטע מלאכים; אָבער א גאָט מיט א פרוי, און א פרוי א פשוט'ען בשר ודם, וואָס קאָכט און באַקט; א גאָט מיט קינדער, אפילו געשטאָרבענע, — דאָס וואָלט קיין הילדאַ אין דער וועלט זיך ניט קענען פאָרשטעלען.

און דאָ גלייך ביין ערסטען צוזאַמענשטויס פון דעם מיידעל־שען אידעאַליזמוס מיט די רויהע, גראָבע, וואָכעדיגע ווירקליכ־קייט, ווייזט זיך ארויס, אז... פערקנייטשט איין פינגער... אז

ע ר ס ט ע נ ס, איז דאָ א ווייב, א געוויסע מרה־שחורה'דיגע אלינאַ, מיט פליכטען און קריסטליכע מדות א. אז. וו.

צ ו ו י י ט ע נ ס — פערקנייטשט נאָך א פינגער — אז דיע־זע אלינאַ האלט זיך פאר איהר גאָט'ס בעל־הבית'טע און האָט איהם בסדר אין די נעדאַנקען, פונקט ווי ער איהר האָט אויפ'ן געוויסען... דאָס איז אָבער נאָך ניט אלעס: קנייטשט און צעהלט ווייטער:

ד ר י ט ע נ ס, איז פון דער דאָזיגער אלינאַ שוין דערפאַר אליין שווער צו עמאַנציפּירען דעם גאָט, ווייל זי איז פריינדליך און העפליך און וואָס מען רופט אויף טייטש צופּאַרקאָמענד. וואָלט זי געזידעלט, וואָלט דער עסק א סך לייכטער געווען, ווי

עס איז לייכטער צו קעמפּפען געגען דעם בייזען ווינד ווי געגען די פריינדליכע אָבער וואַרעמע שטראַהלען פון דער זון.

פ י ע ר ט ע נ ס , איז דער גאָט אַזוי שוואַך לגבי די וואָס בוקען זיך פאַר איהם און אַזוי שטייף לגבי די וואָס זיינען מורד אין איהם, אַז ער גלעט איבער'ן בעקעלע אַ קאַייאַ פּאַסלי, וועלכע ער ליעבט ניט און ער טרעט אונטער די פיס אַ ראַנגאַר בראַוויק, וועלכען ער האַסט גאָר ניט.

פינפטענס, זעקסטענס, זיעבעטענס און אַזוי ווייטער ביז עס בלייבט שוין ניט מעהר קיין פינגער צו קנייטשען, איז דער גאָט נאָך מענשליכער ווי ביי די גריעכען יופּיטער בן קראָנאָס מימות עולם ושנים קדמוניות. עס ווייזט זיך אַרויס, אַז סאַלנעס האָט זיך צוריקגעקעהרט צו דער ערד פון וואַנען ער שטאַמט און אַז דאָ שטעהט פאַר הילדען פּאָר אַזאַ אַרבייט, פאַר וועלכער הערקולעס אליין וואָלט זיך פערטראַכט.

אָבער זי פערצווייפעלט ניט. ניט הילדאַ! אָה, ניין!

אמת, זי וועט סאַלנעס'ען ניט אָבנעהמען פון אַלינען. „וואָס איך וואָלט געקענט טאָן געגען אַ פרעמדע פרוי, זאָגט זי, קען איך ניט טאָן געגען איינע, וואָס איך קען, וואָס האָט מיך פריינד־ליך אַריינגענומען אונטער איהר דאַך,“ אפילו זוען אויך נור אלס פליכט, נור ווייל זי האָט „געמוזט“.

יאָ, זי וועט איהם פיזיש געווים ניט אָוועקנעהמען פון זיין ווייב, אָבער זי וועט איהם עמאַנציפּירען פון זיך אַליין, זי וועט אויסלעזען סאַלנעס דעם העלד, דעם גאָט, פון דעם גלות, אין וועל־כען ער געפינט זיך ביי סאַלנעס דעם מענשען, דעם קליינליכען מענשען מיט דער פּיפּקע אין מויל, מיט די קאָפּ אַראָבגעלאָזען. מיט די פיס אין אַלטע אש פון אַ פערגעסענע שׂרפה.

און זי נעהמט זיך צו דער אַרבייט.

צום גליק, אָדער צום אונגליק ווערט אָקאָרשט געענדיגט דער בנין פון אַ נייע הויז, וואו עס איז דאָ אַ הויכער טורעם, מיט אַ הויכען שפּיץ. מאָרגען דאַרף אויף דעם טורעם אויפגעהאַנגען ווערן אַ בלומענקראַנץ. הילדאַ בעשליסט, אַז דאָס מוז ע ר טאָן, ער,

איהר סאָלנעס, דער אמאָליגער. הויך, הויך, הימעל־הויך מוז ער ארויפשטייגען, ער, מיט'ן קראַנץ אין דער האַנד, מיט די נעדאַנ־קען — זיינע און איהרע — אין דער הויך, זעהר הויך, דאָרטען וואו די אטמאָספערע איז ריין און פריש און קלאָר און אייביג־קינדיש, אייביג עהרליך, אייביג זויבער... ארויף מוז ער, אהין מוז ער! און וויעדער אמאָל וועט זי איהם זעהן אויפ'ן גאַניקעל ארום דעם שפּיץ, דערהויבען און ערהאבען, און וויעדער אמאָל וועט זי הערען יענעם וואונדערבארען פאַר־צעהן־יאָהריגען גע־זאַנג אין דער לופט...

שווער און לאַנגזאם געהט די ארבייט, אָבער זי געהט.

ביסלעכוויז, צאָלוויז הויבט איהם זיין גוטע פעע אלץ מעהר ארויף, אלץ מעהר ארויס פון דעם זומפּ אין וועלכען ער האָט גע־האַלטען ביין פערזונקען ווערען פאַר איהר קומען. זיין גייסט שטעהט לאַנגזאם, פאַמעלאַך אויף תחית המתים. אין סאָלנעס'עס הארצען פאַנגט אָן זיך צו רעגען א געפיהל פון ליידענשאַפטליכער ליעבע צו דער גוטער פעע, וועלכע ער האָט אין אָנהויב גאָר ניט פער־שטאַנען. אין זיין ברוסט וואקסט ביסלעכוויז אויס א וואונש זיך צו בעפרייען פון דעם טויט, צו וועלכען ער איז צוגעבונדען.

מיט איין פינגערל פון איהר האַנד, מיט איין שמייכעלע אויף איהרע ליפּען, מיט איין רעגונג פון איהר גרויסע, טיעפע אמונה אין זיין געטליכקייט, אין זיין העלדישקייט הויבט זי איהם אויף אזוי הויך, אז ער וואגט זיך שוין אויף די סטאָלבאָוואַניע פונ'ם טורעם, קלעטערענדיג אלץ העכער און העכער מיט'ן קראַנץ אי־בער'ן אָרעם, מיט איהר ליעבע פאַר די אויגען... חוץ וואָס זי הויבט איהם ארויף פון אנאַנדער זומפּ: זי צווינגט איהם ענדליך צו געבען זיין געשריבענע הסכמה אויף ראַגנאַר'ס פּלאַן פאַר די יונגע פּאָר פאָלק.

הורראה! דער אלטער, דער אמאָליגער, גרויסער בוימייסטער סאָלנעס! אָט איז ער שוין אויפ'ן טורעם, אונגעשטערט פון די אנגסט־געשרייען פון זיין גוטע, קליינליכע פרוי, אונגעהינדערט פון דעם שפּאָט פון דער אונגלויביגער מאַסע, צווישען וועלכע עס הערט

זיך דער שפּאַט פון ראַגנאַר בראַוויק אַם מייסטען, אונגעהינדערט פון די אייגענע אַנגסט אין דער שוואַכער ברוסט, וועלכע וואַלט פּלאַצען אויפ׳ן אָרט, ווען ניט, אין געדאַנקען, הילדא׳ס פעסטע אומאַרמונג, ווען ניט הילדא׳ס פּאַנצער און איהר שילד איבער דער ראַזינער ברוסט.

ער שטייגט און שטייגט. ער איז שוין אויבען. אָבער... עס זיינען דאָ זאַכען, גוטע הילדא, וואָס מען קען מעהר ווי איינמאָל ניט טאָן אויב זיי זיינען איבער די כחות. אפילו א „פאוסט“ ביי געטהע ווידערהאָלט זיך ניט, קריעת ים סוף ביי משה׳ן ווידערהאָלט זיך ניט, און ווען שלמה פּרובירט טאָן דאָס וואָס ער האָט זיך געקענט ערלויבען גלייך ווי ער האָט פון גאָט געקראָגען זיין דיפּלאָם אויף חכמה, ווערט ער א ניזק.

סאָלנעס קען איצט ניט מעהר טאָן וואָס איהם האָט זיך איינגעגעבען מיט צעהן יאָהר צוריק און ווען ער דערגרייכט דעם סאַמע שפּיץ, פאַלט ער אַרונטער און ווערט גע׳הרג׳עט...

פון דעסטוועגען, הילדא פאַלט ביי זיך ניט אַראָב. דער גע־הרג׳עטער גאָט איז איהר נאָך אימער ליעבער ווי דער לעבעדיגער מענש און בשעת ער פאַלט און זיין פרוי יאָמערט, און אַנגסט־געשרייען הערען זיך פון אַלע זייטען, זעהט הילדא נור דעם שטייגען פון איהר העלד, הערט זי דעם געזאַנג און די האַרפען אין דער לופט, און מיט ענטציקונג רופט זי אויס:

„מיין, מיין בוימייסטער!“

זי האָט געזיעגט, די ליעבע האָט געזיעגט!



# פערזאנען:

האָלווארד סאָלנעס, בוי־מייסטער

אלינא סאָלנעס, זיין פרוי.

דר. הערדאל.

קנוט בראָוויק, א געוועזענער אַרכיטעקט, איצט בעשעפטיגט ביי סאָלנעסען.

ראגנאר בראָוויק, זיין זוהן, א צייכנער.

קאיא פאָסלי, זיין פּלימעניצע, אַ בוכהאַלטערין.

פריילין הילדע וואנגעל.

אייניגע דאמען.

אן עולם אין גאס.

די האַנדלונג קומט פאַר אין און אַרום סאָלנעס'עס הויז.

# ערשטער אקט

אַן איינפאַך־מעבלירטעס אַרבייט־צימער ביי ה אַ ל ו ו אַ ר ד ס אַ ל נ ע ס אין הויז. פון לינקער זייט, פליגעל־טירען צום פאָרצימער. פון רעכטער זייט, אַ טיר, וואָס פיהרט אין די אינווייניגסטע צימערען פון הויז. פון דער הינטערשטער וואַנד, אַן אָפענע טיר אין אַ צימער וואו עס אַרבייטען די צייכנער. פון פאָרענט, לינקס אַ שרייבטיש מיט ביכער, פאַפּירען און שרייב־מאַטעריאַל. ווייטער הינטער די טירען אַן אויוועז. אין ווינקעל פון רעכטער זייט, אַ זאָפע, אַ טיש און אַ שטוהל אָדער צוויי. אויפ'ן טיש, אַ פלאַש מיט וואַסער און אַ גלאָז. פון פאָרענט, רעכטס אַ קליין טישעל, אַ שאָקעל־שטוהל און אַ לעהנשטוהל. אָנגעצונדענע לאָמפּען מיט אַבאַזשורען אויפ'ן טיש ביי די צייכנער, אויפ'ן טיש אין ווינקעל און אויפ'ן שרייבטיש.

אין צימער פון די צייכנער זיצען ק נ ו ט ב ר אָ ו ו י ק און זיין זוהן ר אַ ג נ אַ ר, פערנומען מיט פלענער און רעכענונגען. ביים שרייב־טיש שטעהט ק אַ י אַ פ אָ ס ל י, שרייבענדדיג אין קאָנטאָ־בוך. קנוט בראָוויק איז אַן אַלטער, מאָגערער מאַן מיט ווייסע האָר און באָרד. ער טראָגט אַן אַלטען, אָבער ריינעם, שוואַרצען סורדוט, ברילען און אַ פערגעלטען ווייסען האַלזטוך. ראַגנאַר בראָוויק איז אַ בלאָנדער, גוט־געקלײדעטער יונגערמאַן, אין די דרייסיגער, אַ ביסעל איינגעבויגען. קאַיאַ פאָסלי — אַ יונג מיידעל פון איבער 20 יאָהר, צאַרט, מיט אַ קראַנקליכען אויסזעהען, געקלײדעט איינפאַך און ציכטיג. זי טראָגט אַ גרינעם דאַשעק איבער די אויגען. אַלע דריי אַרבייטען אַ ווײלע שטילערהייד.

ק נ ו ט ב ר אָ ו ו י ק : (גיט זיך מיט אַמאָל אַ הויב פון טיש ווי פערצווייפעלט; ער אָטעמט שווער, קומענדיג נעהענטער צו דער טיר) ניין, איך קען דאָס שוין מעהר ניט אַריבערטראָגען.

ק א י א: (צוגעהענדיג צו איהם) דו פיהלסט זיך היינט אבענד זעהר שלעכט, ניט אמת, אָנקעל?

ב ר אָ ו ו י ק: אָה, עס זעהט אויס, אז מיר ווערט ערגער פון טאָג צו טאָג.

ר א נ נ א ר: (הויבט זיך אויף און געהט צו צו איהם) דו וואָלסט בעסער אהיים געגאנגען, פאָטער. פרוביר זיך דורכשלאָפען —

ב ר אָ ו ו י ק: (אונגעדולדיג) אפשר זיך לעגען אין בעט? דו ווילסט, איך זאָל דערשטיקט ווערען, א?

ק א י א: געה־זשע אביסעל שפּאַצירען.

ר א נ נ א ר: טאקע אזוי. איך וועל אויך געהן מיט דיר.

ב ר אָ ו ו י ק: (האסטיג) איך געה ניט ביז ער וועט קומען! איך האָב בעשלאָסען היינט אבענד זיך אויסצוטענה'ן מיט — (מיט א טאָן פון פערשטיקטער ביטערקייט) — מיט איהם — מיט דעם פּרינציפּאַל.

ק א י א: (מיט אנגסט) אָה, ניין, אָנקעל — ווארט דאָך א ביסעל איידער דו טוסט ד אָ ס!

ר א נ נ א ר: טאקע, פאָטער, ווארט בעסער צו.

ב ר אָ ו ו י ק: (אָטעמט שווער) הא — הא —! א י ך האָב ניט פיעל צייט צו ווארטען.

ק א י א: (זיך צוהערענדיג) שש! איך הער איהם געהן אויף די טרעפּ. (אַלע דריי געהען צוריק צו דער ארבייט. א קורצע פּאוזע.)

ה אָ ל ו ו א ר ד ס אָ ל נ ע ס: (קומט אריין פון פאָרדער־צימער. ער איז א מאַן אין די מיטעלע יאָהרען, געזונד און שטארק געבויט, מיט קורץ־געשאָרענע, געגרויזעלטע האָר, א טונקעלען שנורבאָרד און געדיכטע ברעמען. ער טראָגט א גרויליך־גרינעם ראָק, פערקנעפּעלט, מיט א שטעהענדיגען קאָלנער און ברייטע לאַצען. אויפ'ן קאָפּ א וויייכער גרויער הוט און א פּאָר פּאָרטפּאָליעס אונטער זיין אָרעם.)

ס אָ ל נ ע ס: (שטעהענדיג נעבען טיר און ווייזענדיג מיט'ן

פינגער אויף דעם צימער פון די ציוובנער, שטילערהייד) זיינען זיי שוין אוועק?

ק א י א : (ווייך, שאקלענדיג מיט'ן קאפ) ניין.

(זי נעהמט אראב דעם דאשעק פון איבער די אויגען. ס א ל נ ע ס געהט דורך דעם צימער, גיט א וואָרף זיין הוט אויף א שטוהל, לעגט די פארטאפעליעס אויס'ן טיש ביי דער זאפע, און געהט צו צום שרייב-טיש.)

ק א י א : (זעצט פארט איהר שרייבען, נור זי זעהט אויס נערוועז און צוטראגען).

ס א ל נ ע ס : (אין דער הויך) וואס פערשרייבט איהר דאס, פריילין פאסלי?

ק א י א : (גיט זיך א וואָרף) אה, עס איז נור עפעס, וואס...

ס א ל נ ע ס : לאזט מיר א קוק טאן, פריילין פאסלי. (בויגט זיך צו צו איהר, מאכט זיך אז ער קוקט אין בוך און זאגט שטי-לערהייד) קאיא!

ק א י א : (ווייך, פארטזעצענדיג דאס שרייבען) וואס איז?

ס א ל נ ע ס : ווארום נעהמט איהר אימער ארונטער דעם דאשעק, ווען איך קום אריין?

ק א י א : (אין זעלבען טאן ווי פריהער) וויל מיט איהם זעה איך אוים הע‎סליך.

ס א ל נ ע ס : (שמייכלענדיג) אזוי, ווילט איהר, הייסט עס, ניט אויסזעהן הע‎סליך, קאיא?

ק א י א : אין קיין פאל ניט. ניט אין א י י ע ר ע אויגען.

ס א ל נ ע ס : (גלעט ליכט איהרע האר) ארעמע, ארעמע קאיאלע.

ק א י א : (אנבויגענדיג דעם קאפ) שש! זיי קענען נאך דערהערען.

ס א ל נ ע ס : (שפאצירט ארום אויף דער רעכטער זייט פון ציבער, דרעהט זיך אום און שטעהט א וויילע ביים צימער פון די ציוובנער) האט איך דא אימיצער נאכגעפרעגט אויף מיר?

ר א ג נ א ר : (הויבט זיך אויף) יאָ, דאָס יונגע פאָר פאָלק, וואָס ווילען זיך לאָזען בויען אַ ווילא נעבען לאָוסטראַנד.

ס אָ ל נ ע ס : (ברומענדיג) אָה, יענע צוויי! זיי מוזען ווארטען. איך בין נאָך אליין נים זיכער ווענען דעם פּלאַן.

ר א ג נ א ר : (קומענדיג נעהענטער, איינגעהאַלטען) זיי האָ־בען געוואָלט באלד זעהן די צייכנונגען.

ס אָ ל נ ע ס : (ווי פריהער) נו יאָ, פערשטעהט זיך, זיי אַלע ווילען אַלץ אויף גיך.

ב ר אָ ו ו י ק : (אַרויפקוקענדיג) זיי זאָגען, זיי וואָלטען שוין זעהר וועלען אַריינציהען אין אַן אייגענער היים.

ס אָ ל נ ע ס : יאָ, יאָ — דאָס ווייסען מיר! דעריבער זיי־נען זיי צופריערען צו נעהמען וואָס עס מאכט זיך. זיי בעקומען אַ דאך איבער זייערע קעפּ — אַן אדרעס, אָבער נים וואָס מען קען רופען אַ היים. ניין, איך דאַנקע! אויב אַזוי, לאָזען זיי געהן ערגעץ אַנדערסוואו. זאָגט זיי דאָס, ווען זיי וועלען נאָך אַמאָל קו־מען.

ב ר אָ ו ו י ק : (רוקט אַרויף די ברילען אויפ׳ן שטערען און קוקט אויף איהם פאַרוואונדערט) ערגעץ אַנדערס. זייט איהר בערייט אויפצוגעבען די אַרבייט?

ס אָ ל נ ע ס : (אונגעדולדיג) יאָ, יאָ, דער טייפעל זאָל דאָס נעהמען! אויב עס מוז אַזוי זיין — בעסער דאָס, איידער בויען אָהן אַ שום טאַלק. (אַרויספּלאַצענדיג) און דאַן קען איך נאָך די לייטע זעהר ווינציג.

ב ר אָ ו ו י ק : די לייטע זיינען זיכער גענוג. ראַגנאַר קען זיי. ער איז דאַרט אַן איינגעהער אין הויז. גאַנץ זיכערע מענשען.

ס אָ ל נ ע ס : אָה, זיכער — זיכער! נים דאָס בין איך אויסען. מיין גאָט — פערשטעהט איהר מיך אויך נים? (מיט כעס) איך וועל גאָר נים האָבען צו טאָן מיט די פ ר ע מ ד ע מענשען. פון מיינטוועגען מעגען זיי זיך ווענדען צו וועמען זיי ווילען.

ב ר אָ ו ו י ק : (זיך אויפהויבענדיג) מיינט איהר דאָס ווירקליך?

ס אָ ל נ ע ם : (בלאָזט זיך) יאָ, נעוויס — זאָל דאָס מאָל זיין אַזוי. (שפּאַציערט איבער'ן צימער.)

ב ר אָ ו ו י ק : (וואַרפט זיך איבער מיט אַ בליק מיט ראַגנאַרען, וועלכער מאַכט אַ וואָרנונגס־צייכען. דאַן קומט ער אַרויס אין פאָדערשטען צימער) קען איך מיט אייך רעדען עטליכע ווערטער?

ס אָ ל נ ע ם : נעוויס.

ב ר אָ ו ו י ק : (צו קאַיאַ'ן) גייה אריין אהין אויף אַ ווײַלע, קאַיאַ.

ק אַ י אַ : (אונרוהיג) אַה, אָבער אָנקעל —

ב ר אָ ו ו י ק : טו, ווי איך הייס דיר, מיין קינד, און פערמאַך די טיר הינטער זיך.

(קאַיאַ געהט אָהן חשק אין צימער פון די צייכנער, זעהט אַן פאַלגעסען בעטענדיג און מאַכט צו די טיר.)

ב ר אָ ו ו י ק : (שטילער) איך וויל ניט אז די אָרעמע קינדער זאָלען וויסען, ווי קראַנק איך בין.

ס אָ ל נ ע ם : יאָ, איהר זעהט זעהר שלעכט אויס די לעצטע צייט.

ב ר אָ ו ו י ק : באַלד וועל איך אינגאַנצען ניט זיין אויף דער וועלט. מיינע כחות געהען אויס פון טאָג צו טאָג.

ס אָ ל נ ע ם : זעצט זיך.

ב ר אָ ו ו י ק : איך דאַנק אייך — אויב איהר ערלויבט.

ס אָ ל נ ע ם : (אַוועקשטעלענדיג דעם לעהנשטוהל בעקוועמער) אָט דאָ, ביטע. נו?

ב ר אָ ו ו י ק : (זעצט זיך שווערליך) דאָס וויל איך מיט אייך רעדען וועגען ראַגנאַרען. עס ליעגט מיר אַ לאַסט אויפ'ן קאָפּ. וואָס וועט פון איהם ווערען?

ס אָ ל נ ע ם : נו, נאַטירליך, בלייבט ער ביי מיר אַזוי לאַנג ווי ער וויל נור אַליין.

ב ר אָ ו ו י ק : דאָס איז טאַקע וואָס איהם נעפעלט ניט. ער פיהלט, אז ער קען מעהר ביי איך ניט פערבלייבען.

ס אָ ל נ ע ם : פאַר וואָס? מיר דאַכט, עס געהט איהם דאָ גאַנץ גוט, אויב ער וויל מעהר געהאַלט וועל איך גערן...

ב ר אָ ו ו י ק :ניין, ניין, ניט דאָס איז דער עיקר. (אונגעדולדיג) פריהער אָדער שפּעטער מוז ער דאָך אויך האָבען די מעגליכקייט צו טאָן עפּעס זעלבסטשטענדיג.

ס אָ ל נ ע ם : (ניט קוקענדיג אויף איהם) דענקט איהר, אז ראַגנאַר האָט גענוג טאַלאַנט צו אַרבייטען זעלבסטשטענדיג?

ב ר אָ ו ו י ק : ניין, אָט דאָס איז טאַקע דער אומגליק — איך האָב אָנגעהויבען צווייפלען אין דעם יונג, ווייל איהר האָט נאָך קיין מאָל קיין איין גוט וואָרט וועגען איהם ניט געזאָגט. און דאָך, שיינט מיר, אַז אין איהם זאָל עפּעס זיין — עס איז אונמעגליך, אז ער זאָל גאָר קיין טאַלאַנט ניט האָבען.

ס אָ ל נ ע ם : אָבער ער האָט נאָך גאָרנישט געלערנט — אויסער, נאַטירליך, צו צייכנען.

ב ר אָ ו ו י ק : (קוקט אויף איהם מיט פערבאָרגענעם האַס און זאָגט הייזערדיג) א י ה ר האָט זעהר ווענינ געלערנט, ווען איך האָב אייך בעשעפטיגט. דאָך האָט דאָס אייך ניט צוריקגעהאַלטען פון נעהמען זיך צו דער ארבייט — (אָטעמט שווער) שטייגען הויך, און אַרויסנעהמען דעם ווינד פון מיינע זעגלען — פון מיינע — און פיעלע אַנדערע.

ס אָ ל נ ע ם :יאַ, זעהט איהר — מ י י נ ע אומשטענדען זיינען געוועזען גינסטיגע.

ב ר אָ ו ו י ק : דאָ זייט איהר גערעכט. דער שיקזאַל איז געוועזען גוט צו אייך. אָבער ווי האָט איהר דאָס הארץ צו לאָזען מיך אַוועקגעהן פון דער וועלט — ניט האָבענדיג געזעהען וואָס ראַגנאַר קען אויפטאָן? און דאַן וואָלט איך טאַקע זעהר וועלען זיי זעהען פערהייראַטעט — איידער איך שטאַרב.

ס אָ ל נ ע ם : (שאַרף). הייסט עס, זי וויל דאָס אַזוי?

ב ר אָ ו ו י ק : ניט אַזוי קאַיאַ ווי ראַגנאַר. ער רעדט ווע-

גען דעם יעדען טאָג. (בעטענדיג) אָה, איהר מוזט — איהר מ ו ז ט איהם העלפען קריגען עפּעס זעלבסטשטענדיגע ארבייט! איך מ ו ז זעהן וואָס דער יונג קען אויפטאָן. איהר הערט?

ס אָ ל נ ע ם: (צורייצט) איהר קענט דאָך ניט ערווארטען אז איך זאָל איהם קריגען בעשטעלונג פון דער לבנה!

ב ר אָ ו ו י ק: איצט האָט ער גראָד א געלעגענהייט צו קריגען א גוטע בעשטעלונג, אן אויסגעצייכענטע שטיקעל אר־בייט.

ס אָ ל נ ע ם: (אונרוהיג און צוטישט) האָט ער ווירקליך?

ב ר אָ ו ו י ק: ווען א י ה ר זאָלט געבען אייער צושטימונג.

ס אָ ל נ ע ם: וואָס פאר אן ארבייט מיינט איהר?

ב ר אָ ו ו י ק: (א ביסעל צוריקגעהאלטען) ער קען קריגען צו בויען יענע ווילא ביי לאווסטראנד.

ס אָ ל נ ע ם: יענע! אָבער יענע וויל איך דאָך אליין בויען!

ב ר אָ ו ו י ק: אָה, אָבער איהר ווילט דאָך דאָס ניט זעהר שטאַרק.

ס אָ ל נ ע ם: (ווערענדיג אויפגערעגט) איך וויל דאָס ניט! איך! ווער וואַגט דאָס צו זאָגען?

ב ר אָ ו ו י ק: איהר האָט דאָס ערשט אליין געזאָגט.

ס אָ ל נ ע ם: אָה, קימערט זיך ניט וועגען דעם וואָס איך ז אָ ג. — וואָלטען זיי דען געגעבען ראגנארען די ארבייט?

ב ר אָ ו ו י ק: יא. פערשטעהט איהר מיך, ער קען די פאמיליע. און דאן האָט ער — נור אזוי צום שפּאס — געמאכט צייכנונגען, אויסרעכענונגען און אזוי ווייטער —

ס אָ ל נ ע ם: זיינען זיי צופריעדען מיט די צייכנונגען? איך מיין די מענשען, וואָס דארפען דאָרט וואָהנען?

ב ר אָ ו ו י ק: יא, ווען איהר זאָלט זיי נור דורכקוקען און זאָגען אז זיי זיינען גוט.

ס אָ ל נ ע ם: דאן וואָלטען זיי געלאָזט ראגנארען בויען זייער היים?

ב ר אַ ו ו י ק : זיי זיינען זעהר צופרידען מיט זיין פּלאַן. זיי האַלטען עס פאַר גאַנץ אָריגינעל.

ס אַ ל נ ע ס : אהא ! אָריגינעל ! ניט די אַלטמאָדישע זאַכען, וואָס א י ך ברייננ געוועהנליך ארוים.

ב ר אַ ו ו י ק : עס האָט זיי געשיינט צו זיין א נ ד ע ר ס.

ס אַ ל נ ע ס : (מיט איינגעהאַלטענע אויפגערעגטקייט) הייסט עס, זיי זיינען געקומען אהער צו ראַגנאַרען — ווען איך בין דאָ ניט געוועזען !

ב ר אַ ו ו י ק : זיי זיינען געקומען צו א י י ך — און צו דערזעלבער צייט, נאָכצופרעגען אויב איהר ווילט זיך ניט צוריקציהען —

ס אַ ל נ ע ס : (מיט כעס) צוריקציהען זיך ! איך !

ב ר אַ ו ו י ק : אין פאַל איהר וואָלט דענקען, אז ראַגנאַר'ס צייכנונגען...

ס אַ ל ע נ ס : איך ! צוריקציהען זיך פון אייער זוהנ'ס וועגען !

ב ר אַ ו ו י ק : זיי האָבען געמיינט זיך צוריקציהען פון דעם אָבמאַך.

ס אַ ל נ ע ס : אָה, עס איז אַלץ איינס. (לאַכט מיט כעס) הייסט עס, אזוי איז דאָס, הא ? האַלוואַרד סאָלנעס דאַרף שוין זעהן זיך צוריקציהען ! מאַכען פּלאַץ פאַר די יונגע ! פּיליכט פאַר די נאָר יונגענקע ! ער דאַרף מאַכען פּלאַץ ! פּלאַץ ! פּלאַץ !

ב ר אַ ו ו י ק : ווארום דען, מיין גאָט ! עס איז דאָך זיכער דאָ פּלאַץ פאַר מעהר ווי איין מענשען.

ס אַ ל נ ע ס : אָה, עס איז נאָר ניטאָ אזוי פיעל איבעריג פּלאַץ, ווי איהר מיינט. נור ווי די זאַך זאָל ניט זיין — איך וועל זיך קיין מאָל ניט צוריקציהען ! איך וועל קיין מאָל קיינעם קיין פּלאַץ ניט אָבטרעטען ! קיין מאָל ניט פריייוויליג ! קיין מאָל אין מיין לעבען וועל איך ד א ס ניט טאָן !

ב ר אַ ו ו י ק : (הויבט זיך אויף מיט מיה) דאַן זאָל איך, הייסט עס, אוועקגעהן פון דער וועלט אָהן א שום געוויסהייט ? אָהן

א שיין פון גליק? אָהן אַ שום גלויבען און פערטרויען אין ראמאַ־
רען? נים האָבענדיג געזעהן כאָטש איין שטיקעל ארביים זיינע?
מוז עס אזוי זיין?

סאָלנעס: (קעהרט זיך אום האלב אָן אַ זיים און מורמעלט)
ה׳ם — פרעגט מיך אצונד נישט מעהר.

בראָוויק: אָבער איין זאַך ענטפערט מיר: מוז איך
אוועק פון׳ם לעבען אין אזא פאַלשטענדיגען דלות?

סאָלנעס: (שיינט צו קעמפפען מיט זיך אליין; ענדליך
זאָגט ער אין אַ שטילען אָבער בעשלאָסענעם טאָן) איהר מוזט אוועק
פון לעבען אזוי גוט ווי איהר קענט.

בראָוויק: נו, זאָל זיין אזוי. (געהט דורכ׳ן צימער).

— סאָלנעס: (געהט איהם נאָך, האַלב פערצווייפעלט) פער־
שטעהט איהר דען נים, אז איך קען נים אנדערש? וואָס איך בין,
בין איך, און איך קען מיין נאַטור נים ענדערען!

בראָוויק: ניין, ניין, דאָס קענט איהר מסתמא נים.
(ער וואַקעלט און שפּארט זיך אָן אָן זאָפאַ־טיש) קען איך קריגען א
גלאָז וואסער?

סאָלנעס: געוויס, געוויס! (גיסט אָן אַ גלאָז וואַסער און
דערלאַנגט איהם).

בראָוויק: איך דאנק אייך (טרינקט און שטעלט צוריק
אוועק די גלאָז).

סאָלנעס: (געהט צו און עפענט די טיר פון די צייכנער׳ס
צימער) קומט אריין און פיהרט אוועק אייער פאָטער אהיים.

(ראַגנער הויבט זיך שנעל אויף. ער און קאַיאַ קומען
אריין אין ארביים־צימער).

ראגנאר: וואָס איז געשעהן, פאָטער?

בראָוויק: גיב מיר דיין האנד. איצטער קענען מיר
געהן.

ראגנאר: גוט. און דו, קאיא, האָסט זיך אויך געראַשט
אָנטון און געהן.

ס אַ ל נ ע ם : פרײלין פאַסלי מוז דאַ בלײבען אַ װײלע. איך װיל זי זאָל אָנשרײבען אַ בריעף.

ב ר אַ װ י ק : (קוקט אויף סאַלנעסען) גוטע נאכט. שלאָפט רוהיג — אויב איהר קענט.

ס אַ ל נ ע ם : גוטע נאכט.

(ב ר אַ װ י ק און ר אַ נ א ר געהען ארויס דורכ'ן פאָרדער־צימער. ק אַ י אַ געהט צו צום שרײב־טיש. ס אַ ל נ ע ם שטעהט מיט אַן אָראָבגעלאָזענעם קאָפּ בײ דער רעכטער זײט פון לעהנשטוהל).

ק אַ י אַ : (אומזיכער) מײנט איהר טאקע אַ בריעף ? —

ס אַ ל נ ע ם : (קורץ) נײן, נעװײס נים. (קוקט אויף איהר שטרענג) קאיאַ !

ק אַ י אַ : (שטיל, מיט אנגסט) נו ?

ס אַ ל נ ע ם : (װײזט אָן, בעפעהלענדיג, אויף אַ פ[illegible] קומט אהער ! שנעל !

ק אַ י אַ : (ניט אײלענדיג) יאַ.

ס אַ ל נ ע ם : (װי פריהער) נעהענטער !

ק אַ י אַ : (פאָלגענדיג) װאָס װילט איהר פון מיר ?

ס אַ ל נ ע ם : (קוקט אויף איהר אַ װײלע) דאַרף איך עס א י י ך דאנקען פאר דאָס אַלעס ?

ק אַ י אַ : נײן, נײן, גלויבט עס נים !

ס אַ ל נ ע ם : אָבער, זאָגט דעם אמת — איהר װילט חתונה האָבען ?

ק אַ י אַ : (װײך) ראגנאר און איך זײנען פערלאָבט שוין פיער—פינף יאָהר, און דעריבער —

ס אַ ל נ ע ם : און דעריבער, דענקט איהר, איז שוין צײט, עס זאָל נעמען אַן ענדע. נים װאהר ?

ק אַ י אַ : ראגנאר און דער אָנקעל זאָגען איך ז אָ ל. דענק איך, אז איך װעל מוזען נאָכגעבען.

ס אַ ל נ ע ם : (עדעלער) קאיא, האָט איהר נים, אין גרונד גענומען, אביסעל ליעב ראגנארען ?

ק א י א : איך האָב ראַנגאַרען אַמאָל זעהר ליעב געהאַט — איידער איך בין צו אייך געקומען.

ס אָ ל נ ע ס : אָבער איצט שוין ניט מעהר ? גאָר אין גאַנ־צען ניט ?

ק א י א : (לײדענשאַפּטליך, אויסשטרעקענדדיג צו איהם איהרע צוזאַמענגעלעגטע הענד) אָה, איהר ווייסט גאַנץ גוט אז איצט איז דאָ נור איינער, וועמען איך ליעב ! איין איינציגער אין דער גאַנ־צער וועלט. איך וועל שוין מעהר קיין מאָל קיין אנדערען ניט ליעבען !

ס אָ ל נ ע ס : יאָ, איהר זאָגט אזוי און דאָך געהט איהר אוועק — און לאָזט מיך אליין מיט אזוי פיעל זאַכען אויף מיין קאָפּ.

ק א י א : אָבער, קען איך דען ניט בלייבען מיט אייך, אפילו ווען ראַנגאַר — ?

ס אָ ל נ ע ס : (צוריקווייזענדדיג דעם געדאַנק) ניין, ניין, דאָס איז אונמעגליך. אויב ראַנגאַר וועט מיך פערלאָזען און אָנ־פאַנגען ארבייטען זעלבסטשטענדיג, דאַן וועט ער אייך געוויס אליין דארפען.

ק א י א : (ברעכענדדיג די הענד) אָה, איך ק ע ן זיך פון אייך ניט שיידען ! — עס איז דורכאויס אונמעגליך !

ס אָ ל נ ע ס : אויב אזוי, זעהט זשע, טרייבט ארויס די נארישע געדאַנקען פון ראַגנאַרס קאָפּ. האָט זיך מיט איהם חתונה ווי פיעל איהר ווילט — (ענדערט דעם טאָן) איך מיין — לאָזט איהם ניט אוועקוואַרפען די גוטע שטעלע, וואָס ער האָט ביי מיר, ווייל אזוי קען איך א י י ך אויך האַלטען, ליעבע קאַיאַ.

ק א י א : אָה, יאָ, ווי גוט דאָס וואָלט געווען, ווען עס זאָל נור מעגליך זיין.

ס אָ ל נ ע ס : (נעהמט ארום איהר קאָפּ מיט ביידע הענד. שטיל) ווייל איך ק ע ן אָהן אייך ניט זיין, איהר פערשטעהט. איך מוז אייך יעדען טאָג האָבען נעבען זיך.

ק א י א : (נערוועז ענטציקט) מיין גאָט ! מיין גאָט !

ס אַ ל נ ע ס : (קושט איהרע האָר) קאַיאַ — קאַיאַ !

ק אַ י אַ : (זינקט ארונטער נעבען איהם) אָה, ווי גוט איהר זייט צו מיר ! ווי אונבעשרייבליך גוט איהר זייט !

ס אַ ל נ ע ס : (היציג) שטעהט אויף ! אום גאָטעס ווילען שטעהט אויף ! מיר דאכט, איך הער אימעצען קומען !

(ער העלפט איהר אויפשטעהן. זי שלעפט זיך צו צום שרייב־טיש.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס קומט אריין פון מיר רעכטס. זי זעהט אויס מאָגער און אויסגעצעהרט פון צרות, אָבער עס זיינען אין איהר דאָ סימנים פון אַמאָליגער שעהנהייט. בלאָנדע לאָקען. געשמאַקפאָל געקליי־דעט אין גאַנצען אין שוואַרצען. רעדט שטיל און אין אַ וויינענדיגער שטימע.)

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : (אין טיר) האלוואַרד !

ס אַ ל נ ע ס : (קעהרט זיך אום) דאָס ביסט דו, ליעבע — ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : (וואַרפענדיג אַ בליק אויף קאַיאַ'ן) איך האָב מורא, איך שטער אייך.

ס אַ ל נ ע ס : דורכאויס ניט. פריילין פאָסלי האָט נור אַ קורצען בריעף צו שרייבען.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : יאָ, דאָס זעה איך.

ס אַ ל נ ע ס : וואָס ווילסט דו, אלינאַ ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : איך האָב דיר נור געוואָלט זאָגען, אז דר. הערדאַל איז אין גאַסט־צימער. ווענסט פיליכט אריינגעהן זיך זעהן מיט איהם, האלוואַרד ?

ס אַ ל נ ע ס : (קוקט אויף איהר מיט פערדאַכט) ה'ם — איז דער דאָקטאָר אזוי שטאַרק גערן מיט מיר צו רעדען ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : נו, ניט גראָד זעהר שטאַרק, ער איז איינענטליך געקומען צו מיר. אָבער, אז ער איז שוין דאָ, וואָלט ער דיך אויך וועלען זעהן.

ס אַ ל נ ע ס : (לאַכט צו זיך אַליין) יאָ, וואהרשיינליך. נו בעט איהם, ער זאָל וואַרטען אַ ווײַלע.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : ווענסט דו שפּעטער אריין קומען ?

סאַלנעס: פיליִיכט, שפּעטער, שפּעטער, ליעבע אלינע, באלד.

פּרוי סאַלנעס: (וואַרפט נאָך אַ מאָל אַ בליק אויף קאיא'ן.) נו, זאָלסט דו שוין ניט פערגעסען, האלווארד. (געהט אַרויס און פערמאַכט די טיר הינטער זיך.)

קאיא: (ווייך) מיין גאָט, מיין גאָט — די גנעדיגע פרוי מוז אודאי האָבען עפּעס אַ שלעכטע מיינונג וועגען מיר!

סאַלנעס: אָה, נים אַ האָאַר! גיט ערגער ווי אימער, יערענפאַלס. אָבער בעסער געהט איצט אַוועק, קאיא.

קאיא: יא, יא, איצט מוז איך געהן.

סאַלנעס: (שטרענג) און גערענקט צו ברענגען אין אָרד־נונג יענע געשיכטע פאַר מיר, איהר הערט?

קאיא: אָה, ווען עס וואָלט זיך נור ווענדען אָן מיר. —

סאַלנעס: איך וויל דאָס האָבען אין אָרדנונג גע־בראַכט, זאָג איך! און מאָרגען — ניט איין טאָג שפּעטער!

קאיא: (דערשראָקען) אויב עס קען אנדערש ניט זיין, בין איך בערייט צו מאכען אן ענדע מיט איהם.

סאַלנעס: (מיט כעס) אָן ענדע מאַכען? זענט איהר פערריקט? איהר ווילט גאָר מאַכען אָן ענדע?

קאיא: (פערצווייפעלט) יא, אויב נויטהיג. ווייל איך מוז — איך מוז בלייבען מיט אייך! איך קען פון אייך ניט אוועקגעהן! דאָס איז גאָר — גאָר אונמעגליך!

סאַלנעס: (אַרויספּלאַצענדיג מיט אַ מאָל) אָבער צום טייפעל — וואָס וועט דאָן זיין וועגען ראגנארען! ראגנאר איז עס דאָך וועלכען איך...

קאיא: (קוקט אויף איהם מיט צושראָקענע אויגען) הייסט עס, אז די הויפּט זאַך איז צוליעב ראגנאר'ן וואָס איהר — וואָס איהר...

סאַלנעס: (ווערענדיג געלאַסענער) ניין, ניין, געוויס ניט! איהר פערשטעהט מיך אויך ניט. (עדעל און ווייך) געוויס זייט איהר דאָס, וועמען איך וויל האלטען — אייך הויפּטזעכליך,

קאיא. נור טאקע דערפאר מוזט איהר זעהן, אז ראגנאר זאל ניט אוועקווארפען זיין שטעלע. נו — איצט געהט אהיים.

קאיא: יא, יא, — א גוטע נאכט!

סאלנעס: א גוטע נאכט. (ווי זי געהט אוועק) אך! ווארט א ווײלע! זיינען ראגנאר'ס צייכנונגען דארטען?

קאיא: איך האב ניט בעמערקט, ער זאל זיי האבען גע־נומען מיט זיך.

סאלנעס: נו, געהט זשע אריין און זוכט זיי מיר אויס. אפשר וועל איך זיי איבערקוקען.

קאיא: (גליקליך) אָה, יא, איך בעט אייך, טוט עס!

סאלנעס: פון אייערט וועגען, ליעבע קאיא. נו, גיט־זשע מיר זיי גלייך!

קאיא: (געהט געשווינד אריין אין צימער פון די צייכנער, זוכט מיט אנגסט אין טיש־קעסטעל, נעהמט ארויס א פארטפאליע און ברענג עס אריין) אט דא זיינען אלע צייכנונגען.

סאלנעס: גוט. לעגט זיי דארט אוועק אויפ'ן טיש.

קאיא: (אוועקלעגענדדיג די פארטפאליע) איצט, א גוטע נאכט. (מיט א טאן פון געבעט) און דענקט וועגען מיר צו גוטען.

סאלנעס: אָה, דאס טוה איך אימער. א גוטע נאכט, ליעבע קאיאלע. (קוקט רעכטס) נו, איצט געהט, געהט שוין!

(פרוי סאלנעס און דר. הערדעל קומען אריין דורך די טיר רעכטס. ער איז אן עלטערער, דיקער מאן מיט א רונ־דען, גוטען געזיכט, ראזירט, מיט דינע, העלע האר און גאלדענע ברילען).

פרוי סאלנעס: (נאך אלץ שטעהענדיג אויפ'ן שוועל) האלווארד, איך קען דעם דאקטאר שוין לענגער ניט פערהאלטען.

סאלנעס: נו, קומט אריין דא.

פרוי סאלנעס: (צו קאיא'ן, וועלכע פערדרעהט דעם לאמפ אויפ'ן שרייב טיש) האט איהר שוין אנגעשריבען דעם בריעף, פריילין פאסלי?

קאיא: (צומישט) דעם בריעף — ?

סאלנעס: יא, עס איז געוועזן א גאנץ קורצער.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : ער האָט געמוזט זיין זעהר קורץ.

ס אָ ל נ ע ם : איצט קענט איהר געהן, פריילין פּאָסלי, און קומט אין צייט מאָרגען פריה.

ק א י א : געווים וועל איך קומען אין צייט. א גוטע נאַכט, גנעדיגע פרוי. (זי געהט ארויס דורכ'ן גאַרדערציממער.)

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : דו מוזט זיין זעהר צופריעדען מיט איהר, האלווארד, — מיט פריילין פּאָסלי.

ס אָ ל נ ע ם : יאָ, ווירקליך. זי איז נוצליך אין פערשיעדענע היננזיכטען.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : אזוי זעהט עס אויס.

ד ר. ה ע ר ד ע ל : איז זי א גוטע בוכהאלטערין אויך ?

ס אָ ל נ ע ם : נו געווים, עפּעס פּראקטיקע האָט זי דאָך גע־האט אין די צוויי יאָהר. און דאן איז זי אזוי גוטמוטיג און גע־האָרכזאם.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : יאָ, דאָס מוז זיין זעהר אנגענעהם —

ס אָ ל נ ע ם : יאָ. בפרט ווען מען איז ניט געוועהנט דערצו.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : (מיט מילדען פאָרוואורף) האלווארד, קענסט דו דאָס זאָגען ?

ס אָ ל נ ע ם : אָ, ניין, ניין, ליעבע אלינע ; פערצייה מיר.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : עס מאַכט ניט אויס. נו, דאָקטאָר, וועט איהר קומען טהיי טרינקען מיט אונז ?

ד ר. ה ע ר ד ע ל : איך דארף נור איין קראנקען בעזוכען, און דאן קום איך צוריק.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : איהר זייט זעהר ליעבענסווירדיג. (זי געהט ארויס דורך די טיר רעכטס.)

ס אָ ל נ ע ם : איהר איילט זיך, דאָקטאָר ?

ד ר. ה ע ר ד ע ל : ניין, דורכאויס ניט.

ס אָ ל נ ע ם : קענען מיר זיצען און שמועסען אביסעל ?

ד ר. ה ע ר ד ע ל : מיט דעם גרעסטען פערגעניגען.

ס אָ ל נ ע ם : לאָמיר זיך אנידערזעצען. (ווייזט דעם

דאָקטאָר אויף דעם שאָקעל־שטוהל און אליין זעצט ער זיך אין לעהנ־שטוהל; מיט אַ פאַרשעגדעו בליק) זאָגט, האָט איהר עפּעס בעמערקט אויף אלינען ?

ד ר. ה ע ר ד ע ל : איהר מיינט נאָר־וואָס, ווען זי איז דאָ געווען ?

ס אַ ל ג ע ס : יאָ. אין איהר בענעהמען צו מיר. האָט איהר גאָרניט געמערקט ?

ד ר. ה ע ר ד ע ל : (שמייכלענדיג) נו, הערט — דאָס מוז יעדערער מערקען. אייער פרוי — ה'ם —

ס אַ ל נ ע ס : נו ?

ד ר. ה ע ר ד ע ל : אז אייער פרוי איז ניט שטארק פער־ליעבט אין דיעזער פריילין פאַסלי.

ס אַ ל נ ע ס : איז דאָס אלעס ? ד אָ ס האָב איך אויך בעמערקט.

ה ע ר ד ע ל : און עס איז מיר אייגענטליך קיין וואונדער ניט.

ס אַ ל נ ע ס : וואָס איז אייך ניט קיין וואונדער ?

ה ע ר ד ע ל : וואָס זיא איז ניט שטארק צופריעדען, אז איהר זאָלט גאנצע טעג נעבען זיך האָבען אן אנדער פרויענצימער.

ס אַ ל נ ע ס : נו, אין דעם, קען זיין, זיים איהר גערעכט. און אלינע אויך. אָבער ד אָ ס — דאָס קען אנדערש ניט זיין.

ה ע ר ד ע ל : קענט איהר דען ניט קריגען קיין בוכהאַלטער ?

ס אַ ל נ ע ס : דעם ערשטען־בעסטען וואָס וואָלט זיך מאכען ? ניין, אַ דאנק אייך — דערמיט קען איך קיינמאָל ניט זיין איינ־שטימיג.

ה ע ר ד ע ל : אָבער אויב אייער פרוי — ? איך מיין, ווי איז, אַ שטייגער, אויב דאָס איז פאר אייער פרוי, מיט איהר שוואַ־כען געזונד, אַ צו־גרויסע אויפרעגונג ?

ס אַ ל נ ע ס : נו, דאן, קומט מיר אויס צו זאָגען, אז מען קען דערצו גאָר ניט העלפען. איך מ ו ז האַלטען קאַיאַ פאַסלי. קיינער קען ניט פערנעהמען איהר שטעלע.

ד ר. ה ע ר ד ע ל : קיינער ניט ?

ס אַ ל נ ע ם : ניין, קיינער נים.

ה ע ר ד ע ל : (צורוקענדדיג געהענטער זיין שטוהל). הערט מיך אוים, מיין ליעבער הערר סאַלנעם. מעג איך איך פרעגען אַן אינטימע פראגע ?

ס א ל נ ע ם : בימע.

ה ע ר ד ע ל : פרויען, פערשטעהט איהר מיך, האַבען אין געוויסע היגזיכטען א פערדאמט שארפען אינסטינקט.

ס אַ ל נ ע ם : דאַס האַבען זיי ווירקליך, קיין צווייפעל נים. אַבער — ?

ה ע ר ד ע ל : נו, גוט. הערט זשע ווייטער. ווען אייער פרוי קען אזוי נים ליידען אַט די קאַיאַ פּאַסלי — ?

ס אַ ל נ ע ם : נו, איז וואַס ?

ה ע ר ד ע ל : האַט זי דען נים גאַר — גאַר קיין שום שאַטען פון אַן אורזאך פאַר אזא אינסטינקטיווע שנאה ?

ס אַ ל נ ע ם : (קוקט אויף איהם זיך אויפהויבענדיג) אַהאַ !

ה ע ר ד ע ל : האַט נים קיין פעראיבעל — אַבער ה אַ ט זי נים ?

ס אַ ל נ ע ם : (קורץ און שארף) ניין.

ד ר. ה ע ר ד ע ל : אזוי גאַר, קיין שום אורזאך ?

ס אַ ל נ ע ם : קיינע, אויסער איהר אייגענע פערדעכטיגע נאַטור.

ה ע ר ד ע ל : איך וויים, אז איהר האָט פיעלע פרויען גע־קענט אין אייער לעבען.

ס אַ ל נ ע ם : דאַס לייקען איך נים.

ה ע ר ד ע ל : און אייניגע פון זיי האָט איהר גאַנץ גערן געהאַט.

ס אַ ל נ ע ם : אַה, יאַ, דאַס איז אויך אמת.

ה ע ר ד ע ל : אַבער, וואַס אנבעלאנגט פרייליין פּאַסלי — ? הייסט עס, איז דאַס גאַר נים דער פאַל ?

ס אַ ל נ ע ל : ניין, נים פון מ י י ן זייט.

ה ע ר ד ע ל : אַבער, פון דער אנדערער זייט ?

ס אַ ל נ ע ם : אזעלכע פראגען, שיינט מיר, האָט איהר קיין רעכט ניט צו פרעגען, דאָקטאָר.

ה ע ר ד ע ל : אמת, אָבער, פערשטעהט איהר, מיר שמועסען דאָך וועגען אייער פרוי'ס אינסטינקטיווען געפיהל.

ס אַ ל נ ע ם : גאַנץ ריכטיג. און, דעם אמת זאָגענדיג (רעדט שטילער), איז אַלינעם אינסטינקטיווער געפיהל, ווי איהר רופט עס, אין אַ געוויסען זינען גאָרניט אזוי ווייט פון וועג.

ה ע ר ד ע ל : אַה, זעהט איהר שוין!

ס אַ ל נ ע ם : (זעצט זיך) דר. הערדעל — איך וועל אייך דערצעהלען אַ זאָנדערבאַרע געשיכטע — אויב איהר האָט חשק אויסצוהערען.

ה ע ר ד ע ל : זאָנדערבאַרע געשיכטען הער איך אימער גערן.

ס אַ ל נ ע ם : נו, גוט. איך רעכען איהר געדענקט נאָך, אז איך האָב אריינגענומען קנוט בראָוויק מיט זיין זוהן צו זיך — ווען דעם אַלטען'ס געשעפטען האָבען אָנגעהויבען צו געהן זעהר שלעכט.

ה ע ר ד ע ל : יע, דאָס ווייס איך.

ס אַ ל נ ע ם : אין גרונד גענומען זיינען זיי, ווייסט איהר, ביידע זעהר פעהיגע מענשען. יעדער פון זיי האָט טאַלאַנט אין זיין פאַך. נו, האָט זיך אָבער דעם זוהן פערגלוסט אַ חתן צו ווערען; און אַז ער איז געוואָרען אַ חתן האָט ער שוין נאַטירליך, געוואָלט חתונה האָבען און אָנפאַנגען בויען זעלבסטשטענדיג. אזוי זיינען שוין אַלע יונגע לייט.

ה ע ר ד ע ל : (לאַכענדיג) יא, זיי האָבען אַ שלעכטע געוועהנ־הייט צו וועלען חתונה האָבען.

ס אַ ל נ ע ם : גאַנץ ריכטיג. עס האָט אָבער, פערשטעהט זיך, פאַר מ י ר ניט געלוינט; ווייל איך האָב אַליין געדאַרפט האָבען ראַגנאַרען — און דעם אַלטען אויך. ער איז אויסגעצייכענט גוט אויף אויסצורעכענען דעם אויסהאַלט פון געשפּאַנטקייט און

די קובישע מאַסען — מיט די אַלע איבעריגע פּערדרעהעניסען דאַר־
טען, פערשטעהט איהר מיך.

הערדעל: אָה, יאַ. דאַס איז אַהן צווייפעל זעהר
וויכטיג.

סאַלנעס: געוויס. אָבער ראַננאר האָט זיך איינגע־
שפּאַרט, אז ער וויל ניט אנדערש ווי אָנפאַנגען אַרבייטען פאַר זיך.
עס האָבען קיין רייד ניט געהאָלפען.

הערדעל: און ער איז פון דעסטוועגען דאָך געבליבען
ביי אייך.

סאַלנעס: אָט וועל איך אייך דערצעהלען ווי אזוי דאָס
איז געוואָרען. איין מאָל איז אָט די מיידעלע, קאַיאַ פאַסלי, געקומען
אַהער זיי זעהען וועגען עפּעס — פריהער איז זי דאָ קיין מאָל ניט
געווען — און ווען איך האָב בעמערקט ווי שטאַרק פערליעבט זיי
זייַנען איינס אין צווייטען, איז מיר אריין אַ געדאַנק אין קאָפּ:
ווען עס גיט זיך מיר איין אריינצוקריגען זי אהער אין ביוראָ, וואָלט
דאַן ראַננאר אפשר אויך געבליבען ביי מיר.

הערדעל: דאָס איז טאַקע גאָר ניט געווען קיין שלעכטער
איינפאַל.

סאַלנעס: יאַ. אָבער דאַמאָלסט האָב איך קיין איינציג
וואָרט ניט געזאָגט וועגען דעם. איך בין נור געשטאַנען און האָב
געקוקט אויף איהר, און געהאַלטען אין איין שטאַרקען וועלען,
אז איך זאָל זי קענען דאָ האָבען. דאַן האָב איך צו איהר גערעדט
אַ פּאָר פריינדליכע ווערטער — וועגען פערשיעדענע זאַכען. און
זי איז זיך אוועק געגאַנגען.

הערדעל: נו?

סאַלנעס: קורץ און גוט, אויף מאָרגען, שפּעט אין
אָבענד, ווען ראַננאר און בראָוויק זיינען שוין געווען אוועקגעגאַנ־
גען אהיים, איז זי נאָך אַ מאָל געקומען און האָט זיך אזוי בענומען
פּונקט ווי איך וואָלט שוין געהאַט אָבגעמאַכט מיט איהר.

הערדעל: אָבגעמאַכט? וועגען וואָס?

סאַלנעס: טאַקע וועגען דאָס, וואָס איך האָב זיך אריינ־

נעקומען אין זין, אָבער האָב קיין איין איינציג וואָרט ניט געזאָגט.

ה ע ר ד ע ל : דאָס איז מערקווירדיג.

ס אָ ל נ ע ס : יא, ניט וואהר ? זי האָט זיך נאָכגעפרעגט וואָס זי האָט דאָ צו טאָן, צי זי קען גלייך אויף מאָרגען אָנפאַנגען א. ז. וו.

ה ע ר ד ע ל : דענקט איהר ניט, אז זי האָט דאָס געטאָן, כדי צו קענען זיין צוזאמען מיט איהר חתן ?

ס אָ ל נ ע ס : דאָס האָב איך אויך געקלערט אין אָנפאַנג. אָבער ניין, ניט דאָס איז געווען די אורזאַך. זי האָט זיך פון א י ה ם אין גאַנצען דערווייטערט, ווי נור זי איז אַהער צו מיר נעקומען.

ה ע ר ד ע ל : וואָס, זי איז דאן אריבערגעגאנגען צו אייך ?

ס אָ ל נ ע ס : יא, אין גאנצען. מאכט זיך אַ מאָל אז איך גיב אַ קוק אויף איהר, ווען זי שטעהט צו מיר מיט'ן רוקען, מערק איך, אז זי פיהלט עס. זי פלאַטערט און ווערט אַן אויפגעציטערטע ווי נור איך קום צו צו איהר. וואָס דענקט איהר וועגען דעם ?

ה ע ר ד ע ל : הם — דאָס לאָזט זיך שווין ערקלערען.

ס אָ ל נ ע ס : נו גוט, אָבער ווי ערקלערט איהר די אנדער זאַך — וואָס זי האָט געגלויבט אז איך האָב איהר געזאָגט דאָס, וואָס איך האָב נור געוואָלט און פערלאַנגט — שטיל — אין זיך — מיר פאַר מיר אליין ? וואָס זאָגט איהר דערצו ? קענט איהר דאָס ערקלערען, הערר דאָקטאָר ?

ה ע ר ד ע ל : ניין, דאָס נעהם איך זיך ניט אונטער.

ס אָ ל נ ע ס : איך האָב עס פריהער געוואוסט. דערפאַר טאקע האָב איך קיין מאָל ניט געוואָלט רעדען וועגען דעם. אָבער נאָך אַלעם דעם איז עס, פערשטעהט איהר מיך, א פערפלוכטע אָנ-שיקעניש אויף מיין קאָפּ. איך מוז אָט אַזוי כסדר, טאָג איין טאָג אויס זיך בענעהמען פונקט ווי איך וואָלט — און עס איז טאַקע אויך אַ פערברעכען געגען דער אָרעמער מיידעל. (האסטיג) אָבער איך ק ע ן ניט אַנדערש. דען אויב ז י וועט ענטלויפען פון מיר — דאַן וועט ראַגנאַר אויך אַוועקגעהן.

ה ע ר ד ע ל : און איהר האָט אייער פרוי ניט דערצעהלט דעם גאַנצען אמת וועגען דער געשיכטע ?

ס אַ ל נ ע ס : ניין.

ה ע ר ד ע ל : אָבער דו, ליעבער גאָט, פאַרוואָס דען ניט ?

ס אַ ל נ ע ס : (קוקט זיך איין אין איהם און זאָגט שטיל) יוייל איך נעפין א מין — א מין אנגענעהמע זעלבסט־קוועלעריי אין דעם וואָס איך לאָז אלינען מיר צו טהאָן אן אונרעכט.

ה ע ר ד ע ל : (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) איך הייב ניט אָן פער־שטעהן וואָס איהר מיינט.

ס אַ ל נ ע ס : פערשטעהט איהר מיך, עס קומט אויס, ווי איך וואָלט דערמיט אָבגעצאָהלט א קליינעם טהייל פון א גרויסען, שרעקליכען חוב —

ה ע ר ד ע ל : א חוב צו אייער פרוי ?

ס אַ ל נ ע ס : יא ; און דאָס העלפט א ביסעל צו בערוהי־גען דעם געמיטה. עס לאָזט זיך א ווײַלע לײַכטער אטעמען, פער־שטעהט איהר.

ה ע ר ד ע ל : נאַ, דער גוטער יאָהר ווייס עס. איך הייב ניט אָן זעהען —

ס אַ ל נ ע ס : (הויבט זיך אויף, אונטערברעכענדיג) נו, נו, נו, מיר וועלען מעהר וועגען דעם ניט רעדען. (ער געהט איבער'ן צי־מער, קעהרט זיך אום און שטעלט זיך אָב בײַם טיש. קוקט אויפ'ן דאָקטאָר מיט אַ גנבי'שען שמייכעל) איהר דיינקט, וואהרשיינליך, אז איצט האָט איהר בײַ מיר אַלעם ארויסגעצויגען, דאָקטאָר ?

ה ע ר ד ע ל : (אביסעל געררייצט) ארויסגעצויגען ? איך הייב נאָך א מאָל ניט אָן צו ווייסען וואָס איהר מיינט, הער סאָלנעס.

ס אַ ל נ ע ס : אה, קומט ארויס אָפען ; איך האָב עס דאָך גאַנץ קלאָר געזעהן.

ה ע ר ד ע ל : וואָס האָט איהר געזעהן ?

ס אַ ל נ ע ס : (שטיל און לאַנגזאָם) אז איהר האָט פון מיר שטילערהייט קיין אויג ניט אראָבגענומען.

ה ע ר ד ע ל : איך ! און צוליעב וואָס, אום גאָטעם ווי־לען — זאָל איך ד אָ ס טאָן ?

ס אָ ל נ ע ם : ווייל איהר דענקט אַז איך — (לוידענשאַפטליך) נו, צום טייפעל — איהר דענקט ווענען מיר דאָס זעלבע וואָס אלינע דענקט.

ה ע ר ד ע ל : און וואָס דענקט דען אייער פרוי ווענען אייך?

ס אָ ל נ ע ם : (בעהערשט זיך ווידער) זי האָט אָנגעפאַנגען דענקען, אַז איך בין — ווי זאָל איך דאָס זאָגען ? — קראַנק.

ה ע ר ד ע ל : קראַנק ! איהר ! מיר האָט זי ווענען דעם קיין וואָרט ניט געזאָגט. און וואָס דענקט זי דען איז מיט אייך, ליבער הערר סאָלנעס ?

ס אָ ל נ ע ם : (בויגט זיך אַן איבער'ן שטוהל און זאָגט זעהר שטיל) אלינע טראָגט זיך ארום מיט'ן געדאַנק, אַז איך בין משוגע. אָט ו ו אָ ס זי דענקט.

ה ע ר ד ע ל : (זיך אויפהויבענדיג) אָבער, ליעבער הערר סאָלנעס — !

ס אָ ל נ ע ם : אַזוי וואהר ווי איך לעב, זי דענקט עס ! אַזוי איז דאָס. און זי האָט דאָס אייך אויך איינגערעדט. אָה, איך פערזיכער אייך, דאָקטאָר — איך מערק עס אַזוי אייך גאַנץ דייט־ליך. מיך נאַרט מען ניט אַזוי לייכט, מוז איך אייך זאָגען.

ה ע ר ד ע ל : (קוקט אויף איהם פערוואונדערט) קיין מאָל — הערר סאָלנעס — קיין מאָל איז דאָס מיר אויף די געדאַנקען ניט געקומען.

ס אָ ל נ ע ם : (מיט אַן אונגלויבליכען געלעכטער) אַזוי ? ווירקליך ניט ?

ה ע ר ד ע ל : ניין, קיין מאָל ניט. און אייער פרוי האָט ווענען דעם אויך געוויס ניט געטראַכט. איך וואָלט דאָס כמעט גע־קענט שווערען.

ס אָ ל נ ע ם : נו, דאָס וואָלט איך אייך גראָד ניט געראַטהען. ווייל אין א געוויסען זינן, זעהט איהר, האָט זי פיליכט — פיליכט א שטיקעל גרונד אַזוי צו דענקען.

ה ע ר ד ע ל : געהט, נו. איך מוז ווירקליך זאָגען —

ס אַ ל נ ע ם : (אונטערברעכענדיג איהם, מיט אַ מאַך מיט דער האַנד) נו, נו, ליעבער דאָקטאָר, לאָמיר וועגען דעם מעהר ניט רעדען. זאָל יעדער פון אונז בלייבען ביי זיין מיינונג. (געהט איבער אין אביסעל אַ לוסטיגען טאָן.) _ אָבער, הערט נור, דאָקטאר — הם —

ה ע ר ד ע ל : נו ?

ס אַ ל נ ע ם : אויב איהר גלויבט טאקע ניט, אז איך בין — קראנק — און משוגע — און אזוי ווייטער — — —

ה ע ר ד ע ל : איז דאַן וואָס ?

ס אַ ל נ ע ם : דאַן שטעל איך מיר פאָר אז איהר מיינט אודאי אז איך בין אַן אויסערגעוועהנליך גליקליכער מענש.

ה ע ר ד ע ל : איז דאָס נור אַן איינבילדונג ?

ס אַ ל נ ע ם : (לאַכט) ניין, ניין! גאָט בעהיט! דענקט נור — צו זיין דער בוימייסטער סאָלנעס ! האַלוואַרד סאָלנעס ! אַ קליינינקייט !

ה ע ר ד ע ל : נו, איך מוז אייך זאָגען, מיר דאכט ווירקליך אז איך האָט זעהר געגליקט.

ס אַ ל נ ע ם : (אונטערדריקט אַ טרויעריגען שמייכעל) יאָ. אין דער הינזיכט קען איך זיך ניט בעקלאָגען.

ה ע ר ד ע ל. יאָ, ערשטענס, האָט אויף אייער מזל אָבגע־ברענט יענער אבשייליכער אַלטער רויבער־שלאָס, און דאָס איז זי־כער געווען אַ גרויס גליק.

ס אַ ל נ ע ם : (ערנסט) עס איז געווען די היים פון אַלינעס עלטערן, פערגעסט דאָס ניט, דאָקטאָר.

ה ע ר ד ע ל : יאָ, פאַר אייער פרוי האָט דאָס געמוזט זיין אַ שרעקליכער קלאַפּ.

ס אַ ל נ ע ם : זי האָט דאָס נאָך ביז היינטיגען טאָג ניט פערגעסען, ניט אין די גאַנצע דרייצעהן — פיערצעהן יאָהר.

ה ע ר ד ע ל : אָה, וואָס איז נאָכדעם געקומען האָט געמוזט זיין דאָס שרעקליכסטע פאַר איהר.

ס אַ ל נ ע ם : איינס מיט'ן אנדערען.

הערדעל: אבער איהר — איהר זעלבסט זייט ערהויבען געווארען פון יענעם חורבן. איהר האט אנגעפאנגען אלס ארעמער איינגעל פון דארף — און איצט זייט איהר דער גרעסטער אין אייער פאך. איהר ווייסט, הערר סאלנעס, איך האט ווירקליך זעהר נעגליקט.

סאלנעס: (קוקט אויף איהם מיט צווייפעל) יא, אבער טאקע דאס שרעקט דאך מיך אזוי.

הערדעל: ווי? איהר שרעקט זיך, ווייל עס גליקט אייך?

סאלנעס: עס שרעקט מיך — עס שרעקט מיך יעדע מינוט. ווייל דער מזל מוז זיך פריהער אדער שפעטער אומדרעהען, פערשטעהט איהר.

הערדעל: אך, אונזין. פאר וואס זאל זיך דער מזל אומדרעהען?

סאלנעס: (פעסט און זיכער) די יוגענד!

הערדעל: עס! די יוגענד! איך דענק, אז איהר זייט נאך אויך ניט אבגעלעבט. אה ניין — אייער פאזיציאן דא איז איצט דאכט זיך פעסטער, ווי זי איז ווען עס איז געוועזן.

סאלנעס: דער מזל וועט זיך אומדרעהען, איך ווייס עס — איך פיהל אז עס קומט. אימעצער וועט זיך ארייננעהמען אין זינען און וועט זאגען: גיב מיר א געלעגענהייט! און דאן וועלען אלע איבעריגע קומען מיט טענות נאך איהם, און וועלען אויסשטרעקען זייערע פויסטען אויף מיר און שרייען: מאך פלאץ — מאך פלאץ — מאך פלאץ! יא, אט ווי איהר זעהט, דאקטאר, באלד וועט די יוגענד קומען און אנקלאפען ביי מיר אין טיר —

הערדעל: (לאכענדיג) נו, איז וואס אז זיי וועלען?

סאלנעס: וואס וועט זיין אויב זיי וועלען? דאן וועט זיין דער סוף פון'ם בוימייסטער סאלנעס.

(עס הערט זיך א קלאפ אין טיר לינקס).

סאלנעס: (דערשראקען) וואס איז דאס? איהר האט געהערט?

ה ע ר ד ע ל : אימעצער קלאפּט אין טיר.

ס אַ ל נ ע ס : (הויך) אריין !

(הילדאַ וואַנגעל קומט אַריין פון פאָרצימער. זי איז פון מיטעלער וואוקס, שלאַנק און אַביסעל פערברענט פון זונן ; טראָגט אַ רייזע־קאָסטיום, דאס קלייד ארויסגעשפּילעט, אַ מאַטראָזען־קאָלנער, אָפען ביים האַלז און אַ קליינע מאַטראָזען־היטעלע אויפ׳ן קאָפּ. אַ רענצעל אויף די פּלייצעס, אַ שאַל אין אַ רימען און אַ לאַנגען אַלפּען־שטאָק).

ה י ל ד א : (געהט גלייך צו צו סאָלנעסען, איהרע אויגען פונקלען פון גליק) גוטען אָבענד !

ס אַ ל נ ע ס : (קוקט אויף איהר, ניט וויסענדיג ווער זי איז) גוטען אָבענד —

ה י ל ד א : (לאַכט) איך גלויב, איהר דערקענט מיך ניט !

ס אַ ל נ ע ס : איך מוז דאָס צוגעבען — אין דעם אויגענבליק —

ה ע ר ד ע ל : (קומט נעהענטער) אָבער א י ך דערקען אייך, פריילין —

ה י ל ד א : (צופריעדען) אָך, דאָס זייט א י ה ר — !

ה ע ר ד ע ל : יא, געווים בין איך עס. (צו סאָלנעסען) מיר האָבען זיך דעם זומער געטראָפען אין די בערג. (צו הילדאַ׳ן) וואָס איז געוואָרען מיט די איבעריגע דאַמען ?

ה י ל ד א : אָה, זיי זיינען אוועק געפאָהרען נאָך וועסט.

ה ע ר ד ע ל : זיי האָבען ניט שטאַרק ליעב געהאַט די שפּאַסען וואָס מיר פלעגען האָבען אין די אבענדען.

ה י ל ד א : ניין, איך דענק, אז ניט שטאַרק.

ה ע ר ד ע ל : (מאַכט מיט׳ן פינגער צו איהר) און איך האָב מורא מען קען ניט זאָגען, אז איהר האָט ניט אביסעל קאָקעטירט מיט אונז.

ה י ל ד א : נו, דאָס איז דאָך געווען מעהר שפּאַסהאַפטיג איידער צו זיצען מיט יענע אלטע ווייבער און שטריקען זאָקען.

ה ע ר ד ע ל : (לאַכט) אין דעם בין איך מיט אייך פאָלקאָם איינשטימיג !

ס אַ ל נ ע ס : איהר זייט דאָס היינט אָבענד געקומען אין שטאָדט ?

ה י ל ד א : יא, איך בין נאָר־וואָס אָנגעקומען.

ה ע ר ד ע ל : איינע אליין, פרייליין וואנגעל ?

ה י ל ד א : געוויס.

ס אַ ל נ ע ס : וואנגעל ? איז אייער נאָמען וואנגעל ?

ה י ל ד א : (קוקט אויף איהם צופריעדען און פערוואונדערט) יא, געוויס איז דאָס מיין נאָמען.

ס אַ ל נ ע ס : דאן זייט איהר אודאי די טאָכטער פון דעם בעצירק־דאָקטאָר פון לייסאנזשער ?

ה י ל ד א : (ווי פריהער) יא, וועמענס דען טאָכטער זאָל איך זיין ?

ס אַ ל נ ע ס : אָ, אויב אזוי האָבען מיר זיך מסתמא בעגע־גענט יענעם זומער, ווען איך האָב געבויעט א טורעם אויף דער אלטער קירכע.

ה י ל ד א : (מעהר ערנסט) יא, געוויס האָבען מיר זיך דאן בעגעגענט.

ס אַ ל נ ע ס : עס איז שוין א לאנגע צייט צוריק.

ה י ל ד א : (קוקט אויף איהם שטרענג) עס איז פונקט די צעהן יאָהר.

ס אַ ל נ ע ס : איך דענק, איהר האָט נאָך דאן געמוזט זיין נאָר א קינד.

ה י ל ד א : (לייכטזיניג) א יאָהר צוועלף אָדער דרייצעהן.

ה ע ר ד ע ל : זייט איהר עס דאָס ערשטע מאָל דאָ אין שטאָדט, פרייליין וואנגעל ?

ה י ל ד א : יא, טאקע דאָס ערשטע מאָל.

ס אַ ל נ ע ס : און איהר קענט דאָ קיינעם ניט ?

ה י ל ד א : קיינעם ניט אויסער אייך. און נאטירליך, אויך אייער פרוי.

ס אַ ל נ ע ס : אזוי, איהר קענט זי אויך ?

הילדא: אָבער גאַנץ ווייניג. מיר האָבען פערבראַכט א פּאָר טעג צוזאַמען אין דעם קור־אָרט.

סאָלנעס: אַה, דאָרט אין די בערג.

הילדא: זי האָט געזאָגט אז איך קען איהר בעזוכען, ווען איך קום אין שטאָדט. (שמייכעלט) אַזוי ווי איך האָב נויטיג געהאט זי זאָל עס זאָגען.

סאָלנעס: א חידוש וואָס זי האָט עס קיינמאָל ניט דער־מאָנט.

(הילדא שטעלט דעם שטאָק ביים אויווען, נעהמט אראָנטער דאָס רענצעל און לעגט עס צוזאַמען מיט'ן פּלעד אויף דער זאָפע. הערדעל וויל איהר העלפען. סאָלנעס שטעהט און קוקט אויף איהר.)

הילדא: נו, איצט מוז איך ביי איך בעטען ערלויבענים צו פערברייגנען דאָ די נאַכט.

סאָלנעס: דאָס וועלען מיר שוין קענען לייכט אויספיהרען.

הילדא: איך האָב ניט קיין אנדערע קליידער אויסער די וואָס איך טראָג, א חוץ אַלטע וועש אין רענצעל; וואָס מען וועט מוזען געבען וואַשען; ווארים עס איז זעהר קויטיג.

סאָלנעס: אַה, וועגען דעם וועלען מיר שוין זעהן. איצט וויל איך נור אָנזאָגען מיין פרוי —

הערדעל: דערווייל וועל איך געהן בעזוכען מיין פּאַ־ציענט.

סאָלנעס: יא, געהט, און קומט שפּעטער צוריק.

הערדעל: (לוסטיג, וואַרפענדיג א בליק אויף הילדאַן) אַה, דאָס וועל איך שוין טאָן, איהר מעגט זיין זיכער! (לאַכט) הייסט עס אייער נבואה איז מקוים געוואָרען, הערר סאָלנעס!

סאָלנעס: ווי הייסט?

הערדעל: די יוגענד איז וווירקליך געקומען קלאַפּען אין טיהר.

סאָלנעס: (לעבהאַפט) אָבער גאָר אויף אַן אנדער אַרט.

הערדעל: יא, אויף אַן אנדער אַרט, דאָס קען מען ניט לייקענען. (ער געהט ארויס דורכ'ן פאָרצימער).

ס אַ ל נ ע ס : (עפענט די טיר רעכטס און רעדט צו אימעצען אין זייטיגען צימער) אַלינע ! זיי אַזוי גוט און קום אריין. דיינע אַ בעקאַנטע איז דאָ — פריילין וואַנגעל.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : (ווייזט זיך אין טיר) ו ו ע ר, זאָגסט דו איז דאָ ? (דערזעהט הילדען) אַך, דאָס זייט איהר, פריי־לין וואַנגעל ? (געהט צו איהר צו און גיט איהר די האַנד) זייט איהר, הייסט עס, דאָך געקומען אין שטאָדט.

ס אַ ל נ ע ס : פריילין וואַנגעל איז אַקאָרשט אַנגעקומען און זי וואָלט דאָ וועלען איבערנעכטיגען.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : דאָ, ביי אונז ? מיט פערגעניגען.

ס אַ ל נ ע ס : פערשטעהסט, אום צו ברענגען איהרע זאַ־כען אביסעל אין אָרדנונג.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : איך וועל טאָן אַלעס וואָס איז מעג־ליך פאַר אייך. עס איז ניט מעהר ווי מיין פליכט. אייער קאָסטען וועט, וואהרשיינליך, אָנקומען שפּעטער ?

ה י ל ד ע : איך האָב ניט קיין קאָסטען.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : גו, עס וועט שוין רעכט זיין. דער־ווייל מוזט איהר מיר ענטשולדיגען ; איך וועל אייך דאָ לאָזען מיט מיין מאַן אַליין וועל איך געהן זעהן מען זאָל אייך צוגריי־טען אַ בעקוועמעס צימער.

ס אַ ל נ ע ס : קענען מיר איהר ניט געבען איינס פון די קינדער־צימערן ? זיי זיינען דאָך אַלעמאָל צוגעגרייט.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אָה, יאָ, דאָרט האָבען מיר איבער־געגוג פּלאַץ. (צו הילדאן) זיצט און רוהט זיך דערוויייל אָב. (זי געהט אַרויס רעכטס).

(הילדא, פערלעגט די הענד פון הינטען, געהט אַרום און בעקוקט פערשיעדענע זאַכען. סאָלנעס שטעהט פון פאָרענט ביים טיש, אויך פערלעגט די הענד אויף הינטען און קוקט איהר נאָך).

ה י ל ד א : (שטעלט זיך אָב און קוקט אויף איהם) האָט איהר עטליכע קינדער־צימערן ?

ס אַ ל נ ע ם : עס זיינען פאַרהאַנען דריי קינדער־צימערן אין הויז.

ה י ל ד א : ווירקליך ? דאַן מוזט איהר האָבען אַ כך קינדער.

ס אַ ל נ ע ם : ניין, מיר האָבען גאָר קיין קינדער נים. נור איצט קענט א י ה ר דערוויילי דאָ זיין דאָס קינד.

ה י ל ד א : אויף היינטיגע נאַכט, יאָ. איך וועל נים שרייען. איך האָב ברעה צו שלאָפען ווי אַ געהרג'עטע.

ס אַ ל נ ע ם : איך דענק, איהר מוזט זיין זעהר מיעד.

ה י ל ד א : אָה, ניין. אָבער יעדענפאלס — עס איז אזוי גוט צו ליעגען און חלום'ען.

ס אַ ל נ ע ם : איהר חלום'ט אָפט ביינאַכט ?

ה י ל ד א : אָה, יאָ. כמעט אימער.

ס אַ ל נ ע ם : ווענען וואָס חלום'ט איהר אם מעהרסטען ?

ה י ל ד א : היינט זאָג איך דאָס אייך נים. פיעלייכט אַן אנדערס מאָל. (זי שפּאַצירט וויעדער איבער'ן צימער, שטעלט זיך אָב ביים שרייב־טיש און פאַרעט זיך אביסעל ביי די ביכער און פאַפּירען.)

ס אַ ל נ ע ם : (צוקומענדיג) איהר זוכט עפּעס ?

ה י ל ד א : ניין, איך קוק נור דורך די אַלע זאַכען. (קעהרט זיך אום) עס איז פיליייכט נים ערלויבט ?

ס אַ ל נ ע ם : אָה, ביטע, ביטע !

ה י ל ד א : שרייבט א י ה ר דאָס אין דעם גרויסען קאָנטאָ־בוך ?

ס אַ ל נ ע ם : ניין, מיין בוכהאַלטערין.

ה י ל ד א : אַ פרויענצימער ?

ס אַ ל נ ע ם : (שמייכעלט) יאָ.

ה י ל ד א : איהר בעשעפטיגט זי דאָ ?

ס אַ ל נ ע ם : געווים.

ה י ל ד א : זי איז פערהייראַט ?

ס אַ ל נ ע ם : ניין, זי איז אַ פריילין.

ה י ל ד א : אזוי !

ס אַ ל נ ע ס : אָבער זי וועט וואהרשיינליך אין גיכען הייי־ראטען.

ה י ל ד א : דאָס איז גוט פאַר א י ה ר.

ס אַ ל נ ע ס : אָבער ניט אזוי גוט פאַר מ י ר. דאַן וועל איך קיינעם ניט האָבען מיר ארויסצוהעלפען.

ה י ל ד א : קענט איהר דען ניט קריגען אַן אנדערע, וואָס זאָל זיין פונקט אזוי גוט ?

ס אַ ל נ ע ס : פיעלייכט ווילט א י ה ר דאָ בלייבען און — און שרייבען אינ'ם קאָנטאָ־בוך ?

ה י ל ד א : (קוקט איהם אָן פון אויבען ביז אראָב) יא, איך מיין עפּעס ! ניין, איך דאנק אייך — אזעלכע זאכען זיינען ניט פאַר מ י ר — (שפּאַצירט אַביסעל איבער'ן צימער און זעצט זיך אַוועק אויף דעם שאָקעל־שטוהל, סאָלנעס געהט צו צום טיש. הילדא זעצט פאָרט:) ווייל עס מוז דאָך דאָ זיין עפּעס אנדערש צו טאָן אויסער ד ע ם אויך. (קוקט אויף איהם, שמייכלענדיג) דענקט איהר ניט אזוי?

ס אַ ל נ ע ס : פערשטעהט זיך. צוערשט און הויפּטזעכליך ווילט איהר, וואהרשיינליך מאכען א טור איבער די קראָמען און זיך אויספּוצען נאָך דער לעצטער מאָדע.

ה י ל ד א : (לוסטיג) ניין, ד אָ ס, [illegible] קען איך אויס־לאָזען.

ס אַ ל נ ע ס : אזוי ?

ה י ל ד א : וואָרום איהר דאַרפט וויסען, אז איך האָב שוין אויסגעבראכט מיין גאנץ געלד.

ס אַ ל נ ע ס : (לאַכט) הייסט עס, ניט קיין געלד און ניט קיין קאסטען !

ה י ל ד א : ניט דאָס און ניט יענעס. אָבער איצט מאכט דאָס מיר ניט אויס.

ס אַ ל נ ע ס : זעהט איהר, פאַר ד אָ ס געפעלט איהר מיר גראַד.

ה י ל ד א : נור פאַר דאָס ?

סאָלנעס: פאַר דאָס צווישען אנדערעס. (זעצט זיך אין לעהנשטוהל) אייער פאָטער לעבט נאָך?

הילדא: יא, מיין פאָטער לעבט.

סאָלנעס: דענקט איהר פיליייכט, דאָ צו שטודירען?

הילדא: ניין, דאָס איז מיר קיין מאָל אויפ'ן געדאנק נים געקומען.

סאָלנעס: אָבער, איהר פערבלייבט דאָ פאר א לענגערע צייט, האָף איך.

הילדא: דאָס איז געווענדט אָן געוויסע אומשטענדען. (זי זיצט א ווײלע, שאָקעלט זיך און קוקט אויף איהם האַלב ערנסט, האַלב מיט א פערבאָרגענעם שמייכעל. דאן נעהמט זי אַרונטער איהר הי־טעלע און לעגט עס אויפ'ן טיש לעבען זיך). הערר סאָלנעס!

סאָלנעס: יא?

הילדא: האָט איהר זעהר א שלעכטען זכרון?

סאָלנעס: א שלעכטען זכרון? ניין, דאכט זיך אז נים.

הילדא: איז פאר וואָס זאָגט איהר מיר גאָר ניט וועגען דעם וואָס האָט פאסירט דאָרט אויבען?

סאָלנעס: (פאר אַן אויגענבליק איבערראַשט) דאָרט אין לייסענזשער? (גלייכגילטיג) מיר דאכט, עס איז ניטאָ פיעל, וואָס צו זאָגען וועגען דעם.

הילדא: (קוקט אויף איהם מיט א פאָרוואורף) ווי קענט איהר דאָס זאָגען?

סאָלנעס: נו, דאן רעדט איהר צו מיר וועגען דעם.

הילדא: ווען דער טורעם איז פערטיג געוואָרען, האָבען מיר געהאַט א גרויסען יום־טוב אין שטאָדט.

סאָלנעס: יא, יענעם טאָג וועל איך נים אזוי גיך פערגעסען.

הילדא: (לאַכט) ניין? דאָס איז זעהר שעהן פון אייך.

סאָלנעס: שעהן?

הילדא: ביי דער קירך איז דאן געווען מוזיק — און

פיעלע, פיעלע הונדערטער מענשען. מיר, די שוהל־מיידלעך זיינען געוועזען געקליידעט אין ווייסען; און מיר האָבען אלע געטראָגען פאָהנען.

ס אָ ל נ ע ם : אָה יא, די פאָהנען געדענק איך גוט !

ה י ל ד א : דאן זייט איהר אַרויפגעשטיגען אויף דעם ברעטער־געשטעל, גלייך צום סאמע שפּיץ; איהר האָט מיט זיך געהאט א גרויסען קראַנץ; און איהר האָט איהם אויפגעהאָנגען העם אויבען אויף׳ן וועטערפאָהן.

ס אָ ל נ ע ם : (שלאָגט איהר קורץ איבער) אין יענע צייטען פלעג איך דאָס אימער טאָן. עס איז אַן אַלטער מנהג.

ה י ל ד אַ : עס איז געווען אַזוי וואונדערבאר שפּאַנענד צו שטעהן אונטען און אַרויפצוקוקען צו אייך. שטעלט זיך פאָר ווען ער פאַלט אַרונטער ! ער — דער בוימייסטער אַליין !

ס אָ ל נ ע ם : (אַזוי ווי ער וואָלט ניט וועלען זי זאָל רעדען וועגען דעם) יא, יא, דאָס האָט אויך לייכט געקענט פּאַסירען. וואַרום איינע פון יענע אין ווייסען אַנגעטאָנענע קליינעקע טייפלען — זי האָט זיך אַזוי ווילד בענומען און האָט צו מיר אַזוי אַרויפגעשריען —

ה י ל ד א : (שטראַהלענדיג מיט פערגניגען) „עס לעבע דער בוימייסטער סאָלנעס", יא !

ס אָ ל נ ע ם : — און זי האָט אַזוי געמאַכט מיט איהר פאָהן הין און צוריק — אַז דער קאָפּ האָט זיך מיר שיער ניט פערדרעהט, קוקענדיג דערויף.

ה י ל ד א : (שטילער און ערנסט) יענער קליינעקער טייפעל — דאָס בין א י ך געווען.

ס אָ ל נ ע ם : (קוקט זיך איין אין איהר) איצט בין איך זיכער דעריין. דאָס האָט א י ה ר טאַקע געמוזט זיין.

ה י ל ד א : (ווידער לעבהאַפט) אָה, עס אַז געווען אַזוי שפּאַנענד ! איך האָב מיר ניט געקענט גלויבען, אַז אין דער גאַנצער וועלט איז דאָ אַ בוימייסטער, וועלכער זאָל קענען בויען אַזאַ אונגעהייער הויכען טורעם. און דאַן אַז איהר זאָלט אַליין שטעהן

אויפ'ן אלערהעכסטען שפּיץ ! אַ ווירקליכער לעבעדיגער מענש ! און עס זאָל אייך גאָרניט שווינדלען ! דאָס האָט איינענטליך גע־מאַכט, אז עס זאָל — אז עס זאָל אַ צווייטען שווינדלען צו דענקען וועגען דעם.

סאָלנעס : ווי קענט איהר זיין אזוי זיכער, אז מיר האָט ניט — ?

הילדא : (צוריקוויזענדיג דעם געדאַנק) אָה ניין ! געוויס ניט ! דאָס האָב איך געפיהלט. ווייל, זאָנסט וואָלט איהר ניט געקענט שטעהן אויבען און זינגען.

סאָלנעס : (קוקט אויף איהר פערוואונדערט) זינגען ? האָב איך געזונגען ?

הילדא : יא, איך קלער עפּעס אזוי.

סאָלנעס : (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) איך האָב קיין מאָל אין מיין לעבען קיין איין טאָן ניט געזונגען.

הילדא : יא, איהר האָט דאן געזונגען, עס האָט זיך גע־הערט ווי הארפען אין דער לופט.

סאָלנעס : (נאָכדענקענדיג) עס איז עפּעס זעהר וואונ־דערבאר — די גאַנצע געשיכטע.

הילדא : (בלייבט שטיל אַ ווייל, קוקט אויף איהם און זאָגט שטיל) אָבער דאן — נאכהער — דאן האָט פּאסירט דאָס וויכ־טיגסטע.

סאָלנעס : דאָס וויכ[illegible]גסטע ?

הילדא : (לעבהאַפט) יאָ, [illegible] [illegible]יעם דארף איך אייך געוויס ניט דערמאָנען ?

סאָלנעס : אָ, יא, דערמאָנ[illegible]יך אָן דעם אויך אביסעל.

הילדא : געדענקט איהר ניט אז מען האָט צו אייער עהרע געגעבען אַ גרויסארטיגען מאָלצייט אין קלוב ?

סאָלנעס : יא, געוויס. עס האָט געמוזט זיין דעם זעל־בען נאָכמיטאג, ווייל דעם צווייטען פריהמאָרגען בין איך פון דאָרט אוועקגעפאָהרען.

ה י ל ד א : און פון קלוב זיינט איהר געווען געלאַדען צו אונז אויפ'ן אָבענד.

ס אָ ל נ ע ס : גאַנץ ריכטיג, פריילין וואַנגעל. עס איז מערקווירדיג, ווי גוט איהר געדענקט די אַלע קליינינקייטען.

ה י ל ד א : קליינינקייטען! דאָס געפעלט מיר! איז דאָס אפשר אויך א קליינינקייט, וואָס איך בין געווען א ל י י ן אין צימער ווען איהר זייט געקומען?

ס אָ ל נ ע ס : זייט איהר געווען אליין?

ה י ל ד א : (ניט ענטפערענדיג) איהר האָט מיך ד א ן ניט גערופען, קליינענקער טייפעלע.

ס אָ ל נ ע ס : ניין, איך האָף אז ניט.

ה י ל ד א : איהר האָט געזאָגט אז איך בין וואונדערשעהן אין מיין ווייס קלייד און, אז איך זעה אויס ווי א קליינע פרינ־צעסין.

ס אָ ל נ ע ס : געוויס האָט איהר טאַקע אַזוי אויסגעזעהן, פריילין וואַנגעל. — און דערצו נאָך האָב איך זיך געפיהלט אַזוי לייכט און פריי יענעם טאָג —

ה י ל ד א : און דאן האָט איהר געזאָגט, אז ווען איך וועל אויסוואקסען, וועל איך זיין א י י ע ר פרינצעסין.

ס אָ ל נ ע ס : (לאַכט אַביסעל) ע, ע, — ד אָ ס האָב איך אויך געזאָגט?

ה י ל ד א : יא, יא, איהר האָט דאָס געזאָגט. און ווען איך האָב געפרעגט ווי לאַנג איך וועל דאַרפען וואַרטען, האָט איהר מיר געענטפערט אז איהר וועט צוריקקומען אין צעהן יאָהר ארום, ווי [illegible] נישט־גוטער, און איהר וועט מיך אוועקפיהרען — אין שפּאַנ־יען אָדער עפּעס אַן אנדער לאַנד. און דאָרט, האָט איהר מיר פער־שפּראָכען צו קויפען א קעניגרייך.

ס אָ ל נ ע ס : (ווי פריהער) יע, נאָך א גוטען מיטאָג איז מען געוועהנ[illegible]יינגעביג אין געלט אנגעלעגנהייטען. אָבער האָב איך דאָס [illegible] ג ע ז אָ ג ט?

הילדא: (לאכט צו זיך אליין) יא, און איהר האט מיר אפילו געזאגט ווי דאס קעניגרייך וועט הייסען.

סאלנעס: נו, ווי? —

הילדא: עס האט געראפט הייסען דאס קעניגרייך פון אפעלסיניע.

סאלנעס: נו, דאס איז א גאנץ אפעטיטנער נאמען.

הילדא: מיר איז עס גארניט געווען געפעלען; עס האט אויסגעזעהן, ווי איהר ווילט זיך איבער מיר נור לוסטיג מאכען.

סאלנעס: געווים איז דאס ניט געווען מיין אבזיכט.

הילדא: ניין, איך האף אז ניט, נעהמענדיג אין אנבע־טראכט וואס איהר האט נאכהער געטאן —

סאלנעס: וואס האב איך דען, אום גאטעס ווילען, נאכ־הער געמאן?

הילדא: נו, מעהר פעהלט ניט, נאר איהר זאלט דאס אויך האבען פערגעסען! מיר דאכט, אזא זאך מוז מען, ניט ווילענדיג, געדענקען.

סאלנעס: גיט מיר נור עפעס א סמן זיך צו דערמאהנען, אפשר דאן —

הילדא: (קוקט זיך איין אין איהם) איהר זייט צוגעגאנגען און האט מיך געקושט, בוימייסטער.

סאלנעס: (הויבט זיך אויף פון שטוהל מיט אן אפען מויל) איך האב עס געמאן?

הילדא: נו, געווים. איהר האט מיך אנגענומען מיט ביידע הענד, און האט צוריקגעבויגען מיין קאפ, און האט מיך גע־קושט — פיעלע מאל.

סאלנעס: נו, ווירקליך, ליעבע פריילין וואנגעל — !

הילדא: (הויבט זיך אויף) איהר מיינט דאך דאס ניט צו לייקענען?

סאלנעס: יא, איך לייקען דאס ענטשיעדען!

הילדא: (קוקט אויף איהם מיט פעראכטונג) אה, אזוי! (זי קעהרט זיך אב און געהט לאנגזאם צום אויוועז, וואו זי בלייבט

ה י ל ד א : יא, אין וואס פאר א טאג האט איהר אויפ־געהאנגען דעם קראנץ אויפ'ן טורעם ? אה ? זאגט שנעל !

ס א ל נ ע ם : הם — גאט ווייסט, דעם דאטום האב איך פערגעסען. איך וויים נור, אז דאס איז געווען פאר צעהן יאהרען, אזוי ארום הערבסט.

ה י ל ד א : (שאקעלט עטליבע מאל לאנגזאם מיט'ן קאפ). דאס האט פאסירט פאר צעהן יאהרען — דעם ניינצעהנטען סעפ־טעמבער.

ס א ל נ ע ם : יא, עס האט געמוזט זיין ארום יענער צייט. אזוי — אזוי, דאס געדענקט איהר אויך ! (בלייבט שטיל א ווײלע) אבער ווארט נור — ! געווים — היינט האבען מיר אויך דעם ניינצעהנטען סעפטעמבער.

ה י ל ד א : יא, און די צעהן יאהר זיינען אריבער. און איהר זייט ניט געקומען, ווי איהר האט מיר פערשפראכען.

ס א ל נ ע ם : וואס איך האב אייך פערשפראכען ? איהר מוזט מיינען, ווי איך האב אייך אנגעשראקען ?

ה י ל ד א : איך האב דאס גארניט געהאלטען פאר אן אנ־שרעקען. —

ס א ל נ ע ם : נו, דאן איז עס געווען אביסעל לוסטיג גע־מאכט זיך.

ה י ל ד א : איז דאס אלעס, וואס איהר האט געוואלט ? זיך לוסטיג מאכען איבער מיר ?

ס א ל נ ע ם : און פיעלייכט אום צו האבען מיט אייך אבי־סעל שפאס. איך קען זיך, ב'לעבען, ניט עראינערען. אבער עפעס אזעלכעס האט עס געמוזט זיין ; ווייל איהר זייט דאך דאמאלס נאך געווען א קינד.

ה י ל ד א : אה, פיעלייכט בין איך גארניט געווען אזא קינד. נאר ניט אזא קעצעלע ווי איהר שטעלט זיך פאר.

ס א ל נ ע ם : (קוקט אויף איהר, פארשענדיג) האט איהר, ווירקליך, די גאנצע צייט ערנסט ערוואַרטעט, אז איך וועל צוריק־קומען ?

הילדא: (פערבאָרגט אַ האַלב־רייצענדען שמייכעל) געוויס! דאָס האָב איך פון אייך ערוואַרטעט.

סאָלנעס: אז איך וועל צוריקקומען צו אייך אהיים און אייך צונעמען?

הילדא: יא, ווי א ניט־גוטער.

סאָלנעס: און מאכען פון אייך א פרינצעסין?

הילדא: דאָס האָט איהר מיר דאָך פערשפּראָכען.

סאָלנעס: און אייך מאקע געבען א קעניגרייך?

הילדא: (קוקט צום באַלקען) וואָרום דען ניט? עס דאַרף גראַד ניט זיין א געוועהנליך, ריכטיג קעניגרייך.

סאָלנעס: ווי דען? עפּעס אנדערש פּונקט אזוי גוט?

הילדא: מינדעסטענס אזוי גוט. (קוקט אויף איהם אַן אויגענבליק) איך האָב געדענקט, אז אויב איהר קענט בויען די העכסטע קירכען־טורעמס אין דער וועלט, וועט איהר דאָך געוויס קענען מאכען עפּעס א מין קעניגרייך.

סאָלנעס: (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) איך פערשטעה אייך ניט גוט, פרוילין וואַנגעל.

הילדא: ווירקליך ניט? מיר ווייזט דאָס אַלעס אויס אזוי איינפאַך.

סאָלנעס: ניין, איך ווייס ניט, צי איהר מיינט ערנסט, וואָס איהר זאָגט, אָדער איהר שפּאַסט עס מיט מיר.

הילדא: פיליכט מאַך איך זיך לוסטיג? ווי איהר דאָן?

סאָלנעס: גאַנץ ריכטיג. מיר מאכען זיך ביידע לוסטיג. (קוקט אויף איהר) שוין לאַנג ווי איהר ווייסט, אז איך בין פערהייראַט?

הילדא: איך האָב אימער געוואוסט. אָבער, וואָרום פרעגט איהר דאָס?

סאָלנעס: (לייכט) אָה, עס איז מיר גראַד נעקומען אויפ'ן זינען. (קוקט אויף איהר ערנסט. שטיל) נאָך וואָס זייט איהר געקומען?

ה י ל ד א : ווייל איך וויל מיין קעניגרייך. די צייט איז אוים.

ס אָ ל נ ע ס : (לאַנג, נים ווילענדיג) איהר זייט אַן אנטיק.

ה י ל ד א : (לוסטיג) אהער מיין קעניגרייך, בוימייסטער ! (קלאַפּט מיט די פינגער) מיין קעניגרייך ארויף אויפ'ן טיש !

ס אָ ל נ ע ס : (רוקט נעהענטער צו דעם שאָקעל שטוהל און זעצט זיך.) נו, לאָמיר רעדען ערנסט. נאָך וואָס זייט איהר געקומען ? וואָס ווילט איהר דאָ ווירקליך טאָן ?

ה י ל ד א : אָה, צוערסט וויל איך ארומגעהן און בעטראכטען אלעס וואָס איהר האָט דאָ אויפגעבוים.

ס אָ ל נ ע ס : דאָס וועט איך געבען גענוג מאַציאָן.

ה י ל ד א : יאָ, איך ווייס, איהר האָט זעהר, זעהר פיעל געבויט.

ס אָ ל נ ע ס : ווירקליך — מעהרסטענס אין די לעצטע יאָהרען.

ה י ל ד א : פיעלע קירכען־טורעמס אויך ? אונגעהייער הויכע ?

ס אָ ל נ ע ס : ניין, איך בוי נים מעהר קיין קירכען־טורעמס — קיין קירכען אויך נים.

ה י ל ד א : וואָס דען בויט איהר איצט ?

ס אָ ל נ ע ס : היימען פאַר מענשען.

ה י ל ד א : (נאָכדענקענדיג) וואָלט איהר נעקענט בויען א קליינעם — א קליינענקען קירכען־טורעם איבער די דאָזיגע היימען!

ס אָ ל נ ע ס : (הויבט זיך אויף) וואָס מיינט איהר דערמיט ?

ה י ל ד א : איך מיין — עטוואָס, וואָס זאָל זיך ערהויבען פריי אין דער לופט. מיט א וועטערפאָהן אויף א שווינדעלדיגע הויך.

ס אָ ל נ ע ס : (טראַכט אביסעל) עס איז אזוי מערקווירדיג, אז איהר זאָלט ד אָ ס זאָגען — ווייל דאָס איז וואָס איך וואָלט מאָקע אם ליעבסטען געמאכט.

ה י ל ד א : (אונגעדולדיג) ווארום זשע טהוט איהר עס נים?

ס אַ ל נ ע ס : (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) ניין, די מענשען ווילען עס ניט.

ה י ל ד א : דענקסט נור — ז י י ווילען עס ניט!

ס אַ ל נ ע ס : (לייכטער) נור יעצט בוי איך אַ נייע היים פאַר זיך אליין — אָט דאָ אנטקעגען.

ה י ל ד א : פאַר זיך אליין?

ס אַ ל נ ע ס : יא, עס איז כמעט געענדיגט. און אויף דעם הויז איז פאַראַן אַ טורעם.

ה י ל ד א : אַ הויכער טורעם.

ס אַ ל נ ע ס : יא.

ה י ל ד ע : זעהר הויך?

ס אַ ל נ ע ס : מען וועט געווים זאָגען, אַז ס'איז צו הויך, ווענינגסטענס פאַר אַ וואָהנונג.

ה י ל ד א : מאָרגען, גלייך אין דער פריה געה איך דאָס בעטראַכטען.

ס אַ ל נ ע ס : (זיצט מיט דער האַנד אונטערשפּאַרענדיג דאָס געזיכט און בעטראַכט זי) זאָגט מיר, פריילין וואַנגעל, וואָס איז אייער נאָמען, אייער פאָרנאָמען, מיין איך?

ה י ל ד א : נו, הילדא.

ס אַ ל נ ע ס : (ווי פריהער) הילדא? האָ?

ה י ל ד א : געדיינקט איהר ד אָ ס ניט? איהר אליין האָט מיך גערופען הילדא, יענעם טאָג, ווען איהר האָט זיך שלעכט בענומען.

ס אַ ל נ ע ס : אזוי?

ה י ל ד א : נור דאַן האָט איהר געזאָגט „ק ל י י נ ע ה י ל ד א" און מיר איז עס ניט געווען געפעלען.

ס אַ ל נ ע ס : אזוי, אייך איז דאָס ניט געווען געפעלען, פריי־ליין הילדאַ?

ה י ל ד א : ניין, ניט ביי אַזאַ געלעגענהייט. אָבער — „פּרינצעסין הילדא" — דאָס, דענק איך, וועט קלינגען גאַנץ שעהן.

ס אָ ל נ ע ס :   געווים, פרינצעסין הילדא פון — פון — ווי
האָט געהייסען דאָס קעניגרייך ?

ה י ל ד א :   טפו ! איך וויל גאָר ניט האָבען צו טאָן מיט
י ע נ ע ם   נארישען קעניגרייך.   איך וויל גאָר אַן אנדער מין
קעניגרייך !

ס אָ ל נ ע ס :   (שפּאַרט זיך אָן אין שטוהל און קוקט נאָך אַלץ
אויף איהר) דאָס איז זאָנדערבאַר.   וואָס מעהר איך דענק וועגען
דעם, אַלץ מעהר ציינט זיך מיר אויס, אז איך בין ארומגעגאַנגען
די אַלע יאָהרען, פּלאָגענדיג זיך מיט — ה'ם —

ה י ל ד א :   מיט וואָס ?

ס אָ ל נ ע ס :   מיט דער אנשטרענגונג זיך אָן עטוואָס צו
דערמאָנען — עפּעס אָן איבערגעלעבטע זאַך,   וואָס איך האָב
וואהרשיינליך פּערגעסען.   נור איך האָב קיין מאָל ניט געהאַט
דעם קלענסטען בעגריף, וואָס דאָס איז אזוינס געוועזען.

ה י ל ד א :   איהר וואָלט גערארפט מאכען אַ קניפּעל אין
אייער טאַשענטוך, בוימייסטער.

ס אָ ל נ ע ס :   דאַן וואָלט איך גערארפט ברעכען דעם קאָפּ
אויסצוגעפונען, וואָס דער קניפּעל מיינט.

ה י ל ד א :   אָה, יאָ, עס זיינען, וואהרשיינליך פּאַראַנען
אזעלכע מינים נישט-גוטע אויך אויף דער וועלט.

ס אָ ל נ ע ס :   (הויבט זיך לאַנגזאַם אויף) עס איז אַ גרויס
גליק, וואָס איהר זייט איצט געקומען.

ה י ל ד א :   (קוקט טיעף אין זיינע אויגען)   א י ז   עס אַ
גליק !

ס אָ ל נ ע ס :   ווייל איך בין דאָ געווען אזוי עלענד און האָב
אויף אַלעם געקוקט אזוי הילפלאָז.   (שטילער) איך מוז אייך זאָגען,
איך האָב זיך אָנגעהויבען אזוי צו שרעקען — זיך מורא'דיג צו
שרעקען פאַר דער יונגענד.

ה י ל ד א :   (אַביסעל מיט פערדרוס) עס ! — פאַר דער יוּ־
גענד דאַרפט איהר זיך גאָרניט שרעקען !

ס אָ ל נ ע ס :   דאָך !   דאָך !   גראָד פאַר   א י ה ר.   אָט

דערפאר טאקע האָב איך זיך אזוי אָבגעשלאָסען און פערשפארט. (געהיימניספאָל) איך זאָג אייך, די יוגענד וועט אמאָל קומען און דונערען ביי מיין טיר ! און זיי וועלען זי אויפברעכען !

ה י ל ד א : דאן, דענק איך, וואָלט איהר געדארפט געהן און עפענען די טיר פאר דער יוגענד.

ס אָ ל נ ע ס : עפענען די טיר ?

ה י ל ד א : נו, יא. לאָזט זיי אריינקומען צו אייך אויף א פריינדליכען אופן.

ס אָ ל נ ע ס : ניין, ניין, ניין ! די יוגענד — פערשטעהט איהר מיך, דאָס איז די אָברעכענונג. זי קומט, ווי אונטער א נייעם באַננער אָנצוזוקינדיגען אז די ראָד פון מזל האָט זיך אומגעדרעהט.

ה י ל ד א : (הויבט זיך אויף, קוקט אויף איהם און זאָגט צו-בויפציהענדיג די ליפּען) קען א י ך אייך נוצליך זיין, בוימייסטער ?

ס אָ ל נ ע ס : יא, איהר געוויס ! ווייל איהר קומט, דאכט זיך אויך אונטער א נייעם באַננער. יוגענד געגען יוגענד — !

ד ר. ה ע ר ד ע ל : (קומט אריין דורכ'ן פאָרדערצימער) ווי, איהר און פריילין וואַנגעל זייט נאָך אַלץ דאָ ?

ס אָ ל נ ע ס : יא. מיר האָבען געהאַט אונענדליך פיעל, וועגען וואָס צו רעדען.

ה י ל ד א : אי אלטעס, אי נייעס.

ה ע ר ד ע ל : ווירקליך ?

ה י ל ד א : עס איז געווען זעהר אמיזאַנט. דער בוימייס-טער האָט אזאַ וואונדערבאַרען זכרון. ער געדענקט יעדע קליי-ניגקייט.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : (קומט אריין פון דער טיר רעכטס) פריילין וואַנגעל, אייער צימער איז שוין פארטיג פאר אייך.

ה י ל ד א : אָה, ווי גוט איהר זייט צו מיר !

ס אָ ל נ ע ס : (צו פרוי סאָלנעס) דאָס קינדער-צימער ?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : יא, דאָס מיטעלסטע. אָבער צו-ערסט לאָמיר געהן עסען.

ס אָ ל נ ע ם :   (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ צו הילדאן) הילדא וועט שלאָפען אין קינדער־צימער.

פ ר ו י :   ס אָ ל נ ע ם :   (קוקט אויף איהם)   הילדא ? !

ס אָ ל נ ע ם :   יא, פריילין וואנגעל'ס נאָמען איז הילדא. איך האָב זי נאָך געקענט אַלס קינד.

פ ר ו י   ס אָ ל נ ע ם :   אזוי נאָר האלווארד ?   נו קומט, דאָס עסען איז אויפ'ן טיש. (זי נעהמט דר. הערדעל'ס אָרעם און געהט מיט איהם ארויס רעכטס. הילדע האָט דערווייל צונויפגענומען איהרע רייזע זאכען.)

ה י ל ד א :   (מילד און שנעל צו סאָלנעסען) איז עס אמת, וואָס איהר האָט געזאָגט ?   א י ך   ק ע ן   איך נוצליך זיין ?

ס אָ ל נ ע ם :   (נעהמט ביי איהר די זאכען) איהר זייט אפּור־ראָט די, וועלכע איך האָב אזוי נויטיג נעדאַרפט האָבען.

ה י ל ד א :   (קוקט אויף איהם מיט אַ גליקליכען פערוואונדער־טען בליק און קלאַטערט צונויף די הענט) אָה, גאָט, ווי פּראַכטפאָל! —

ס אָ ל נ ע ם :   (נייגעריג) וואָס ?

ה י ל ד א :   איצט האָב איך מיין קעניגרייך !

ס אָ ל נ ע ם :   (ניט ווילענדיג) הילדא — !

ה י ל ד א :   (ווידער צונויפציהענדיג די ליפּען)   ב מ ע ם,— האָב איך געוואָלט זאָגען. (זי געהט ארויס רעכטס, סאָלנעס נאָך איהר.)



# צווייטער אקט

אַ שעהן פערפוצטער קליינער זאַל אין סאָלנעס׳ הויז. פון הינטען אַ גלעזערנע טיר וואָס פיהרט צו אַ וועראַנדאַ און צום גאָרטען. רעכטס אַ גרויסער ווינקעל־פענסטער, אויף וועלכען עס שטעהען וואַזאַנעס. אין לינקען ווינקעל אַ וואַנד, געבויט, ווי דאָס פענסטער רעכטס, אין וועלכער עס איז דאָ אַ טיר, געשפּאָלירט ווי די וואַנד. פוןביידע זייטען געוועהנליכע טירען. פון פאָרענט רעכטס אַ קאָנסאָל־טיש מיט אַ שפּיגעל איבער איהם. אַ רייכע אויסשטעלונג פון בלומען און פלאַנצען. פון פאָרענט לינקס אַ סאָפאַ מיט אַ טיש און שטוהלען. ווייטער פון הינטען אַ ביכער־שראַנק. פאר דעם ווינקעל־פענסטער אַ קליינער טיש מיט שטוהלען. עס איז פריהמאָרגען.

סאָלנעס זיצט ביי אַ טישעל, אויף וועלכען עס ליעגט ראַגנאַר בראָוויק׳ס פּאָרטפאָליא אָפֿן אָפֿענער. ער בלעטערט די צייכנונגען און בעטראַכט איניגע פון זיי גענוי. פרוי סאָלנעס געהט שטילערהייד אַרום מיט אַ קליינעם וואַסער־קאַן און בעשפּריצט די בלומען. זי איז געקליידעט אין שווארצען ווי פריהער. איהר הוט, מאַנטעל און שירם ליגען אויף אַ שטוהל ביים שפּיגעל. סאָלנעס טהוט אַ קוק אויף איהר פון צייט צו צייט, ווען זי בעמערקט עס ניט. קיינער פון זיי רעדט ניט קיין וואָרט. קאַיאַ פאָסלי קומט שטיל אַריין פון דער לינקער טיר.

ס אָ ל נ ע ס : (קעהרט זיך אום און זאָגט צו איהר אין אַ גלייכגילטיגען טאָן) אָך, דאָס זייט איהר?

ק אַ י אַ : איך האָב איך נור געוואָלט זאָגען, אַז איך בין שוין געקומען.

ס אָ ל נ ע ס : גוט. ראַגנאַר איז שוין אויך דאָ?

ק אַ י אַ : ניין, נאָך ניט. ער האָט געמוזט וואַרטען אַ ווײַלע אויפ׳ן דאָקטאָר. ער קומט אָבער באַלד זיך ערקונדיגען —

ס אַ ל נ ע ם : וואָס מאַכט דער אַלטער ?

ק אַ י אַ : ניט גוט. ער האָט געבעטען, איהר זאָלט איהם ענטשולדיגען, וואָס ער וועט היינטיגען טאָג מוזען בלייבען אין דער היים.

ס אַ ל נ ע ם : גאַנץ ריכטיג. זאָל ער נור זיך אויסרוהען. און איהר נעהמט זיך צו אייער ארבייט.

ק אַ י אַ : יא. (זי בלייבט שטעהן אין טיר.) ווילט איהר רעדען מיט ראַנגאַרען, ווען ער וועט קומען ?

ס אַ ל נ ע ם : ניין. דאכט זיך, איך האָב איהם גאָר ניט וואָס צו זאָגען.

(קאַיאַ געהט אוועק אין דער לינקער זייט. סאָלנעס בלעטערט ווייטער אין די צייכנונגען.)

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ם : (ביי די וואַזאַנעס) ווער ווייס, ער וועט אפשר איצטער אויך שטאַרבען ?

ס אַ ל נ ע ם : (קוקט איהר אָן) אויך ? ווער נאָך דען ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ם : (ניט ענטפערענדיג) יא, יא, קענסט זיך פערלאָזען דערויף, האַלוואַרד, דער אַלטער בראָוויק וועט אויך שטאַרבען. דו וועסט זעהן.

ס אַ ל נ ע ם : ליעבע אַלינאַ, דענקסטו ניט אז דו וואָלסט געדאַרפט זיך דורכגעהן אביסעל שפּאַצירען ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ם : יא, איך דענק אז איך דאַרף טאַקע.

(זי פאַרעט זיך ווייטער מיט די בלומען.)

ס אַ ל נ ע ם : (איינגעבויגען איבער די צייכנונגען) זי שלאָפט נאָך ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ם : (קוקט איהם אָן) דו זיצסט דאָ און קלערסט עס אַלץ וועגען פריילין וואַנגעל ?

ס אַ ל נ ע ם : (גלייכגילטיג) זי איז מיר גראָד, צופעליג, געקומען אויף די געדאַנקען.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ם : פריילין וואַנגעל איז שוין לאַנג אויפגעשטאַנען.

ס אַ ל נ ע ם : אזוי ?

פרוי סאַלנעס: ווען איך בין אַריינגעגאַנגען זי זעהן, איז זי געווען פערנומען איינאָרדנענדיג איהרע זאַכען.. (זי שטעלט זיך ביים שפּיגעל און הויבט אָן לאַנגזאַם אָנטאָן דעם הוט.)

סאַלנעס: (נאָך אַ קורצער פּאוזע) ענדליך איז אונז דאָך צוניץ געקומען איינס פון אונזערע קינדער־צימער, אלינאַ.

פרוי סאַלנעס: יא, ס'איז צוניץ געקומען.

סאַלנעס: מיר דאַכט עס איז אַלץ בעסער, איידער זיי זאָלען אינגאַנצען שטעהן פּוסט.

פרוי סאַלנעס: די דאָזיגע פּוסטקייט איז שרעקליך. דאָס איז אמת.

סאַלנעס: (פערמאַכט די פּאַרטפאָליא מיט די צייכנונגען, שטעהט אויף און געהט צו צו איהר) דו וועסט זעהן, אלינא, אַז נאָך דעם וועט אונז זיין אַ סך בעסער. עס וועט זיין בעקוועמער. דאָס לעבען וועט זיין לייכטער — ספּעציעל פאר ד י ר.

פרוי סאַלנעס: (קוקט איהם אָן) נאָך דעם?

סאַלנעס: יא, גלויב מיר, אלינא —.

פרוי סאַלנעס: דו מיינסט וויל ז י איז דאַ געקומען?

סאַלנעס: (זיך צוריקהאַלטענדיג) איך מיין, נאַטירליך, ווען מיר וועלען אַריינציהען אין דאָס נייע הויז.

פרוי סאַלנעס: (נעהמט איהר מאַנטעל) אַה, דו גלויבסט עס, האַלוואַרד? עס וועט דאַן בעסער זיין?

סאַלנעס: איך קען עס מיר אַנדערש ניט פאָרשטעלען. און דו דענקסט דען ניט אַזוי?

פרוי סאַלנעס: איך האָף גאָר ניט אויף דאָס נייע הויז.

סאַלנעס: (אומעטיג) עס פערדריסט מיך זעהר ווען דו זאָגסט עס. ווארים דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב עס הויפּטזעכליך פון דיינעט וועגען געבויט. (ער וויל איהר העלפען אָנטאָן דעם מאַנטעל.)

פרוי סאַלנעס: (ווייזט צוריק זיין הילף) דער אמת

איז, אז דו כוסט צופיעל פון טייבעטוועגען.

ס אָ ל נ ע ם : (מיט היץ) ניין, ניין, זאָג עס ניט, אלינא! איך קען ניט הערען אזעלכע ווערטער פון דיר!

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : נו, אויב אזוי וועל איך דאָס שוין מעהר ניט זאָגען, האַלווארד.

ס אָ ל נ ע ם : איך בלייב אָבער ביי מיין מיינונג. דו וועסט שוין זעהן ווי פיעל בעסער עס וועט פאר דיר זיין אין דער נייער וואוינונג.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : אָך גאָט — פאר מיר בעסער! —

ס אָ ל נ ע ם : (היציג) יא, געוויס! דו קענסט זיין זיכער אין דעם! ווייל דאָרטען, פערשטעהסטו, וועט זיין אזוי פיעל, וואָס וועט דיך דערמאָנען אָן דיין אייגענער היים...

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : אָן די היים פון מיין פאָטער און מוטער — וואָס איז אָבגעברענט געוואָרען ביז'ן גרונד ——

ס אָ ל נ ע ם : (שטיל) יא, יא, מיין אָרעמע אלינא, דאָס איז פאר דיר געווען א שרעקליכער קלאָפּ.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : (מיט א וויינענדיגער שטימע) דו מעגסט בויען וויפיעל דו ווילסט, האַלווארד — פאר מ י ר קענסט דו קיינמאָל קיין ריכטיגע היים ניט אויפבויען!

ס אָ ל נ ע ם : (שפּאַנט איבער'ן צימער) נו, אויב אזוי, לאָמיר וועגען דעם מעהר ניט רעדען.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : מיר רעדען וועגען דעם זאָנסט אויך קיינמאָל ניט, ווייל דו שטופּסט דעם געדאַנק שטענדיג אוועק פון זיך...

ס אָ ל נ ע ם : (בלייבט מיט אמאָל שטעהן און קוקט אויף איהר) איך? פארוואָס זאָל א י ך דאָס דען טאָן? אוועקשטופּען דעם געדאַנק?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : אָה, האַלווארד, איך פערשטעה דיך גאַנץ גוט. דו ווילסט מיך שאַנעווען, און געפינען תרוצים פאר מיר אויך וויפיעל דו קענסט נור.

ס אַ ל נ ע ס : (ערשטוינט) פאַר דיר! רעדסטו וועגען ד י ר וועגען זיך אליין, אלינאַ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : נו, יאַ, וועגען וועמען דען זאָל איך רעדען?

ס אַ ל נ ע ס : (ניט ווילענדיג צו זיך אליין) נאָך ו אַ ס האָט געפעהלט!

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : וועגען דאָס אלטע הויז וואָלט איך גאָרניט געזאָרגט. איין מאָל האָט דאָס אומגליק געדאַרפט קומען, דאַן...

ס אַ ל נ ע ס : דאָס האָסט דו רעכט. פון קיין אומגליק אַנטלויפט מען ניט, ווי מען זאָגט.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אָבער דאָס שרעקליכע, וואָס איז ארויסגעקומען, פונ'ם פייער — ! דאָס איז עס! ד אָ ס, דאָס!

ס אַ ל נ ע ס : (היטציג) ניט טראַכט וועגען דעם, אלינאַ!

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אָה, ד אָ ס איז גראַד, וועגען וואָס איך מוז טראַכטען. און איצט מוז איך עס טאַקע ארויסרעדען אויך, ווייל איך קען עס שוין מעהר ניט אריבערטראָגען! און דאַן, וואָס איך קען מיר אליין קיין מאָל ניט פערגעבען!...

ס אַ ל נ ע ס : (שרייט אויס) וואָס, דו קענסט ד י ר ניט פערגעבען?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : יאָ, וואָרים איך האָב דאָך געהאַט צווייערליי פליכטען: צו דיר און צו די קינדער. איך האָב זיך געדאַרפט שטאַרקען, ניט צוטומעלט ווערן אין שרעק — אָדער פון יסורים, וואָס איך האָב פערלאָרען מיין היים. (ברעכט די הענד.) אָה, ווען איך וואָלט דאָס נאָר געקענט, האַלוואַרד!

ס אַ ל נ ע ס : (קומט נעהענטער, גערירהרט און מילד) אלינאַ, דו מוזט מיר פערשפרעכען, מעהר זיך אין אזוינע געדאַנקען ניט אריין צו לאָזען. פערשפרעך דאָס מיר!

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : דו ליעבער גאָט! —— פערשפרע-כען! פערשפרעכען קען מען אלעס...

ס אַ ל נ ע ס : (פרעסט צוזאַמען די הענד און געהט איבער'ן

צימער) אָה, מען קען פערצווייפלען! קיין איין שטראהל פון דער זון! נים צום מאָל א העלער שיין צו בעלייכטען אונזער היים!

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : דאָס א י ז נים קיין היים, האָל־ווארד.

ס אָ ל נ ע ס : אָה, ניין. דאָס איז דער גאנצער אמת. (מים א שווערען געמיט) און נאָט וויים, אויב דו האָסט נים רעכט, אז עס וועט אונז אין דעם נייען הויז אויך נים בעסער זיין!

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : עס וועט קיין מאָל נים בעסער זיין, פונקט אזוי פוסט, פונקט אזוי עלענד, דאָרטען ווי דאָ.

ס אָ ל נ ע ס : (מים היץ) אָבער, אום גאָטעס ווילען, צו וואָס האָבען מיר עס געבוים? קענסטו מיר ערקלערען?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : ניין, אויף דער פראגע מוזט דו אליין ענטפערען.

ס אָ ל נ ע ס : (קוקט אויף איהר ערשטוינט) וואָס מיינסט דו ד ע ר מ י ט, אלינא?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : וואָס איך מיין?

ס אָ ל נ ע ס : יא, צום טייפעל — ! דו האָסט עס געזאָגט אזוי מאָדנע — ווי עס וואָלט אין דעם געווען עפּעס א פערבאָר־בענער געדאנק.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : ניין, גאָרנישט; דו מעגסט זיין זיכער...

ס אָ ל נ ע ס : (קומט צו נעהענטער) אָה, עס איז נים נעט־היג — איך ווייס וואָס איך וויים. איך האָב אָפען מיינע אויגען, און מיינע אויערען, אלינא, קענסט זיך פערלאָזען אויף מיר!

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : וואָס רעדסטו דען? ו ו אָ ס איז עס אזוינס?

ס אָ ל נ ע ס : (שטעלט זיך קעגען איהר) ווילסטו מיר איינ־ריידען, אז דו געפינסט נים עפּעס א פערבאָרגענעם געדאנק אין יעדען אונשולדיגען וואָרט, וואָס איך רעד ארוים?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : א י ך, זאָגסט דו? איך טו דאָס?

ס אָ ל נ ע ס : (לאכט) חא־חא־חא! עס איז גאָר קיין

וואונדער ניט, אלינא! ווען דו מוזט זיך קווּעלען מיט א קראנקען מאַן אין הויז.

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : (מיט אַנגסט) ק ר א נ ק? דו ביסט קראנק, האָלוואַרד?

ס אָ ל נ ע ס : (פּלאַצט אַרויס) אָדער מיט א האלב־פערריק־טען מאַן! א משוגענעם מאַן! רוף מיך, ווי דו ווילסט!

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : (טאַפּט אָן א שטוהל און זעצט זיך) האָלוואַרד — אום גאָטעס ווילען!

ס אָ ל נ ע ס : אָבער, איהר האָט ביידע א טעות, אי דו, אי דער דאָקטאָר. ניט דאָס איז די צרה מיט מיר. (ער שפּאַצירט אַרום אין צימער. פרוי סאָלנעס קוקט איהם נאָך מיט אַנגסט. ענדליך געהט ער צו צו איהר. רוהיג) אין גרונד גענומען פעהלט מיר גאָר נישט.

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : ניין, ניט וואהר? וואָס זשע איז דאָך מיט דיר?

ס אָ [illegible] ע ס : די צרה איז, וואָס איך פיהל אָפט, ווי איך זינק אַרונטער אונטער דעם שווערען לאַסט פון שולדען...

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : שולדען, זאָגסט דו? אָבער דו ביסט דאָך קיינעם נאָר נישט שולדיג, האָלוואַרד!

ס אָ ל נ ע ס : (מילד, מיט געפיהל) איך בין  ד י ר  שול־דיג אַן אונענדליען חוב — ד י ר, ד י ר, אלינא.

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : (הויבט זיך לאַנגזאַם אויף) וואָס שטעקט הינטער אַלעם דעם? זאָג מיר בעסער גלייך.

ס אָ ל נ ע ס : עס ש ט ע ק ט  גאָר ניט הינטער דעם. איך האָב דיר קיין מאָל קיין שלעכטס ניט געטאָן. יערענפאַלס ניט, וויסענדיג אָדער ווילענדיג. און דאָך — און דאָך דאַכט זיך מיר, אַז עפּעס א שווערע שולד ליעגט אויף מיר און בויגט מיך צו דער ערד.

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : א שולד געגען מ י ר?

ס אָ ל נ ע ס : הויפּטזעכליך געגען דיר.

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : אויב אזוי, ביסט דו טאַקע קראַנק,

האַלוואַרד.

ס אָ ל נ ע ס : (מיט אַ שווערן געמיטה) אָפנים עס מוז אַזוי זיין, אָדער ניט וו ו י י ט דערפון. (ער קוקט אויף דער טיר רעכטס, וועלכע עפענט זיך) אַה, איצט ווערט ליכטיג!

ה י ל ד אַ ו ו אַ נ ג ע ל : (קומט אריין; זי האָט אַביסעל געענדערט איהר קאָסטיום, דאָס קלייד איז אַראָפּגעלאָזען).

ה י ל ד אַ : גוט מאָרגען, בוי־מייסטער!

ס אָ ל נ ע ס : (פערגנייגט זיך) האָט איהר גוט געשלאָפען?

ה י ל ד אַ : וואונדערבאַר גוט! ווי אין אַ וויגעל. אַה — איך בין געלעגען און האָב זיך אויסגעצויגען — ווי אַ פּרינצעסין!

ס אָ ל נ ע ס : (שמייכעלט) הייסט עס, ס'איז אייך געווען גאַנץ בעקוועם?

ה י ל ד אַ : איך מיין עפּעס אַזוי.

ס אָ ל נ ע ס : און איהר האָט וואהרשיינליך געטרוימט אויך?

ה י ל ד אַ : געווים. אָבער דאָס איז געווען שרעקליך.

ס אָ ל נ ע ס : אַזוי?

ה י ל ד אַ : יאָ, דען עס האָט זיך מיר געחלומ'ט אַז איך בין אַראָבגעפאַלען פון אַן אונגעהייער הויכער פעלזענוואַנד. חלומ'ט זיך אייך קיינמאָל ניט אַזעלכע חלומות?

ס אָ ל נ ע ס : אָה, יאָ. מאַנכעס מאָל...

ה י ל ד אַ : עס איז אַזוי שפּאַנענד — ווען מען פאַלט און פאַלט...

ס אָ ל נ ע ס : עס פיהלט זיך ווי דאָס בלוט וואָלט ווערען פערקיהלט.

הי ל ד אַ : ציהט איהר ארויף די פיס אונטער זיך, ווען איהר פאַלט?

ס אָ ל נ ע ס : יאָ, אַזוי הויך ווי איך קען נור.

ה י ל ד אַ : איך טו עס אויך.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : (נעהמט איהר שירם) איצט מוז איך

געהן אין שטאָדט, האלווארד. (צו הילדען) און איך וועל זעהן איינ־
קויפען פ א ר א י י ך איינינע זאכען.

ה י ל ד א : (וויל זי ארומנעהמען) אך, ליעבע, טייערע פרוי
סאָלנעס! איהר זייט ווירקליך צו גוט צו מיר! שרעקליך גוט...

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : (זיך לויז מאַכענדיג פון איהר) אָה,
דורכאוים נים. עס איז נישט מעהר ווי מיין פליכט און דארום
טו איך עס גערן.

ה י ל ד א : (בעליידיגט, בלאָזט אָן די ליפען) איבריגענס,
דענק איך, אז איך קען אזוי אויך ארויסגעהן אין גאס, איצט אז
איך האָב מיין קאָסטום אביסעל צורעכט געמאכט. אָדער איהר
דענקט אז נים?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : דעם אמת זאָגענדיג, דענק איך,
אז מען וואָלט אייך אָנגעקוקט אביסעל.

ה י ל ד א : (מיט פעראַכטונג) עט! נישט מעהר ווי דאָס?
עס וואָלט מיר נור שפּאַס געמאכט.

ס אָ ל נ ע ס : (מיט פערשטיקטען פערדרוס) יא, אָבער
מענשען קענען זיך נאך אריינגעהמען אין קאָפּ, אז א י ה ר
זייט אויך משוגע.

ה י ל ד א : משוגע? זיינען דען דאָ אין שטאָדט פאראנגען
אזוי פיעל משוגעים?

ס אָ ל נ ע ס : (ווייזט אויף זיין שטערען) דאָ זעהט איהר
איינעם, יעדענפאלס.

ה י ל ד א : איהר — הערר סאָלנעס!

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : אָבער, ליעבער האַלווארד!

ס אָ ל נ ע ס : האָט איהר דען דאָס נאָך נים בעמערקט?

ה י ל ד א : ניין, דאָס האָב איך געוויס נים בעמערקט. (זי
בעדענקט זיך און שמייכעלט) און דאָך —— אין איין איינציגען
פונקט פיילייכט.

ס אָ ל נ ע ס : נאָ, דו הערסט, אלינאָ?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : וואָס איז עס פאר א פונקט, פריילין
וואַנגעל?

ה י ל ד א : ניין, איך וועל נים זאָגען.

ס אָ ל נ ע ס : אָה, יא. זאָגט עס!

ה י ל ד א : ניין, א דאַנק אייך, אזוי פעררישט בין א י ך נים.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : ווען דו וועסט בלייבען אליין מיט פריילין וואנגעל, וועט זי דאָס דיר שוין זאָגען, האַלוואַרד.

ס אָ ל נ ע ס : אזוי דענקסט דו?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : יא, געוויס. דו קענסט דאָך זי אזוי גוט פון פריהער. נאָך אלס קינד, זאָגסט דו. (אָב דורך די טיר לינקס.)

ה י ל ד א : (נאָך אַ קליינער פּאוזע) האָט אייער פרוי מיך זעהר פיינד?

ס אָ ל נ ע ס : האָט איהר דען עפּעס בעמערקט?

ה י ל ד א : און איהר אליין האָט דאָס דען נים בעמערקט?

ס אָ ל נ ע ס : (אויסווייכענדיג) אלינא איז געוואָרען אזוי שעמעדיג מיט פרעמדע מענשען די לעצטע פּאָר יאָהר.

ה י ל ד א : ווירקליך?

ס אָ ל נ ע ס : אָבער ווען איהר וואָלט זי געקענט — זי איז אזוי פיין, אזוי טריי, אזוי גוטהערציג.

ה י ל ד א : (אונגעדולדיג) אָבער אויב זי איז דאָס אלעס, פאר וואָס זשע האָט זי אזוי גערעדט פון פליכט?

ס אָ ל נ ע ס : פון פליכט?

ה י ל ד א : זי האָט געזאָגט, זי וועט געהן אין שטאָדט און מיר עטוואָס קויפען, ווייל עס איז איהר פ ל י כ ט. אָך, איך קען נים ליידען דאָס העסליכע וואָרט פליכט!

ס אָ ל נ ע ס : וואָרום דען?

ה י ל ד א : עס קלינגט אזוי קאַלט, שאַרף און שטעכעדיג. פליכט — פליכט — פליכט. דוכט זיך אייך נים אז עס שטעכט אייך דורך?

ס אָ ל נ ע ס : הם — איך האָב ווענען דעם נים נאָכגעדענקט.

ה י ל ד א : אָבער עס איז דאָך אזוי! און אויב זי איז

טאַקע אַזוי גוט — ווי איהר זאָגט — צו וואָס דאַרף זי אַזוי רעדען?

ה י ל ד אַ : אָבער, מיין גאָט, ווי דען וואָלט איהר וועלען זי זאָל האָבען געזאָגט?

ה י ל ד אַ : זי האָט געקענט זאָגען, אַז זי טוט עס ווייל איך געפעל איהר זעהר. אונגעפעהר אַזוי האָט זי געקענט זאָגען — עפּעס אַזוינס וואָס וואָלט געווען ווארעם און הערצליך, פערשטעהט איהר מיך.

ס אָ ל נ ע ס : (קוקט זי אָן) הייסט עס, אַט אַזוי האָט איהר עס געוואָלט האָבען?

ה י ל ד אַ : יאָ, פּונקט אויף אַזאַ אַרט. (זי געהט אַרום אין צימער, שטעלט זיך אָפּ ביי אַ ביכער־שראַנק און קוקט אויף די ביכער.) איהר האָט אַ סך ביכער!

ס אָ ל נ ע ס : יאָ, איך האָב מיר איינגעשאַפט אַ היבש ביסעל.

ה י ל ד אַ : און איהר לעזט זיי טאַקע אַלע?

ס אָ ל נ ע ס : אַמאָל פלעג איך עס פּרובירען. לעזט איהר?

ה י ל ד אַ : ניין, קיין מאָל ניט. איך האָב עס אויפגעגעבען. עס איז אין גאַנצען, מיר דוכט, אַן איבעריגע זאַך.

ס אָ ל נ ע ס : אַקוראַט אַזוי פיהל איך אויך וועגען דעם.

ה י ל ד אַ : (געהט ווייטער אַרום, שטעלט זיך אָב ביים קליינעם טישעל, עפענט די פּאָרטפּאָליע און בלעטערט דאָרט) זיינען דאָס אַלץ אייערע צייכנונגען?

ס אָ ל נ ע ס : ניין. עס האָט זיי געמאַכט אַ יונגערמאַן, וועלכער אַרבייט ביי מיר.

ה י ל ד אַ : איינער, וועמען איהר האָט געלערנט?

ס אָ ל נ ע ס : אָה, יאָ. אָהן צווייפעל האָט ער פון מיר אויך עטוואָס געלערנט.

ה י ל ד אַ : (זעצט זיך) דאַן מוז ער זיין זעהר געשיקט, (בע־טראַכט די צייכנונגען) ניט וואהר?

ס אָ ל נ ע ס : אָה, ניט שלעכט. פאַר מ י י ן צוועק —

הילדא: אַה, יא — איך בין זיכער אז ער איז שרעקליך געשיקט!

סאַלנעס: זעהט איהר דאָס ארוים פון זיינע צייכנונגען?

הילדא: עס — פון אָט די פּאַטשקעריי! אָבער איין מאָל האָט ער ביי אייך געלערנט, דאָן...

סאַלנעס: אַה, וואָס קעהר זיך אָן צו דעם — זיינען דאָ פּיעלע, וואָס האָבען ביי מיר געלערנט און זיינען דאָך נים ווייט אוועק.

הילדא: (קוקט אויף איהם און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) ניין, איך קען פאר קיין פאַל נים פערשטעהן, ווי איהר קענט זיין אזוי נאריש?

סאַלנעס: נאריש? זעה איך דען אוים אזוי נאריש?

הילדא: נו, גאַנץ געווים. אויב איהר זייט צופריעדען זיך אָבצוגעבען דערמיט און לערנען אָט די אַלע לייטע...

סאַלנעס: (לייכט אויפבאַפּענדיג זיך) יא, פאר וואָס דען נים?

הילדא: (שטעהט אויף האַלב לאַבענדיג און האַלב ערנסט) אַך, ניין, בוימייסטער! צו וואָס נוצט עס? קיינער, אויסער א י י ך, דארף נים האָבען דאָס רעכט צו בויען. איהר מוזט שטעהן גאַנץ אַליין! איהר אַליין דארפט אַלעס טהאָן. איצט ווייסט איהר שוין?

סאַלנעס: (נים ווילענדיג) הילדא! —

הילדא נו!

סאַלנעס: ווי אזוי איז דאָס איין נעקומען אויף די געדאַנקען?

הילדא: דענקט איהר דען, אז איך בין אזוי שטאַרק אונגערעכט?

סאַלנעס: ניין, נים דאָס האָב איך געמיינט. נור איצט וועל איך איייך עפּעס זאָגען.

הילדא: נו? —

סאַלנעס: איך האָב זיך אַהן אָן אויפהער — שטיל און איינזאַם — ארומגעטראָגען מיט דיעזען געדאַנק.

הילדא: נו, דאָס איז, דאַכט מיר, גאַנץ נאַטירליך.

סאַלנעס: (קוקט אויף איהר פאַרשעמד) אפשר האָט איהר דאָס שוין בעמערקט?

הילדא: ניין, ווירקליך נים.

סאַלנעס: אָבער פריהער — ווען איהר האָט געזאָגט, אַז איהר האַלט מיך פאַר עטוואָס צודרעהט? אין איין פונקט, האָט איהר געזאָגט...

הילדא: אָה, דאַן האָב איך געדענקט וועגען גאָר עפּעס אַנדערש.

סאַלנעס: וועגען וואָס אַנדערש?

הילדא: איך וועל אייך נים אויסזאָגען.

סאַלנעס: (שפּאַצירט איבער'ן צימער) ווי איהר ווילט זיך. (בלייבט שטעהן ביים פענסטער) קומט אַהער, איך וויל אייך עפּעס ווייזען.

הילדא: (צוקומענדיג) וואָס איז דאָס אזוינס?

סאַלנעס: איהר זעהט — דאָרט אין גאָרטען ——?

הילדא: יא?

סאַלנעס: (ווייזט מיט'ן פינגער) דאָרט פונקט איבער'ן גרויסען שטיין-פעלד?

הילדא: דאָס נייע הויז מיינט איהר?

סאַלנעס: וואָס האַלט זיך אין בויען, יא. און כמעט געענדיגט.

הילדא: דאַכט מיר, עס האָט זעהר א הויכען טורעם.

סאַלנעס: דאָס ברעטער-געשטעל איז נאָך נים אַרונטערגענומען געוואָרען.

הילדא: איז דאָס אייער נייע הויז?

סאַלנעס: יא.

הילדא: דאָס הויז, אין וועלכען איהר וועט באַלד אריינציהען?

סאַלנעס: יא.

הילדא: (קוקט אויף איהם) זיינען אין יענעם הויז אויך פאראנגען קינדער־צימערן?

סאלנעם: דריי, פונקט ווי דא.

הילדא: און קיינע קינדער?

סאלנעם: און עס וועלען שוין קיינמאל קיין קינדער ניט זיין.

הילדא: (האלב שמייכלענדיג) נו, בין איך ניט געווען גערעכט — ?

סאלנעם: אין וואס — ?

הילדא: אז איהר זייט דאך — עטוואס פעררוקט.

סאלנעם: ווענען דעם האט איהר דאס געטראכט?

הילדא: יא, ווענען די אלע פוסטע קינדער־צימערן, אין וועלכע איך בין געשלאפען.

סאלנעם: (שטילער) מיר האבען געהאט קינדער — אלינא און איך.

הילדא: (קוקט אויף איהם געשפאנט) איהר האט.....?

סאלנעם: צוויי קליינע אינגעלעך. זיי זיינען געווען אין איין עלטער.

הילדא: א צווילינג, הייסט עס?

סאלנעם: יא, א צווילינג. עס איז שוין אין דעם עלף אדער צוועלף יאהר.

הילדא: (פארזיכטיג) און ביידע זיינען — ? איהר האט, הייסט עס, ביידע קינדער פערלארען?

סאלנעם: (שטיל, בעוועגט) א דריי וואכען האבען מיר זיי געהאט. אדער כמעט אזוי פיעל צייט. (פלאצט ארויס) אה, הילדא, איך קען אייך גאר ניט זאגען ווי גוט עס איז פאר מיר, וואס איהר זייט געקומען! דען איצט האב איך ענדליך צו וועמען צו רעדען!

הילדא: קענט איהר דען ניט רעדען צו — צו איהר?

סאלנעם: ניט וועגען דעם. ניט אזוי ווי איך וויל

און מוז רעדען. (מיט א שווערען געמיטה) און אויך ניט ווענען נאך פיעלע אנדערע זאכען.

הילדא: (מיט אן אונטערדריקטער שטימע) איז דאס אלעס, וואס איהר האט געמיינט בעת איהר האט געזאגט, אז איהר דארפט מיך האבען?

סאלנעס: דאס איז געוועזן די הויפט־זאך וואס איך האב געמיינט — וועניגסטענס נעכטען. ווייל היינט בין איך שוין ניט אזוי זיכער —— (אונטערברעכט זיך) קומט אהער און לאמיר זיך אוועקזעצען, הילדא. זעצט זיך דארט אויפ'ן זאפא — אזוי אז איהר זאלט קענען קוקען אין גארטען. (הילדא זעצט זיך אין א ווינקעל אויפ'ן זאפא. סאלנעס ברוינגט צו א שטוהל) ווילט איהר מיך אויסהערען?

הילדא: יא, איך וועל אייך זעהר, זעהר גערן אויס־הערען.

סאלנעס: (זעצט זיך) אויב אזוי, וועל איך אייך אלעס דערציילען.

הילדא: איצט קען איך זעהן אי דעם גארטען, אי אייך, בוימייסטער. אלזא, איצט דערצעהלט. הויבט אן!

סאלנעס: (ווייזט אויפ'ן פענסטער) אט דארט אין דרויסען, אויפ'ן בערגעל — וואו איהר זעהט דאס נייע הויז —

הילדא: נו?

סאלנעס: דארט האבען מיר, איך און אלינא, גע־וואוינט די ערשטע יאהרען נאך אונזער חתונה. דארט אויבען איז געשטאנען אן אלט הויז, וואס האט בעלאנגט צו איהר מוטער; מיר האבען דאס גע'ירש'נט; און דערצו אויך דעם גאנצען, גרוי־סען גארטען.

הילדא: איז אויך יענעם הויז אויך געוועזן א טורעם?

סאלנעס: ניין, אפילו קיין שפור ניט. פון דרויסען האט עס אויסגעזעהען ווי א גרויסער, פינסטערער און העסליכער, היל־צערנער קאסטען; נור אינוועניג איז פון דעסטוועגען געוועזן גאנץ נעט און בעקוועם.

ה י ל ד א : האָט איהר ארונטערגעריסען די אַלטע גע־ביידע ?

ס אַ ל נ ע ס : ניין, עס איז פערברענט געוואָרען.

ה י ל ד א : אינגאנצען ?

ס אַ ל נ ע ס : יא.

ה י ל ד א : איז עס פאר אייך געווען א גרויסער אונגליק ?

ס אַ ל נ ע ס : עס ווענדט זיך, ווי מען קוקט דערויף. אלס בוימייסטער האָב איך אין גאנצען צו פערדאנקען דעם פייער —

ה י ל ד א : נו, נור — ?

ס אַ ל נ ע ס : עס איז געווען באלד נאָך דעם ווי די צוויי אינגעלעך זיינען געבאָרען געוואָרען.

ה י ל ד א : דער אָרעמער צווילינג, יא.

ס אַ ל נ ע ס : זיי זיינען געקומען געזונד און שטארק אויף דער וועלט, און זיי זיינען אזוי גוט געוואקסען, אז מען האָט עס געקענט מערקען פון טאָג צו טאָג.

ה י ל ד א : קליינע קינדערלעך וואקסען זעהר שנעל אין אָנהויב.

ס אַ ל נ ע ס : עס איז געווען דאָס שענסטע בילד אין דער וועלט צו זעהן אלינאַן ליעגענדיג מיט זייביידען אין איהרע אָרעמס.... אָבער דאַן איז געקומען די נאכט פון דעם פייער...

ה י ל ד א : (געשפאנט) וואָס זשע איז געשעהן ? זאָגט, איז אימיצער אומגעקומען ?

ס אַ ל נ ע ס : ניין, דאָס ניט. יעדער איז געראַטעט גע־וואָרען פון הויז...

ה י ל ד א : נו, וואָס קומט ווייטער ? ——

ס אַ ל נ ע ס : דער שרעק האָט אלינא'ן זעהר ערשיטערט. דער ליארעם, דאָס אנטלויפען פון הויז, די איילענעס, און דערצו נאָך די אייז־קאַלטע לופט יענע נאכט, ווייל מען האָט זיי געמוזט ארויסטראָגען אזוי ווי זיי זיינען געלעגען, אי איהר אי די קינ־דער ——

ה י ל ד א : און זיי האָבען עס ניט אריבערגעטראָגען ?

ס אַ ל נ ע ס : אַה, ז י י האָבען עס גראד אריבערגעטראָגען. נור אַלינאַ האָט בעקומען דאָס פיבער און עס איז אריין אין די מילך. זי האָט נור געוואָלט זיי אליין זויגען. ווייל דאָס איז געווען איהר פליכט, האָט זי געזאָגט. און אונזערעביידע אינגעלעך — זיי —— (ער פרעססט צונויף די הענד) זיי — אָה!

ה י ל ד א : זיי האָבען דאָס ניט אריבערגעטראָגען?

ס אַ ל נ ע ס : ניין, דאָס האָבען זיי ניט אריבערגעטראָגען. און אָט אזוי האָבען מיר זיי פערלאָרען.

ה י ל ד א : דאָס האָט פאר אייך געמוזט זיין שרעקליך שווער.

ס אַ ל נ ע ס : שווער גענוג פאר מיר. אָבער צעהן מאָל שווערער פאר אַלינאַן (ער פרעסט צונויף די הענד אין איינגעהאַלטענער אויפרעגונג) אָה, אז אזעלכע זאכען זאָלען טרעפען אויף דער וועלט! (קורץ און פעסט) פון דעם טאָג אָן וואָס איך האָב זיי פערלאָרען, האָב איך מעהר קיין הארץ ניט צו בויען קירכען.

ה י ל ד א : האָט איהר ניט גערן געבויט דעם קירכען-טורעם ביי אונז אין שטאָדט?

ס אַ ל נ ע ס : ניט גערן. איך געדענק, ווי פריי און לייכט איך האָב געפיהלט ווען דער טורעם איז געווען געענדיגט.

ה י ל ד א : א י ך געדענק דאָס אויך.

ס אַ ל נ ע ס : און יעצט וועל איך שוין קיין מאָל ניט, — קיין מאָל ניט בויען עפּעס אזעלכעס, ניט קיין קירכען און ניט קיין קירכען-טורעמס.

ה י ל ד א : (שאָקעלט לאַנגזאַם מיט'ן קאָפּ) נור הייזער וואו מענשען זאָלען וואָהנען.

ס אַ ל נ ע ס : היימען פאר מענשען, הילדא.

ה י ל ד א : אָבער היימען מיט הויכע טורעמס און מיט שפּיצען אויף זיי.

ס אַ ל נ ע ס : דאָס אם ליעבסטען (געהט איבער אין א לייכטען טאָן) נאָר, ווי איך האָב פריהער געזאָגט, דאָס פייער האָט מיך אויפגעריכט — אַלס בוימייסטער, מיין איך.

הילדא: פאַרוואָס רופט איהר זיך ניט ארכיטעקט, ווי די אנדערע?

סאָלנעס: איך האָב דערצו ניט קיין גענוג סיסטעמאַטישע בילדונג. דאָס מעהרסטע וואָס איך קען, האָב איך אליין אויסגעפונען.

הילדא: אָבער טראָץ דעם זייט איהר הויך געשטיגען, בוימייסטער.

סאָלנעס: יע, צו פערדאנקען דעם פייער. כמעט דעם גאנצען גאָרטען האָב איך צוטהיילט אין בוי־פּלעצער פאַר וויללאַס; און דאָרט האָב איך געקענט בויען ווי איך האָב געוואָלט. אזוי בין איך זעהר שנעל פאָרווערטס געגאנגען.

הילדא: (קוקט אויף איהם פאָרשענד) איהר מוזט זיין זעהר א גליקליכער מענש, אז עס געהט אייך אזוי.

סאָלנעס: (פינסטער) גליקליך? איהר זאָגט עס אויך — ווי אלע אנדערע?

הילדא: יא, איך דענק, איהר זייט עס. ווען איהר וואָלט נור קענען אויפהערען דענקען וועגען די צוויי קינדערלעך, דאן...

סאָלנעס: (לאנגזאַם) די צוויי קינדערלעך — זיי קען איך ניט אזוי גרינג פערגעסען, הילדא.

הילדא: (עטוואָס אונזיכער) פיהלט איהר נאָך אלץ דעם פערלוסט אזוי שטארק — נאָך אזוי פיעל לאנגע יאָהרען?

סאָלנעס: (קוקט זי פעסט אָן, ניט ענטפערענדיג) א גליקליכער מענש, האָט איהר געזאָגט.

הילדא: יא, אָבער זייט איהר דען ניט גליקליך אין אנדערע הינזיכטען?

סאָלנעס: (קוקט אלץ אויף איהר) ווען איך האָב אייך דאָס אלעס דערצעהלט וועגען פייער — הם —

הילדא: נו?

סאָלנעס: איז ניט געוועזען דעריין איין ספּעציעלער געדאנק, וואָס איז אייך געוואָרען אויספאלענד?

הילדא: (טראכט, און קען ניט דערטראכטען) ניין, וואס פאר א געדאנק זאל דאס זיין?

סאלנעס: (מיט איינגעהאלטענער בעטאנונג) נור דורך דעם פייער האב איך געקענט קומען דערצו צו בויען מענשליכע היימען. בעקוועמע, שעהנע און ליכטיגע היימען, וואו פאטער און מוטער מיט זייערע מחנות קינדער קענען וואהנען זיכער און צופריעדען, פיהלענדיג וואס פאר א גוטע זאך עס איז צו לעבען אויף דער וועלט, און דער עיקר צו געהערען איינער צום צווייטען, ווי אין די גרויסע, אזוי אין די קלענערע אנגעלעגענהייטען.

הילדא: (מיט היטץ) נו, און איז עס דען ניט א גרויס גליק פאר אייך צו קענען בויען אזעלכע פראכטפאלע היימען?

סאלנעס: אבער דער פרייז, הילדא! דער שרעקליכער פרייז, וואס איך האב געמוזט בעצאהלען, כדי צו קומען דערצו!

הילדא: אבער קענט איהר דאס שוין קיין מאל ניט פערגעסען?

סאלנעס: ניין, כדי צו קענען בויען היימען פאר אנדערע, האב איך געמוזט פערלירען — אויף אייביג פערלירען — די האפנונג צו האבען אן אייגענע היים. איך מיין א היים פאר א מחנה קינדערלעך — און פאר א פאטער און מוטער אויך.

הילדא: (פארזיכטיג) אבער, האט איהר דאס דען געמוזט טאן? און ווי זאגט איהר, אויף אייביג?

סאלנעס: (שאקעלט לאנגזאם מיט'ן קאפ) דאס איז געווען דער פרייז פאר דעם גליק, וועגען וועלכען מענשען רעדען אזוי פיעל. (אטהעמט שווער) דאס גליק — ה'ם — דאס גליק האט מען ביליגער ניט געקענט קויפען, הילדא.

הילדא: (ווי פריהער) אבער קען דאס דען ניט נאך א מאל גוט ווערען.

סאלנעס: ניין, קיין מאל ניט. דאס איז נאך א פאלגע פון'ם פייער — און פון אלינא'ס קראנקהייט דערנאך.

הילדא: (קוקט אויף איהם מיט אן אונבעשטימטען אויסדרוק) און דאך בויט איהר אט די קינדער־צימערן?

ס אָ ל נ ע ס : (ערנסט) האָט איהר קיין מאָל ניט געמערקט, הילדא, ווי דאָס אומעגליכע — רייצט און רופט?

ה י ל ד א : (גאָבדענקענדיג) דאָס אומעגליכע? (בעלעבט) געוויס! פיהלט איהר אויך אזוי?

ס אָ ל נ ע ס : יא, אזוי פיהל איך.

ה י ל ד א : דאן מוז אין אייך אויך שטעקען עפּעס א נישט-גוטער.

ס אָ ל נ ע ס : פארוואָס א נישט-גוטער?

ה י ל ד א : ווי דען וואָלט א י ה ר דאָס רופען?

ס אָ ל נ ע ס : (הויבט זיך אויף) עס קען זיין, אז איהר זייט גערעכט. (האסטיג) אָבער ווי אזוי זאָל איך ניט ווערען א נישט-גוטער, אז דיר נעהמט אזוי אימער — אין אלעס — אין אלעס!

ה י ל ד א : ווי מיינט איהר דאָס?

ס אָ ל נ ע ס : (שטיל, אינערליך בעוועגט) בעטראכט גוט, וואָס איך זאָג אייך, הילדא. אלעס, אין וואָס איך האָב געהאט ערפאָלג, דאָס בויען און שאפען — די גאנצע פּראכט, זיכערקייט, לוסטיגע בעקוועמליכקייט — יא, אפילו ערהאבענקייט — (פּרעסט צונויף די הענד) אָה, ווי שרעקליך עס איז צו דענקען וועגען דעם...

ה י ל ד א : ו ו אָ ס איז אזוי שרעקליך?

ס אָ ל נ ע ס : וואָס פאר דאָס אלעס מוז איך אָבקומען, אָבצאָהלען — ניט מיט געלד, נור מיט מענשליכען גליק. און ניט נאָר מיט מיין אייגען גליק, נור מיט דעם גליק פון אנדערע מענשען אויך. יא, יא, איהר זעהט, הילדא? אָט, דאָס איז דער פּרייז וואָס מיין גליק האָט מיך געקאָסט — מיך און אנדערע. און טאָג איין טאָג אויס מוז איך צוזעהן ווי מען צאָהלט פאר מיר דעם פּרייז אויפ'ס ניי. ווידער און ווידער — אימער ווידער!

ה י ל ד א : (הויבט זיך אויף און קוקט זיך איין אין איהם) איצט ווייס איך וועגען וואָס איהר דענקט — וועגען א י ה ר.

ס אָ ל נ ע ס : יאָ, הויפּטזעכליך וועגען אלינא'ן. ווייל אלינא — אויך זי האָט געהאט א בערוף אין לעבען, פּונקט ווי איך האָב געהאט מיין בערוף. (זיין שטימע ציטערט) אָבער איהר בערוף

האָט געמיזט ווערן צודריקט, צוריבען און פערניכטעט, כדי מיינער זאָל קענען זיך דורכרייסען אַ וועג און דערגרייכען דאָס, וואָס זעהט אויס ווי אַ גרויסער זיעג. דען איהר מוזט וויסען, אַז אלינאַ האָט אויך געהאַט אַ טאַלאַנט צו בויען.

הילדאַ: זי? צום בויען?

סאָלנעס: (שאָקעלט מיט׳ן קאָפּ) ניט קיין הייזער און טורעמס, און טורעם־שפּיצען — ניט די אַלע זאַכען מיט וועלכע איך פערנעהם זיך...

הילדאַ: וואָס דען?

סאָלנעס: (מילד און בעוועגט) צו בויען קינדערשע נשמה־לעך, הילדאַ. אויפצובויען קינדערשע נשמה׳לעך, פאַלקאָם באַלאַנסירט און אין שעהנע, עדעלע פאָרמען. זיי זאָלען קענען זיך דערהויבען און ווערען אויפריכטיגע דערוואַקסענע מענשליכע נשמות. צו דעם האָט אלינאַ געהאַט טאַלאַנט. און אָט דאָס אַלעס ליעגט איצט אונבענוצט און אונגוצבאַר אויף אייביג — קיין שום טובה קומט קיינעם דערפון ניט אַרויס — פּונקט ווי דער חורבן, וואָס בלייבט נאָך אַ שרפה.

הילדאַ: יאַ, אָבער ווען אפילו עס איז אזוי — !

סאָלנעס: עס איז אזוי! עס איז! איך וויים עס!

הילדאַ: נו, גוט, אָבער יעדענפאַלס איז עס דאָך ניט אייער שולד.

סאָלנעס: (וואַרפט זיין בליק אויף איהר, און שאָקעלט לאַנגזאַם מיט׳ן קאָפּ) אַה, דאָס איז טאַקע די גרויסע, שרעקליכע פראַגע. דאָס איז דער צווייפעל, וואָס נאָגט מיך ביי טאָג און ביינאַכט.

הילדאַ: דאָס?

סאָלנעס: יאַ. שטעלט זיך פאָר, אַז עס איז געוועזען מיין שולד — אין אַ געוויסען זינען.

הילדאַ: אייער שולד! דאָס פייער!

סאָלנעס: אין גאַנצען; אַלץ מיט אַנאַנדער. און דאָך, אפשר — בין איך טאַקע גאָר ניט שולדיג געוועזען אין דעם.

ה י ל ד א : (קוקט אויף איהם מיט א פערזארגטער מינע) אך, בוימייסטער — אויב איהר קענט אזוי רעדען, האב איך מורא, איהר זייט טאקע פארט קראנק.

ס א ל נ ע ס : ה׳ם — איך גלויב נים, אז איך וועל וועןעס איז זיין קלאר אין דעם פונקט.

(ראגנאר בראוויק עפענט פארזיכטיג די טיר לינקס. הילדא קוטט איהם אנטקעגען).

ר א ג נ א ר : (דערזעהענדיג הילדען) אך — ענטשולדיגט, הערר סאלנעס. (מאכט א בעוועגונג צוריק צו געהן.)

ס א ל נ ע ס : ניין, ניין, געהט נים אוועק. לאמיר פערטיג ווערען דערמיט.

ר א ג נ א ר : אה, יא — ווען מיר וואלטען נור געקענט.

ס א ל נ ע ס : ווי איך הער, איז אייער פאטער נים בעסער?

ר א ג נ א ר : מיין פאטער ווערט וואס א מאל שוואכער, און דעריבער בעט איך אייך זעהר און זעהר איהר זאלט שרייבען א פאר גוטע ווערטער אויף איינעם פון די פלענער! דער פאטער זאל האבען צו לעזען איידער ער...

ס א ל נ ע ס : (האסטיג) וועגען אייערע צייכנונגען דארפט איהר מיט מיר מעהר גארנים רעדען!

ר א ג נ א ר : האט איהר זיי דורכגעקוקט?

ס א ל נ ע ס : יא, יא, איך האב דורכגעקוקט.

ר א ג נ א ר : און זיי טויגען נים? און א י ך טויג, הייסט עס, אויך נים?

ס א ל נ ע ס : (אויסמיידענדיג אן ענטפער) בלייבט דא ביי מיר, ראגנאר. איהר קענט אלעס האבען, ווי איהר ווילט. און דאן קענט איהר הייראטען קאיאן און לעבען רוהיג — און אפשר גליקליך אויך, ווער ווייסט? נור דענקט נים וועגען בויען אויף אייער אייגענער רעכענונג.

ר א ג נ א ר : נו, נו, דאן מוז איך געהן אהיים און איבער־געבען דעם פאטער, וואס איהר האט געזאגט — איך האב איהם

פערשפראָכען דאָס צו טאָן. איז אָט דאָס אַלץ וואָס איך קען זאָגען מיין פאָטער איידער ער שטאַרבט ?

ס אָ ל נ ע ס : (קעמפפט מיט זיך) אָה, זאָגט איהם — זאָגט איהם וואָס איהר ווילט — פון מיינעט וועגען. דאָס בעסטע איז אָבער, איהם גאָרנישט צו זאָגען! (פּלאַצט פּלוצלונג אַרויס) איך ק ע ן אנדערש ניט האנדלען, ראגנאר!

ר א נ נ א ר : קען איך צוריקנעהמען די צייכנונגען ?

ס אָ ל נ ע ס : יא, נעהמט זיי. געוויס! זיי ליעגען דאָרט אויפ'ן טיש.

ר א נ נ א ר : (געהט צום טיש) איך דאנק אייך.

ה י ל ד א : (לעגט איהר האנד אויף דער פּאָרטפּאָליע) ניין, ניין; לאָזט זיי דאָ.

ס אָ ל נ ע ס : צו וואָס ?

ה י ל ד א : ווייל איך וויל זיי אויך דורכקוקען.

ס אָ ל נ ע ס : אָבער, איהר ה אָ ט דאָך זיי... (צו ראגנארען) נו, לאָזט זיי דאָ.

ר א נ נ א ר : מיט פערגניגען.

ס אָ ל נ ע ס : און נעהט גלייך אהיים צו אייער פאָטער.

ר א נ נ א ר : יא, איך רעכען, אז איך מוז נעהן.

ס אָ ל נ ע ס : (ווי פערצווייפעלט) ראגנאר — איהר ט אָ ר ט ניט פערלאנגען פון מיר צו טאָן דאָס, וואָס איך קען ניט! איהר הערט, ראגנאר ? איהר ט אָ ר ט עס ניט!

ר א נ נ א ר : ניין, ניין, ענטשולדיגט — (ער פערנייגט זיך און געהט אַרויס דורך די טיר אין ווינקעל).

ה י ל ד א : (זעצט זיך אויף אַ שטוהל ביים שפּיגעל. קוקט בייז אויף סאָלנעסען) דאָס איז געוועזן זעהר ניט שעהן פון אייער זייט.

ס אָ ל נ ע ס : איהר דענקט אויך אזוי ?

ה י ל ד א : יע, עס איז געוועזן שרעקליך מיאוס און שלעכט, און גרויזאם אויך דערצו.

ס אָ ל נ ע ס : אָה, — איהר פערשטעהט ניט מיין לאגע.

ה י ל ד א: און דאָך — ניין, א י ה ר דאַרפּט אזוי ניט זיין.

ס אָ ל נ ע ס: איהר האָט אליין ערשט נאָר־וואָס געזאָגט, אז קיינער אויסער מ י ר דאַרף ניט האָבען דאָס רעכט צו בויען.

ה י ל ד א: זאָ־וואָס מעג א י ך זאָגען — אָבער ניט א י ה ר.

ס אָ ל נ ע ס: איך גיבער פון אלע. איך, וועלכער האָב אזוי טייער בעצאָהלט פאַר מיין איצטיגע לאגע.

הי ל ד א: אה, יא, איהר האָט בעצאָהלט מיט דאָס, וואָס איהר רופט הויזליכע רוה — און דערגלייכען.

ס אָ ל נ ע ס: און דערצו נאָך מיט דעם פריעדען פון מיין זעעלע.

ה י ל ד א: (הויבט זיך אויף) זעעלען־פריעדען! (מיט געפיהל) יא, יא, דאָ האָט איהר רעכט! ארעמער בוימייסטער, איהר מיינט, אז —

ס אָ ל נ ע ס: (מיט א שטילען געלעכטער) זעצט זיך נור ווידער אוועק, און איך וועל אייך דערציילען עפּעס א שפּאַס.

ה י ל ד א: (זעצט זיך; געשפּאַנט) נו?

ס אָ ל נ ע ס: עס קלינגט אזוי לעכערליך און קליינליך; ווייל, פערשטעהט איהר מיך, די גאנצע געשיכטע דרעהט זיך ארום א שפּאַלט אין א קוימען.

ה י ל ד א: ווייטער נאָרניט?

ס אָ ל נ ע ס: אין אָנהויב ניט מעהר ווי דאָס. (ער רוקט צו א שטוהל און זעצט זיך לעבען איהר.)

ה י ל ד א: (אונגעדולדיג, קלאַפּט זיך אין קניע) נו, דערצעהלט וועגען דעם שפּאַלט אין קוימען!

ס אָ ל נ ע ס: איך האָב דעם שפּאַלט בעמערקט א לאנגע צייט פאַר׳ן פייער. יעדעס מאָל, ווען איך פלעג ארויפגעהן אויפ׳ן בוידים, פלעג איך א קוק טאָן צי ער איז נאָך דאָרט.

ה י ל ד א: נו, און ער איז געוועזען?

ס אָ ל נ ע ס : יאָ; ווייל קיינער, אויסער מיר האָט וועגען דעם נים געוואוסט.

ה י ל ד א : און איהר האָט גאָרנישט געזאָגט ?

ס אָ ל נ ע ס : גאָרנישט.

ה י ל ד א : און האָט גאָר נים געדענקט צו פעררינכטען דעם קוימען ?

ס אָ ל נ ע ס : אָה, יאָ, געדענקט האָב איך וועגען דעם, אָבער ווייטער ווי צום דענקען בין איך קיין מאָל נים געקומען. יעדעס מאָל, ווען איך האָב געוואָלט אָנפאַנגען עפּעס טאָן, פלעגט מיך עפּעס א מין אונבעקאַנטע קראַפט צוריקהאַלטען. איך פלעג טראַכטען : נים הייגט, מאָרגען ! און עס איז פון דעם קיין מאָל גאָרנישט ארויס געקומען.

ה י ל ד א : אָבער, פאַרוואָס האָט איהר עס געהאַלטען אין איין אָבלעגען ?

ס אָ ל נ ע ס : ווייל אין קאָפּ האָט זיך ביי מיר ארומגעדרעהט א געדאַנק. (לאַכגזאָם און שטיל) דורך אָט דעם קליינעם שפּאַלט אין קוימען וועל איך זיך אפשר ארויפאַרבייטען — אַלס בוימייסטער.

ה י ל ד א : (קוקט גלייך פאַר זיך) דאָס האָט געמוזט זיין שפּאַנענד !

ס אָ ל נ ע ס : כמעט אונווידערשטעהליך, — גאַנץ אונווידערשטעהליך. ווייל דאַן איז עס מיר פאָרגעקומען אזוי לייכט און איינפאַך. איך האָב געוואָלט עס זאָל פּאַסירען אין מיטען ווינטער — פאַר מיטאָג. איך האָב געזאָלט פאָהרען שפּאַצירען מיט אַלי-נאַ'ן אין א שליטען. די דיענסטען אין דער היים זאָלען האָבען שטאַרק אָנגעהייצט דעם אויווען.

ה י ל ד א : ווארים יענעם טאָג האָט אודאי געדאַרפט זיין א ביטערע קעלט ?

ס אָ ל נ ע ס : יאָ, א בייסענדע קעלט, — און זיי וואָלטען, נאַטירליך, געוואָלט אז אַלינא זאָל דאָס הויז געפינען וואַרעם און געמיטליך ווען זי וועט צוריק קומען.

ה י ל ד א : זי מוז הפנים בטבע זיין א פערפראָרענע ?

ס אָ ל נ ע ס : יאָ, דאָס איז אמת. און ווען מיר וואָלטען אהיים געפאָהרען, האָבען מיר בעדארפט זעהן דעם רויך.

ה י ל ד א : נור דעם רויך ?

ס אָ ל נ ע ס : דעם רויך צוערשט . אָבער צוקומענדיג צום טויער פון גארטען, האָט דער, אלטער האָלץ־קאסטען געדארפט אינגאנצען זיין אין פלאמען. אָט אזוי, פערשטעהט איהר, האָב איך עס געוואָלט האָבען.

ה י ל ד א : אָה, ווארום האָט עס טאקע ניט פּאַסירט אזוי !

ס אָ ל נ ע ס : דאָס קענט איהר אזוי לייכט זאָגען, הילדא.

ה י ל ד א : גוט, אָבער איצטער, הערט נור, בוימייסטער ! זייט איהר זיכער אז דאָס פייער האָט געטראָפען צוליעב דעם שפּעל־טעל אין קוימען ?

ס אָ ל נ ע ס : אין געגענטהייל — איך בין גאנץ זיכער, אז דער שפּאלט אין קוימען האָט גאָר קיין שייכות ניט געהאט צום פייער.

ה י ל ד א : וואָס !

ס אָ ל נ ע ס : עס אז אויף זיכער דערוויזען געוואָרען, אז דאָס פייער האָט זיך אָנגעהויבען פון א קליידער־אלמער — גאָר אין א גאנץ אנדער טייל פון הויז.

ה י ל ד א : צו וואָס־זשע נוצען די אלע פּלוידערייען וועגען דעם שפּאלט אין קוימען ?

ס אָ ל נ ע ס : מעג איך נאָך א ווייליע רעדען צו אייך, הילדא ?

ה י ל ד א : יאָ, אויב איהר וועט נור רעדען פערשטענדיג —

ס אָ ל נ ע ס : איך וועל פּרובירען (רוקט נעהענטער צו זיין שטוהל.)

ה י ל ד א : אלזא, ארויס מיט דער שפּראך בוימייסטער !

ס אָ ל נ ע ס : (פערטרויליך) גלויבט איהר ניט, הילדא, אז עס זיינען פאראנען איינצעלנע, אויסערוועהלטע מענשען, וועלכע זיינען בעגאבט מיט דער קראפט און פעהיגקייט צו ו ו י נ ש ע ן

עפעס, צו ב ע ג ע ה ר ע ן, צו ו ו ע ל ע ן וואָס עס איז, אזוי שטאַרק און אזוי בעפעהלעריש, אז עס מוז ענדליך געשעהען? גלויבט איהר ניט אין דעם?

ה י ל ד א: (מיט אַן אונבעשטימטען אויסדרוק אין די אויגען) אויב ד אָ ס איז ווירקליך אזוי, וועלען מיר אין גיכען זעהן צי א י ך בין איינע פון די אויסערוועהלטע.

ס אָ ל נ ע ס: איינער אליין קען מען קיין גרויסע זאַכען ניט אויסטהון. דאָס ניט. די העלפער און דיענער — זיי מוזען טהאָן זייער חלק, אום עס זאָל זיין אַן ערפאָלג. זיי קומען אָבער קיינמאָל ניט אליין. מען מוז זיי רופען אונאויפהערליך — אינערליך, אינעווענינג, פערשטעהט איהר?

ה י ל ד א: וואָס זיינען דאָס פאַר העלפער און דיענער?

ס אָ ל נ ע ס: אָה, וועגען דעם קענען מיר אַן אנדערס מאָל רעדען. איצט לאָמיר זיך נור האַלטען ביי דער געשיכטע מיט'ן פייער.

ה י ל ד א: דענקט איהר ניט, אז דאָס פייער וואָלט יעדענפאַלס געטראָפען, אפילו ווען איהר וואָלט דאָס נ י ט געוואונשען?

ס אָ ל נ ע ס: ווען דאָס הויז וואָלט געווען דעם אַלטען קנוטבראָוויק'ס, וואָלט עס קיין מאָל ניט אָבגעברענט אזוי בעקוועמליך פאַר א י ה ם. איך בין זיכער אין דעם; ווייל ער ווייסט ניט ווי אזוי צו רופען די העלפער, — און די בעדיענער אויך ניט. (שטעהט אויף אין אויפגערעגטער) אלזאָ, ווי איהר זעהט, הילדא, בין איך דאָך שולדיג אין דעם, וואָס ... צוויי קינדערלעך האָבען פערלאָרען זייער לעבען. און דענקט איהר ניט אז איך בין אויך שולדיג אין דעם, וואָס אלינא איז ניט געוואָרען דאָס, וואָס זי האָט געדאַרפט ווערען, און וואָס זי האָט אַם ליעבסטען געוואָלט ווערען?

ה י ל ד א: יאָ, אָבער אויב דאָס איז אינגאַנצען די ארבייט פון די העלפערס און דיענער?...

ס אָ ל נ ע ס: ווער אָבער האָט גערופען די העלפערס און דיענער? דאָס האָב א י ך געטהון! און זיי זיינען געקומען און האָבען זיך אונטערוואַרפען אונטער מיין ווילען. (ווערט אַלץ

מעהר און מעהר אויפגערעגט) אַט ד אַ ס רופען מענשען „האָבען גליק“ ; איך וועל אייך אָבער זאָגען, ווי עס פיהלט זיך צו האָבען אזא גליק. עס פיהלט זיך ווי א גרויסע רויהע וואונד דאָ אויף מיין ברוסט. די העלפערס און די דיענער האלטען אין איין שינדען שטיקער הויט פון אנדערע מענשען כדי צו פערמאכען מיין וואונד. אָבער, די וואונד פערהיילט זיך דאָך נים — קיין מאָל נים, קיין מאָל נים! אָה, ווען איהר וואָלט וויסען ווי אזא וואונד קען עס אָפטמאָל צופען און ברענען!

היל דא: (קוקט איהם אויפמערקזאם אָן) איהר זייט קראנק, בוימייסטער. זעהר קראנק, דוכט מיר.

סאָלנעס: זאָגט בעסער משוגע, ווארום דאָס איז דאָס וואָס איהר מיינט.

היל דא: ניין, איך דענק נים אז די צרה איז עפּעס מים אייער מוח.

סאָלנעס: מים וואָס דען איז די צרה? ארויס מים דער שפּראך!

היל דא: איך קלער מיר, צי זייט איהר נים געקומען אויף דער וועלט מים א קרענקליכען געוויסען.

סאָלנעס: א קרענקליכער געוויסען? וואָס פאר א שווארץ־יאָהר איז דאָס?

היל דא: איך מיין, אז אייער געוויסען איז שוואך — צו־ ערעל געבוים, אזוי צו זאָגען — ער האָט נים די קראפט א זאך פעסט אָנצופאסען — א הויב טהאָן און פערטראָגען עפּעס שווע־ רעס.

סאָלנעס: (ברומט) הם! — מעג איך אייך פרעגען, וואָס פאר א סאָרט געוויסען מוז דען איינער האָבען?

היל דא: איך וואָלט וועלען, אז אייער געוויסען זאָל זיין א געזונטער דורך־און־דורך.

סאָלנעס: אזוי? א געזונטער, הא? איז אייער איי־ גענער געוויסען א געזונטער?

ה י ל ד א : יא, איך דענק אז ער איז. איך האָב קיין מאָל נים געמערקט אז ער איז עס נים.

ס אָ ל נ ע ס : איך רעכען אָבער, אז ער איז נאָך קיין מאָל נים געשטעלט געוואָרען אויף א שווערער פּראָבע.

ה י ל ד א : (מים א ציטער אויף די ליפּען) אָה, עס איז גאָר נים אזוי לייכט געוועזן אוועקצונעהן פון מיין פאָטער — איך האָב איהם אזוי ליעב !

ס אָ ל נ ע ס : אָך, א גרויסע מעשה ! אויף א מאָנאַט אָדער צוויי —

ה י ל ד א : איך גלויב נים אז איך וועל וועלן עס איז געהן צוריק אהיים.

ס אָ ל נ ע ס : קיינמאָל נים ? איז פאַר וואָס זיים איהר אוועק געגאנגען פון איהם ?

ה י ל ד א : (האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס) האָט איהר שוין ווידער פערגעסען, אז די צעהן יאָהר האָבען זיך געענדיגט ?

ס אָ ל נ ע ס : אָך, אונזינן. האָט עפּעס פּאַסירט ביי אייך אין דער היים ? הא ?

ה י ל ד א : (ערנס ) עס איז עפּעס געוו-ן אין מ י ר, וואָס האָט מיך געיאָגט און געטריבען אהער — און געצווינגען און גע־שלעפּט.

ס אָ ל נ ע ס : (היציג) אָט האָט איהר עס ! אָט האָט איהר עס, הילדא ! אין אייך שטעקט אויך עפּעס א „נישט גוטער“, אזוי ווי אין מיר. ווארום, פערשטעהט ייהר . . . . . איז דער נישט גוטער אין מענשען — ער איז דאָס, וואָס רופט צו די אויסערליכע קרעפטען. און דאַן מוז מען נאָכגעבען, צי מען וויל, צי מען וויל נים.

ה י ל ד א: איך הויב אָן צו דענקען איהר האָט רעכט, בוי־מייסטער.

ס אָ ל נ ע ס : (שפּאַצירט איבער'ן צימער) אָה, עס זיינען דאָ א סך, א סך טייוואָלים אויף דער וועלט, הילדא, וועלכע מען זעהט קיינמאָל נים !

ה י ל ד א : טייוואַלים אויך ?

ס אַ ל נ ע ם : (בלייבט שטעהן) גוטע טייוואַלים און שלעכטע טייוואַלים, בלאָנדע, טייוואַלים און שווארצע טייוואַלים. ווען מען וואָלט נור אימער געקענט וויסען צי דאָס זיינען די בלאָנדע אָדער די שווארצע, וואָס זיינען אויף אייך אָנגעשיקט געוואָרען! (שפּאַצירט אַרום) אַה — אַה! דאַן וואָלט דאָס געווען אַ גאַנץ פּשוט'ע מעשה.

ה י ל ד א : (פאָלגט איהם נאָך מיט די אויגען) אָדער ווען מען וואָלט האָבען אַ ווירקליך שמאַרקען, פאָלקאָם געזונדען געוויסען — אזוי אז מען זאָל ו ו א ג ע ן צו טאָן וואָס מען ו ו י ל.

ס אַ ל נ ע ם : (שטעלט זיך אָב ביים גרעסערען טיש) איך גלויב, אז אין דער הינזיכט זיינען דאָס רוב מענשען פּונקט אזעלכע שוועכ־לינגע, ווי איך בין.

ה י ל ד א : עס קען זיין.

ס אַ ל נ ע ם : (שפּארט זיך אָב אָן טיש) אין די סאגא־ביכער — האָט איהר ווען עס איז געלעזען די אלטע סאגא־ביכער?

ה י ל ד א : אָה, יאָ! ווען איך פלעג לעזען ביכער, האָב איך —

ס אַ ל נ ע ם : אין יענע ביכער לעזט מען וועגען וויקינגען, וועלכע פלעגען זעגלען אין פרעמדע לענדער און דאָרטען פּלינדערען, ברענען און הרג'נען מענשען —

ה י ל ד א : און פלעגען אוועקפיהרען מיט זיך די פרויען —

ס אַ ל נ ע ם : — און האָבען זיי געהאַלטען אין פלען —

ה י ל ד א : — זיי האָבען זיי צו זיך אהיים גענומען אויף זייערע שיפען —

ס אַ ל נ ע ם : —און האָבען זיך מיט זיי בענומען, ווי — ווי די ערגסטע נישט־גוטע.

ה י ל ד א : (קוקט גלייך פאר זיך מיט אַ האַלב־פערשלייערטען בליק) איך מיין, אז דאָס, האָט געמוזט זיין זעהר שפּאַנענד.

ס אַ ל נ ע ם : (מיט אַ קורצען טיעפען געלעכטער) אוועקרוי־בען פרויען, הא?

ה י ל ד א : גערויבט צו ווערען.

ס אַ נ ע ס : (קוקט אויף איהר אַן אויגענבליק) גאַר אזוי !

ה י ל ד א : (אונטערברעכענדיג דעם געשפרעך) קענען וואָס האָט איהר דאָס גערעדט וועגען די וויקינגען, בוימייסטער ?

ס אַ ל נ ע ס : אנקענען דעם, אז, י ע נ ע חברה, אויב איהר ווילט, האָבען אודאי געמוזט האָבען א געזונטען געוויסען ! ווען 'זיי זיינען צוריק אהיים געקומען האָבען זיי געקענט פרעסען און זויפען, און זיך פיהלען גליקליך ווי קינדער. און די פרויען אויך ! אָפט פלעגט טרעפען, אז די פרויען האָבען בשום אופן ניט געוואָלט אוועקגעהן פון זיי. קענט איהר דאָס בעגרייפען, הילדא ?

ה י ל ד א : די פרויען פערשטעה איך אויסגעצייכענט.

ס אַ ל נ ע ס : אהאָ ! אפשר ווי.. ט איהר אליין אויך גע-קענט טהאָן אזא זאך ?

ה י ל ד א : ווארום דען ניט ?

ס אַ ל נ ע ס : לעבען — מיט אייער איינענעם פרייען ווילען — מיט אזא מין גראָבען קערל ?

ה י ל ד א : אויב איך וואָלט זיך פערליעבט אין אזא גראָ-בען קערל —

ס אַ ל נ ע ס : וואָלט איהר זיך דען געקענט פערליעבען אין אזא מאַן ?

ה י ל ד א : אך גאָט, איהר ווייסט גאנץ גוט אז מען קען ניט אויסקלייבען אין וועמען זיך צו פערליעבען.

ס אַ ל נ ע ס : (קוקט אויף איהר נאַכדענקענד) אָה ניין, איך רעכען אז דער גײַשט-גוטער, וואָס זיצט אין מענשען איז פעראנט-וואָרטליך דערפאַר.

ה י ל ד א : (האַלב לאַכענדיג) און אלע אנדערע געבענשטע שדים, מיט וועלכע א י ה ר זייט אזוי גוט בעקאנט — אי די בלאָנדע, אי די שווארצע.

ס אַ ל נ ע ס : (רוהיג און וואַרעם) דאן ווינש איך אייך, אז די טייוואָלים זאָלען זיין זעהר פאָרזיכטיג, ווען זיי וועלען פאַר אייך אויסקלייבען, הילדא.

ה י ל ד א : פאר מיר האָבען זיי שוין אויסגעקליבען — איין מאָל פאר אלע מאָל.

ס אָ ל נ ע ס : (קוקט אויף איהר ערנסט) הילדא, איהר זייט ווי א ווילדער פויגעל פון וואלד!

ה י ל ד א : דורכאויס ניט. איך בעהאלט זיך ניט אין די קוסטען.

ס אָ ל נ ע ס : ניין, ניין, אהר זייט גיכער עהנליך צו א רויב־פויגעל.

ה י ל ד א : דאָס שוין גיכער. (זעהר חיים) און פארוואָס טאקע ניט א רויב פויגעל? ווארום זאָל א י ך ניט גיין גיהן אויף געיעג — אזוי גוט ווי אנדערע? אוועקשלעפען דאָס רויב וואָס איך בענעהר — אויב איך קען נור איינגראָבען אין איהם מיינע נעגעל און אוספיהרען מיט איהם וואָס איך וויל.

ס אָ ל נ ע ס : הילדא, — איהר ווייסט וואָס איהר זייט?

ה י ל ד א : יא, איך רעכען, איך מוז זיין, א מאָדנער סאָרט פויגעל.

ס אָ ל נ ע ס : ניין. איהר זייט, ווי דער אָנקומענדער פריה־מאָרגען. ווען איך קוק אויף אייך — דאכט זיך מיר, אז איך קוק אויף דעם אויפגאנג פון דער זון.

ה י ל ד א : זאָגט מיר, בוימייסטער — זייט איהר זיכער, אז איהר האָט מיך קיין מאָל ניט גערופען צו זיך? איך מיין, אינוועניג, אין זיך?

ס אָ ל נ ע ס : (מילד און לאנגזאם) איך הויב אָן צו גלויבען, אז מסתמא האָב איך —

ה י ל ד א : צו וואָס האָט איהר מיך נעדארפט?

ס אָ ל נ ע ס : איהר זייט די י ו נ ע נ ד, הילדא.

ה י ל ד א : (שמייכעלט) די יוגענד, פאר וועלכער איהר שרעקט זיך אזוי?

ס אָ ל נ ע ס : (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) און נאָך וועלכער אין הארצען בענק איך דאָך אזוי שטארק.

ה י ל ד א : (הויבט זיך אויף, געהט צו צום טישעל און נעהמט

ראגנאַרס פאַרטפאַליע. האַלט דאָס פאַר זיינע אויגען) מיר האָבען גערעדט וועגען די צייכנונגען —

ס אַ ל נ ע ס : (קורץ, צוריק ווייזענדיג זיי מיט דער האַנד) לעגט עס אוועק! איך האָב שוין גענוג געקוקט אויף זיי.

ה י ל ד א : יא, אָבער איהר דאַרפט אויפשרייבען, אייער הסכמה אויף זיי.

ס אַ ל נ ע ס : אָנשרייבען מיין הסכמה אויף זיי? קיין מאָל נים!

ה י ל ד א : אָבער דער אָרעמער אַלטער האַלט ביים שטאַר־בען! קענט איהר איהם און זיין זוהן נים מאַכען עפּוואָס פער־גניגען איידער זיי שיידען זיך אייגער פון צווייטען? און, אפשר קען ער נאָך קריגען דעם אנטראַג זיי דורצופיהרען אויך.

ס אַ ל נ ע ס : יא, דאָס וואָלט ער טאַקע געקראָגען. ער האָט איך שוין בעוואָרענט דערמיט. — ער, מיין שעהנער יונגערמאַן!

הי ל ד א : אָבער, אום גאָטעס ווילען, אויב עס האַלט שוין דערביי — קענט איהר דען נים א מאָל זאָגען א שמיקעל ליגען?

ס אַ ל נ ע ס : א ליגען? (מיט כעס) — הילדא, נעהמט אוועק פון מיינע אויגען אָט די טייוועלשע צייכנונגען!

ה י ל ד א : (האַלט די פאַרטפאַליע נעהענטער צו זיך) נו, נו, נו — עסט מיך נים אויף — איהר רעדט וועגען נישט־גוטע — מיר דאכט אָבער אַז איהר בענעהמט זיך אליין ווי א נישט־גוטער. (קוקט זיך אַרום) וואו האַלט איהר אייער טינט און פעדער?

ס אַ ל נ ע ס : דאָ אין צימער איז נישטאָ קיין טינט און פעדער.

ה י ל ד א : (געהט צו דער טיר) אָבער אין קאַנטאָר, וואו דאָס פריילין איז —

ס אַ ל נ ע ס : וואַרט נור, הילדא! — איהר מיינט אַז איך דאַרף זאָגען א ליגען? יא, צוליעב דעם אַלטען וואָלט איך דאָס גע־דאַרפט טהאָן — איך האָב אין מיין צייט איהם צודריקט, מיט די פיס געטראָטען. —

ה י ל ד א : איהם אויך?

ס אַ ל נ ע ס : איך האָב נעראַרפט מאַכען פלאַץ פאַר זיך. אָבער אַט דער ראַגנאַר — איהם טאָר מען אויף קיין פאַל ניט דערלאָזען אויפשטייגען.

ה י ל ד א : אַרעמער קערל, פאַר איהם דאַרף מען זיך געווים ניט שרעקען. אויב ער איז אַ פוסטע כלי —

ס אַ ל נ ע ס : (קוקט בעהעגטער, קוקט אויף איהר און זאָגט שטיל) אויב ראַגנאַר בראָוויק וועט נור קריגען די מעגליכקייט, וועט ער מ י ך אַראָב וואַרפען צו דער ערד. ער וועט מיך צודריקען, ווי איך האָב צודריקט זיין פאָטער.

ה י ל ד א : אייך צודריקען? האָט ער דען די פעהיגקייטען דערויף?

ס אַ ל נ ע ס : יאָ, איהר מעגט זיך פערלאָזען אויף דעם. ער האָט די פעהיגקייט! ער איז די י ו ג ע נ ד, וואָס שטעהט פאַרטיג אָנצוקלאַפּען ביי מיר אין טיר — צו מאַכען אַ סוף פון האַל-וואַרד סאָלנעס!

ה י ל ד א : (קוקט אויף איהם מיט שטילען פאָרוואורף) און דאָך ווילט איהר איהם פערשטעלען דעם וועג. פע, בוימייסטער!

ס אַ ל נ ע ס : דער קאַמפף, וועלכען איך האָב דורכגעמאַכט האָט מיר געקאָסט גענוג בלוט פון מיין האַרצען — און איך האָב מורא, אַז די העלפער און די דיענער וועלען מיר שוין אויך מעהר ניט פאָלגען.

ה י ל ד א : דאַן מוזט איהר זיך בעגעהן אָהן זיי. מען קען אַנדערש ניט מאַכען.

ס אַ ל נ ע ס : עס איז פאַרפאַלען, הילדא. דאָס מזל מוז זיך איבערדרעהען. אביסעל פריהער אָדער אביסעל שפּעטער — די אָברעכענונג איז אונדערבאַרמליך.

ה י ל ד א : (אין אַנגסט, פערדעקט די אויגען) רעדט ניט אַזוי! איהר ווילט מיר נעהמען דאָס לעבען? איהר ווילט צונעהמען דאָס, וואָס איז מיר טייערער ווי דאָס לעבען?

ס אַ ל נ ע ס : און וואָס איז עס, וואָס איז אייך טייערער ווי דאָס לעבען?

ה י ל ד א : דער בענעהר אייך צו זעהען א גרויסען. צו זעהן אייך מיט א קראנץ אין דער האנד, הויך, הויך אויף א קירכען טורעם. (ווידער רוהיג) ארוים מיט'ן בלייסשטיפט ! א בליישטיפט האט איהר דאך ביי זיך !

ס א ל נ ע ס : (נעהמט ארויס א בריעפענטאש) איך האב דא א בליישטיפט.

ה י ל ד א : (לעגט די פארטפאליע אויף'ן סאפא־טיש) גוט, איצט לאמיר זיך ביידע דא אוועקזעצען, בוימייסטער. (סאלנעס זעצט זיך ביים טיש, הילדא שטעהט הינטער איהם אנגעשפארט אן שטוהל) און איצט וועלען מיר אנשרייבען אויף די צייכנונגען. מיר מוזען שרייבען עפעס זעהר ליעבעס און ווארעמעס — פאר אט דעם העסליכען רואר — אדער ווי ער הייסט דארט !

ס א ל נ ע ס : (שרייבט עטליכע ווערטער, קעהרט אום דעם קאפ און קוקט אויף איהר) זאגט מיר איין זאך, הילדא.

ה י ל ד א : וואס ?

ס א ל נ ע ס : אויב איהר האט געווארט אויף מיר די גאנצע צעהן יאהר.

ה י ל ד א : איז וואס ?

ס א ל נ ע ס : פארוואס האט איהר גיט געשריבען צו מיר ? איך וואלט אייך דאך געקענט ענטפערען.

ה י ל ד א : (האסטיג) ניין, ניין, גראד דאס האב איך גיט געוואלט.

ס א ל נ ע ס : ווארום נים ?

ה י ל ד א : איך האב מורא געהאט אז די גאנצע זאך וואלט דאן איבערגעפיהרט געווארען. — אבער, מיר האבען דאך געוואלט עפעס אויפשרייבען אויף די צייכנונגען, בוימייסטער.

ס א ל נ ע ס : יא, מיר האבען געוואלט.

ה י ל ד א : (בייגט זיך אריבער און קוקט איבער זיין אקסעל בעת ער שרייבט), געדענקט נור ! ווארעם און ליעבליך ! אה ווי איך האס איהם — ווי איך האס דיעזען רואלד —

ס א ל נ ע ס : (שרייבענדיג) האט איהר ווירקליך קיין מאל קיינעם נים געליעבט ?

ה י ל ד א : וואס זאגט איהר ?

ס א ל נ ע ס : האט איהר גאר קיינמאל קיינעם נים געליעבט?

ה י ל ד א : איהר מיינט, וואהרשיינליך, קיין אנדערען ?

ס א ל נ ע ס : (קוקט אויף איהר) יא, קיין אנדערען. קיין מאל נים ? אין דיא גאנצע צעהן יאהר ? - קיין איין מאל נים ?

ה י ל ד א : אה, יא, מאנכעס מאל, ווען איך בין געווען שטארק אויפגעבראכט אויף אייך פאר וואס איהר קומט נישט.

ס א ל נ ע ס : דאן האט איהר זיך יא אינטערעסירט מיט אנדערע אויך ?

ה י ל ד א : א קליין ביסעל — פאר א וואך אדער צוויי. אך, אין הימעל'ס ווילען, בוימייסטער : איהר ווייסט דאך, ווי אזוי די זאכען קומען פאר.

ס א ל נ ע ס : הילדא — מיט וואס פאר א צוועק זיים איהר אהער געקומען ?

ה י ל ד א : פערלירט נים קיין צייט מיט רעדען. דער ארע־מער אלטער קען דערוויייל אוועקשטארבען.

ס א ל נ ע ס : ענטפערט מיר, הילדא. וואס ווילט איהר פון מיר ?

ה י ל ד א : איך וויל מיין קעניגרייך.

ס א ל נ ע ס : הם — (ער גיט א שנעלען בליק אויף דער טיר לינקס און זעצט פארט זיין שרייבען אויף די צייכנונגען. אין דער זעלבער מינוט קומט אריין פרוי סאלנעס ; זי האלט אין האנד עטלי־כע פעקלעך.)

פ ר ו י ס א ל נ ע ס : דא זייטען אייניגע זאכען, וואס איך האב פאר אייך געבראכט, פרוילין וואנגעל. די גרעסערע פעקלעך וועט מען שפעטער צושיקען.

ה י ל ד א : אה, ווי זעהר, זעהר ליעב דאס איז פון אייער זייט !

פרוי סאַלנעס: בלויז מיין איינפּאַכע פליכט. ווייַ־מער גאָרנישט.

סאַלנעס: (איבערלעזענדיג וואָס ער האָט געשריבען) אלינאַ!

פרוי סאַלנעס: יאָ?

סאַלנעס: האָסט דו בעמערקט, צי די — די בוכהאַל־טערין איז דאָרטען?

פרוי סאַלנעס: יאָ, געוויס, איז זי דאָרטען.

סאַלנעס: (לעגט אריין די צייכנונגען אין פּאָרטפּאָליע) ה'ם —

פרוי סאַלנעס: זי איז געשטאַנען ביים שרייב־טיש, ווי זי שטעהט געוועהנליך, ווען איך געה דורך דאָס צימער.

סאַלנעס: (שטעהט אויף) דאַן וועל איך דאָס איהר געבען און איהר זאָגען, אז...

הילדא: (נעהמט ביי איהם די פּאָרטפּאָליע) אָה, ניין. ער־לויבט מיר צו האָבען דאָס פערגעניגען! (געהט צום טיר, אָבער קעהרט זיך אום) ווי רופט מען זי?

סאַלנעס: זי הייסט פריילין פאָסלי.

הילדא: אָך, דאָס קלינגט אזוי קאַלט! איך מיין, איהר פאָר־נאָמען?

סאַלנעס: קאַיאַ — גלויב איך.

הילדא: (עפענט די טיר און רופט) קאַיאַ, קומט אריין! שנעל! הערר סאָלנעס וויל מיט אייך רעדען.

קאַיאַ: (ווייזט זיך אין טיר. קוקט אויף איהם ערשטוינט) אָט בין איך —!

הילדא: (דערלאַנגט איהר די פּאָרטפּאָליע) אָט, קאַיאַ! איהר קענט דאָס אהיים נעהמען; הערר סאָלנעס האָט שוין אָנ־געשריבען.

קאַיאַ: אָה, ענדליך!

סאַלנעס: גיט דאָס דעם אַלטען אזוי שנעל, ווי מעגליך.

קאַיאַ: איך געה דערמיט גלייך אהיים.

ס אַ ל נ ע ס : יאָ, יאָ, שנעל. איצט וועט שוין ראַננאַר קענען בויען זעלבשטענדיג.

ק אַ י אַ : אַך, קען ער קומען אייך בעדאַנקען פאַר אַלעס...?

ס אַ ל נ ע ס : (האַרט) איך וויל ניט קיין דאַנק! זאָגט דאָס איהם פון מיינעט וועגען.

ק אַ י אַ : גוט, גוט, איך וועל —

ס אַ ל נ ע ס : און זאָגט איהם, אויך, אַז פון איצט אָן נויטיג איך זיך ניט מעהר אין איהם. און אין אייך אויך ניט.

ק אַ י אַ : (ווייך און ציטערנדיג) אין מיר אויך ניט?

ס אַ ל נ ע ס : איצט וועט איהר זיך שוין דאַרפען פערנעהמען מיט אַנדערע זאַכען; און דאָס איז זעהר גוט פאַר אייך. נו, געהט אַהיים מיט די צייכנונגען, פריילין פאַסלי. שנעל! איהר הערט?

ק אַ י אַ : (ווי פריהער) גוט, הערר סאָלנעס. (זי געהט אַוועק).

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : גאָט! וואָס פאַר אַ גניבישע אויגען זי האָט.

ס אַ ל נ ע ס : זי! אָט די אַרעמע בעשעפענים?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אָה, איך ווייס וואָס איך זעה, האַלוואַרד — דו זאָגסט זיי אָב ווירקליך?

ס אַ ל נ ע ס : יאָ.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : איהר אויך?

ס אַ ל נ ע ס : האָסט דו דאָס דען ניט פערלאַנגט?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אָבער, ווי קענסט דו זיך בענעהען אָהן א י ה ר? — אָה, דו מוזט שוין אודאי האָבען אָנגעגרייט אָן אַנדערע, האַלוואַרד.

ה י ל ד אַ : (לוסטיג) נו, א י ך יעדענפאַלס בין ניט די פערזאָן אויף צו שטעהן ביים שרייב טיש.

ס אַ ל נ ע ס : עס מאַכט ניט, עס מאַכט ניט — עס וועט שוין רעכט זיין, אַלינאַ. איצט דאַרפסטו נור דענקען וועגען אַריינציהען אין דעם נייען הויז — אַזוי שנעל ווי מעגליך. היינט אָבענד וועלען מיר אויפהענגען דעם קראַנץ — (צו הילדא'ן) — גאַנץ

אויבען, אויפ'ן שפיץ פון טורעם. וואָס זאָגט איהר ד ע ר צ ו, פרײלין הילדא ?

ה י ל ד א : (קוקט אויף איהם מיט פינקעלענדע אויגען) עס וועט זײן פראכטפאָל צו זעהן איך ווידער אזוי הויך !

ס אָ ל נ ע ס : מיך !

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : אום גאָטעס ווילען, פרײלין וואנגעל, שטעלט זיך דאָס גאָר ניט פאָר, אזא זאך ! מײן מאן ! — איהם שווינדעלט דאָך אזוי !

ה י ל ד א : א י ה ם שווינדעלט ! ניין, איך ווײס גאנץ גוט אז איהם שווינדעלט ניט.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : אָה, יא, עס איז דאָך אזוי.

ה י ל ד א : איך האָב איהם אָבער אַלײן געזעהן גאנץ אויבען אויף א הויכען קירכען־טורעם !

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : יא, איך האָב געהערט רעדען דערפון. אָבער עס איז גאנץ אונמעגליך...

ס אָ ל נ ע ס : (האַסטיג) אונמעגליך — אונמעגליך, יא ! איך בין אָבער דאָך געשטאַנען העט אויבען !

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : אָה, ווי קענסט דו דאָס גאָר זאָגען, האלווארד. דו קענסט אפילו ניט פערטראָגען ארויס צו געהן אויפ'ן באלקאָן, דאָ אויפ'ן צווייטען עטאַזש. דו ביסט אימער אזוי געוועז.

ס אָ ל נ ע ס : היינט אווענד, וועסט דו פיליכט זעהן גאָר עפּעס אנדערס.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : (מיט אַנגסט) ניין, ניין ! דאָס וועל איך, מיט גאָטס הילף, ניט דערלעבען צו זעהן. איך וועל באלד שרייבען צום דאָקטאָר און איך בין זיכער, אז ער וועט דאָס ניט דערלאָזען.

ס אָ ל נ ע ס : ווארום, אַלינא . . . !

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : אָה, דו ווייסט אז דו ביסט קראנק, האלווארד ! דאָס אַלײן איז א סמן ! אך גאָט — אך גאָט ! (זי געהט שנעל ארויס רעכטס.)

ה י ל ד א : (קוקט זיך גוט איין אין איהם) איז דאָס אמת, אָדער נים ?

ס אָ ל נ ע ם : אז עס שווינדעלט מיר ?

ה י ל ד א : אז מיין בוימייסטער ו ו א ג ט נ י ש ט — ק ע ן נ י ש ט שטייגען אזוי הויך ווי ער בויט ?

ס אָ ל נ ע ס : איהר קוקט נאָר אויף דעם פון אזא שטאַנד־פונקט ?

ה י ל ד א : יא.

ס אָ ל נ ע ס : מיר דאכט, אז ס'איז אין מיר קיין ווינקעלע נים געבליבען, אויף וועלכען איהר זאָלט קיין שליטה נים האָבען.

ה י ל ד א : (קוקט צום ווינקעלפענסטער) אלזא, דאָרט אויבען, אזש דאָרט אויבען... !

ס אָ ל נ ע ־ס : (קומט נעהענטער צו איהר) איהר קענט האָבען דאָס אויבערסטע צימער אין טורעם, הילדא — דאָרט קענט איהר וואָהנען ווי א פרינצעסין.

ה י ל ד א : (מיט אַן אונבעשטימטען געמיש פון ערנסט און שפאס) יא, דאָס האָט איהר מיר טאקע פערשפּראָכען.

ס אָ ל נ ע ס : האָב איך עס ווירקליך פערשפּראָכען ?

ה י ל ד א : פע, בוימייסטער ! איהר האָט געזאָגט, אז איך וועל זיין א פרינצעסין, און אז איהר וועט מיר געבען א קעניגרייך, און דאן האָט איהר גענומען — נו, מעהר זאָג איך נים !

ס אָ ל נ ע ס : (פאַרזיכטיג) זייט איהר נאָר זיכער, אז דאָס איז נים א חלום, אַן איינבילדונג, וואָס האָט זיך אייך איינגעהאקט אין קאָפּ ?

ה י ל ד א : (שאַרף) און איהר מיינט אז איהר האָט דאָס, אפשר, נאָרנים געטהון ?

ס אָ ל נ ע ס : איך ווייס עס קוים אליין. (מילדער) אָבער ד אָ ס ווייס איך איצט אויף זיכער, אז איך...

ה י ל ד א : אז איהר... ? זאָגט עס גלייך !

ס אָ ל נ ע ס : אז איך האָב עס ג ע ד א ר פ ט טאָן.

ה י ל ד א : (שרייט אויס מוטער) דערצעהלט מיר ניט או
א י י ך קען אמאל שווינדלען דער קאפ!

ס א ל נ ע ס : הייסט עס, היינט אוועגד הענגען מיר אויף
דעם קראנץ — פרינצעסין הילדא.

ה י ל ד א : (מיט א ביטערען צוק פון די ליפען) איבער אייער
נייער היים, יא!

ס א ל נ ע ס : איבער דעם נייעם הויז, וואס וועט קיין מאל
ניט זיין קיין ה י י ם פ א ר מ י ר. (ער געהט ארויס דורך די
טיר אין גארטען).

ה י ל ד א : (קוקט גלייך פאר זיך מיט א ווייטען אויסדרוק
אויף איהר געזיכט, און מורמעלט צו זיך אליין. די אויגציגע ווער־
טער וואס מען הערט זיינען) — שרעקליך שפאנענד —



# דריטער אקט

א גרויסע, ברייטע וועראנדע פאר סאָלנעסעס וואָהנונג. אַ טהייל פון הויז מיט אַן אַרויסגאַנג אויף דער וועראַנדע זעהט זיך לינקס. אַ פּאַרענצע ארום דער וועראנדע אויף דער רעכטער זייט. פון הינטען, פון דער שמאָלער זייט פון דער וועראנדע — טרעפּ וואָס פיהרען אראָב אין גאָרטען. הויכע, אַלטע בוימער פערשפּרייטען זייערע צווייגען איבער דער וועראנדע צום הויז. ווייט, אויף דער רעכטער זייט, צווישען די בוימער, זעהט זיך עטוואָס דער אונטערשטער טהייל פון דער נייער ווילאַ און אַ שטיקעל פון'ם טורעם מיט דעם ברעטער-געשטעל ארום איהם. אין הינטערגרונד איז דער גאָרטען ארומגעצוימט מיט אַן אַלטען הילצערנעם פּאַרקאַן. פון דרויסען פון פּאַרקאַן, אַ גאַס מיט נידריגע, איינגעפאַלענע הייזער. אויף דער וועראנדע, לעבען וואַנד פון הויז, שטעהט אַ גאָרטען-באַנק, און פאָר דער באַנק, אַ לאַנגער טיש. פון דער אַנדער זייט טיש, אַ שאַקעל-שטוהל און עטליכע געוועהנליכע שטוהלען. דאָס גאַנצע מעבעל איז פון געפלאָכטענעם ערביי.

דער אווענד-הימעל איז בעדעקט מיט וואָלקענס, בעלויכטען פון דער זון. פרוי סאָלנעס, איינגעוויקעלט אין אַ גרויסען, ווייסען טוך זיצט אין לעהנשטוהל און קוקט רעכטס. באַלד קומט הילדא וואַנגעל אויף די טרעפּ פון גאָרטען. זי איז געקליידעט ווי אין פאָריגען אַקט און טראַגט איהר הימעלע. אויף דער ברוסט טראַגט זי אַ בוקעט פון עטליכע געוועהנליכע פעלד-בלומען.

---

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : (קעהרט עטוואָס אום דעם קאָפּ) איהר האָט ארום געשפּאצירט אין גאָרטען, פרוילין וואַנגעל?

ה י ל ד א : יא, איך האָב איהם ארום נעקוקט.

פ ר ו י  ס אַ ל נ ע ס : איהר האָט אויך בלומען געפונען, ווי איך זעה.

ה י ל ד א : יא, געווים. עס זיינען דאָ אזוי פיעל דאָרט צווישען די קוסטען.

פ ר ו י  ס אַ ל נ ע ס : ווירקליך ? אזוי שפעט אין יאָהר ? איך געה כמעט קיין מאָל ניט ארונטער אהין.

ה י ל ד א : (קוקט נעהענטער) וואָס ! איהר לויפט גאָר ניט יעדען טאָג ארונטער אין גאָרטען ?

פ ר ו י  ס אַ ל נ ע ס : (מיט אַ שוואַכען שמייכעל) איך „לויף" שוין יעצט איבערהויפט ניט.

ה י ל ד א : אָבער דאָך, געהט איהר דען ניט אמאָל אראָב אנצוקוקען דעם גאַנצען פּראַכט וואָס געפינט זיך דאָרטען ?

פ ר ו י  ס אַ ל נ ע ס : עס איז מיר איינגאַנצען געוואָרען אזוי פרעמד. איך האָב כמעט מורא נאָך אַ מאָל דאָס אנצוקוקען.

ה י ל ד א : אייער אייגענעם גאָרטען !

פ ר ו י  ס אַ ל נ ע ס : עס דאכט זיך מיר, אז ער איז ניט מעהר  מ י י נ ע ר .

ה י ל ד א : וואָס מיינט איהר ? —

פ ר ו י  ס אַ ל נ ע ס : ניין, ניין, ער איז ניט — ניט ווי ער איז געווען, ווען מיינע עלטערען האָבען געלעבט. זיי האָבען אוועקגענומען אזוי פיעל — אזוי פיעל האָבען זיי אוועקגענומען פון'ם גאָרטען, פריילין וואַנגעל. בערעכענט נור — זיי האָבען דאָס צושטיקעלט — און אויסגעבויט הייזער פאַר פרעמדע מענשען. פאַר כינעשען וועלכע איך קען גאָר ניט. און  ז י י  קענען זיצען און קוקען אויף מיר פון זייערע פענסטער.

ה י ל ד א : (מיט אַ מונטערן אויסדרוק) פרוי סאָלנעס !

פ ר ו י  ס אַ ל נ ע ס : יא ?

ה י ל ד א : מעג איך אַ ווײַלע בלייבען דאָ מיט אייך ?

פ ר ו י  ס אַ ל נ ע ס : מיט פערגעניגען, אויב איהר ווילט נור.

ה י ל ד א : (רוקט צו אַ שטוהל נעהענטער צום לעהנשטוהל און

זעצט זיך) אה — דאָ קען מען זיך באָדען אין דער זון, ווי אַ קאַץ.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : (לעגט לייכט איהר האַנד אויף הילדאַ'ס נאַקען) עס איז זעהר שעהן פון אייער זייט, וואָס איהר ווילט מיט מ י ר זיצען אַ ווײַלע. איך האָב געמיינט איהר ווילט אריינגעהן צו מיין מאַן.

ה י ל ד א : צו וואָס דאַרף איך איהם ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : איהם העלפען, האָב איך געדענקט.

הי ל ד א : אַה, ניין. איבריגענס איז ער דאָרט איצט ניטאָ. ער שטעהט לעבען די ארבייטער און ער זעהט אויס אַזוי בייז, אַז איך האָב גאָר מורא געהאַט צו רעדען צו איהם.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אין גרונד גענומען איז ער אַזאַ גוטער און מילדער מענש.

ה י ל ד אַ : ע ר !

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אין אמת'ן קענט איהר איהם נאָך ניט גוט, פריילין וואַנגעל.

ה י ל ד אַ : (קוקט אויף איהר ליעבליך) זייט איהר צופריעדען מיט דעם געדאַנק אריינצוציהען אין דעם נייעם הויז ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : איך מ ו ז זיין צופריעדען ; ווייל האַלוואַרד וויל דאָס —

ה י ל ד א : אַה, זיכער, ניט גראָד נור אויס דעם גרונד.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : יאַ, יאַ, פריילין וואַנגעל ; דען עס איז איינפאַך מיין פליכט זיך אונטערצוגעבען צו איהם. אָפט מאָל אָבער איז עס שרעקליך שווער צו צווינגען דעם געדאַנק זיך אונטערצוגעבען.

ה י ל ד א : יאַ, ד אָ ס מוז ווירקליך זיין זעהר שווער.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : איהר מעגט מיר גלויבען, — ווען מען האָט אַזוי פיעל פעהלערען וויפיעל איך האָב —

ה י ל ד אַ : ווען מען האָט אַזוי פיעל דורכגעליטען, ווי איהר . . .

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : פון וואַנען ווייסט איהר דאָס ?

ה י ל ד ע : אייער מאַן האָט מיר דערצעהלט.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : מיט מיר רעדט ער זעהר זעלטען ווענען ד י זאכען. — יא, איך קען אייך זאָגען, פריילין וואַנגעל, איך האָב שוין צופיעל דורכגעמאכט אין מיין לעבען.

ה י ל ד א : (קוקט אויף איהר מיטפיהלענד און שאָקעלט לאַנג־זאַם מיט'ן קאָפּ) ארעמע פרוי סאָלנעס. ערשטענס האָט איהר גע־האט די שרפה...

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : (מיט אַ זיפץ), יא, אלע מ י י נ ע זאכען זיינען דאן פערברענט געוואָרען.

ה י ל ד א : און דאן איז געקומען נאָך עטוואָס ערגערעס.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : (קוקט אויף איהר פאַרשענד) ער־גערעס ?

ה י ל ד א : דאָס ערגסטע פון אַלץ.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אָה, די אינגעלאך. אָבער ד אָ ס,

ה י ל ד א : (מילד) איהר האָט פערלאָרען די צוויי אינ־געלעך.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אָה, די אינגעלעך. אָבער ד אָ ס, זעהט איהר איז גאָר עפּעס אנדערס. דערביי איז געווען גאָטס ווי־לען ; און ביי אזא זאך מוז מען זיך אונטערווארפען, און נאָך גאָט דאנקען.

ה י ל ד א : און איהר טוט דאָס ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : ליידער, ניט אימער. איך וויים גאַנץ גוט, אז עס איז מיין פליכט, און דאָך ק ע ן איך עס ניט.

ה י ל ד א : ניין. דאָס, דענק איך, איז גאַנץ נאַטירליך.

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : און זעהר אָפט מוז איך מיר אליין זאָגען, אז עס איז געווען אַ גערעכטע שטראָף פאר מיר...

ה י ל ד א : וואָרום דען ?

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : ווייל איך בין ניט געווען שטארק גענוג אין מיין אונגליק.

ה י ל ד א : אָבער, איך קען ניט בעגרייפען, ווי...

פ ר ו י ס אַ ל נ ע ס : אך, ניין, פריילין וואַנגעל — רעדט צו מיר ניט מעהר וועגען די צוויי קינדער. ווענען ז י י דאר־

פען מיר זיך נור פרייהען ; זיי איז יעצט אזוי גוט, אזוי גוט. ניין, עס זיינען פאראנען ק ל י י נ ע שאַרענס אין לעבען, וואָס רייסען דאָס הארץ — ווען מען פערלירט אזוינע זאכען, וואָס אנדערע מענ־שען בעטראַכטען עס כמעט פאר נאַרנישט.

ה י ל ד א : (לעגט איהרע הענד אויף פרוי סאָלנעסעס קניע, און קוקט אויף איהר ליעבליך) ליעבע פרוי סאָלנעס — זאָגט מיר, וואָס פאר אַ קליינע זאכען מיינט איהר !

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : ווי איך האָב איך שוין געזאָגט, לויטער קליינינגקייטען. אַלע אַלטע פּאָרטרעטען וואָס זיינען פערברענט געוואָרען אויף די ווענד ; אַלע זיידענע קליידער, וואָס האָבען פון דורי־דורות געהערט צו דער פאמיליע. דער מוטער׳ס און גרויס־מוטערס שפּיצען — דאָס איז אויך פערברענט געוואָרען. און בע־טראכט נור — די גאָלד־ציערונג אויך ! (טרויעריג) און דאן, אַלע ליאַלקעס.

ה י ל ד א : די ליאַלקעס ?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : (טרערען שטיקען זי) איך האָב גע־האט ניין וואונדערשעהנע ליאַלקעס.

ה י ל ד א : און ז י י זיינען אויך פערברענט געוואָרען ?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : אַלע. אָה, ווי שווער מיר איז גע־ווען — ווי שווער !

ה י ל ד א : האָט איהר דען די אַלע ליאַלקעס בעהאלטען, נאָך פון זינט איהר זייט געווען אַ קליין קינד !

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : בעהאלטען, ניין. איך און די ליאַל־קעס זיינען אימער געווען צוזאמען.

ה י ל ד א : אפילו ווען איהר זייט אויסגעוואקסען ?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : יא, אַ לאַנגע צייט נאָך דעם.

ה י ל ד א : און נאָך אייער חתונה אויך ?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : אָה, יא. ווען ע ר איז דערביי נים געווען, דאן — זיי זיינען אָבער אַלע פערברענט געוואָרען, די ליעבינקע. קיינער האָט זיך נישט געקימערט ז י י צו ראטעווען. אָה, עס איז אזוי טרויעריג. לאַכט נים פון מיר, פרייליין וואנגעל.

הילדא: איך לאך שוין גאר נים.

פרוי סאלנעס: אין א געוויסען זינן, קען מען זאגען, האבען זיי אויך געהאט לעבען אין זיך. איך פלעג זיי טראגען אונ־טער מיין הארץ — ווי קליינע נים־געבוירענע קינדערלעך.

(דר. הערדעל געהט ארוים דורך די טיר מיט'ן הוט אין האנד און דערזעהט פרוי סאלנעס מיט הילדא'ן.)

דר. הערדעל: — אזוי, פרוי סאלנעס, איהר זיצט זיך דא און ערקעלטעט זיך?

פרוי סאלנעס: די לופט איז היינט אזוי מילד און ווארעם.

הערדעל: יא, יא. אבער וואס קומט דא היינט פאר? איך האב געקראגען אייער בריוועל.

פרוי סאלנעס: (הויבט זיך אויף) יא, איך מוז מיט אייך עפעס רעדען.

הערדעל: גוט, דאן לאמיר פיליכט אריינגעהן אין הויז. (צו הילדא'ן) איהר זייט נאך אלץ אין אייערע בערג־קליידער, פריילין?

הילדא: (שטעהט אויף, לוסטיג) געוויס, אין פולער פאר־מע! היינט וויל איך אבער נים קלעטערען און ברעכען דעם גע־ניק. מיר ביידע, דאקטאר, וועלען זיך גאנץ שטיל שטעהן אונטען און ארויפקוקען.

הערדעל: אויף וואס וועלען מיר קוקען?

פרוי סאלנעס: (דערשראקען, מילד, צו הילדא'ן) שטיל, שטיל — אום גאטעס ווילען! ער קומט. זעהט, רעדט איהם אב פון דעם איינפאל. און לאמיר זיין פריינד, פריילין וואנ־געל. קענען מיר דאס נים זיין!

הילדא: (פאלט איהר אויפ'ן האלז) אך, ווען מיר וואלטען דאס נור קענען!

פרוי סאלנעס: (בעפרייט זיך עדעל). אט, אט! אט קומט ער, דאקטאר. איך וויל מיט אייך עפעס רעדען.

הערדעל: איז עס וועגען איהם?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ם : נו, געווים ווענען א י ה ם. קומט אריין.

(זי און דער דאָקטאר געהען אריין אין הויז. אין דער זעלבער צייט קומט סאָלנעם, אויף די טרעפ פון גאָרטען. הילדא קוקט אויס ערנסט).

ס אָ ל נ ע ם : (קוקט אויף דער הויז־טיר, וועלבע פאַרמאַכט זיך פאַרזיכטיג פון אינעווייניג) איהר האָט בעמערקט, הילדא ? אזוי שנעל, ווי איך קום, נעהמט זי אוועק.

ה י ל ד א : איך האָב בעמערקט אז אזוי שנעל ווי איהר קומט, מאַכט איהר זי זאָל אוועקגעהן.

ס אָ ל נ ע ם : עס קען זיין. אָבער איך קען דערצו גאָרניט העלפען. (קוקט אויף איהר אויפמערקזאַם) אייך איז קאַלט, הילדא ? עס זעהט אזוי אויס.

ה י ל ד א : איך בין אָקאָרשט ארויף געקומען פון־א קבר.

ס אָ ל נ ע ם : וואָס הייסט ד אָ ס ?

ה י ל ד א : — אז איך בין דורך־און־דורך געפראָרען געוואָרען, בוימייסטער.

ס אָ ל נ ע ם : (לאַנגזאַם) מיר דאכט, איך פערשטעה...

ה י ל ד א : נאָך וואָס זייט איהר איצט געקומען אהער ?

ס אָ ל נ ע ם : איך האָב אייך דערזעהן פון דער ווייטענס.

ה י ל ד א : דאַן, האָט איהר דאָך ז י אויך געמוזט זעהן?

ס אָ ל נ ע ם : איך האָב געוואוסט אז זי וועט אוועקגעהן אזוי באלד ווי איך וועל נור צוקומען.

ה י ל ד א : טוט עס אייך זעהר לייד, וואָס זי מיידעט אייך אזוי אויס ?

ס אָ ל נ ע ם : אין א געוויסער הינזיכט געפין איך אין דעם אן ערלייכטערונג.

ה י ל ד א : נישט צו זעהן זי פאר אייערע אויגען ?

ס אָ ל נ ע ם : יא.

ה י ל ד א : נישט צוצוקוקען כסדר, ווי זי נעהמט זיך צום הארצען די געשיכטע מיט די אינגעלעך ?

ס אַ ל נ ע ם : יאָ, דאָס הויפּטזעכליך.

(הילדא גייט, די הענט פערלעגט אויף הינטען, איבער דער וועראנדע, שטעלט זיך אָב ביי דער פּאַרענצע און קוקט אַריבער אין גאַרטען.)

ס אַ ל נ ע ם : (נאָך אַ קורצער פּאַוזע) האָט איהר געהאַט אַ לאַנגען געשפּרעך מיט איהר ?

(הילדא שטעהט אָהן בעוועגונג און ענטפערט ניט.)

ס אַ ל נ ע ם : איך פרעג צי איהר האָט געהאַט אַ לאַנגען געשפּרעך ?

(הילדא איז שטיל ווי פריהער.)

ס אַ ל נ ע ם : וועגען וואָס האָט זי גערעדט, הילדא ?

(הילדא איז אַלץ שטיל.)

ס אַ ל נ ע ם : אָרעמע אַלינא, מסתמא וועגען די אינגעלעך.

(הילדא. אַ נערוועזער ציטער גייט איהר דורך, דאַן שאַקעלט זי אַ פּאָר מאָל שנעל מיט'ן קאָפּ.)

ס אַ ל נ ע ם : זי וועט דאָס קיין מאָל ניט פערגעסען, קיין מאָל אין לעבען ניט. (קומט נעהענטער צו איהר) איצט שטעהט איהר נאָך אַ מאָל ווי אַ סטאַטוע ; פּונקט ווי איהר זייט געשטאַנען נעכטען אָוועגד.

ה י ל ד א : (קעהרט זיך אום און קוקט אויף איהם מיט גרויסע ערנסטע אויגען) איך פאָהר אַוועק !

ס אַ ל נ ע ם : (שאַרף) איהר פאָהרט אַוועק !

ה י ל ד א : יאָ.

ס אַ ל נ ע ם : איך וועל דאָס אייך ניט ערלויבען !

ה י ל ד א : וואָס האָב איך ד אַ איצט צו טאָן ?

ס אַ ל נ ע ם : איינפאַך ז י י ן דאָ, הילדא !

ה י ל ד א : (מעסט איהם אָב מיט אַ קוק) עס וואָלט זיין ניט שלעכט. אָבער איהר ווייסט דאָך, אז מיט דעם וועט עס זיך ניט ענדיגען.

ס אַ ל נ ע ם : (אונאיבערלעגט) איז נאָך בעסער !

ה י ל ד : (צוהיצט) איך קאָן נישט טאָן קיין שלעכטס צו

א פערזאָן, וועלכע איך  ק ע ן ! איך קען ביי איהר נישט צו נעהמען, וואָס נעהערט צו איהר.

ס אָ ל נ ע ס : ווער הייסט עס אייך דען טאָן ?

ה י ל ד א : (פאַרטזעצענדיג) ביי א פרעמדער, יא ! דאָס איז גאָר עפּעס אנדערש. ביי אזא, וועלכע איך האָב קיין מאָל נישט געזעהן. אָבער מיט איהר בין איך דאָך געקומען אין אזא נאָהענטער בעריהרונג !... ניין, אָה ניין ! פוי !

ס אָ ל נ ע ס : יא, אָבער איך האָב אייך קיין מאָל ניט פאַרגעשלאָגען איהר זאָלט דאָס טאָן.

ה י ל ד א : אָה, בוימייסטער, איהר ווייסט גאנץ גוט וואָס די ענדרע וואָלט געווען. און דערפאר טאקע פאָהר איך אוועק.

ס אָ ל נ ע ס : און וואָס וועט ווערען פון מיר, ווען איהר וועט אוועקפאָהרען ? צו וואָס וועל איך  ד א ן  דארפען לעבען—?

ה י ל ד א : (מיט אַן אונבעשטימטען אויסדרוק אין די אויגען) מיט  א י י ך  האַלט עס געוויס ניט אזוי שלעכט. איהר האָט אייערע פליכטען צו איהר. לעבט צוליעב די פליכטען.

ס אָ ל נ ע ס : צו שפּעט. דיזע מעכטע — דיזע — דיזע —

ה י ל ד א : — טייוואָלים —

ס אָ ל נ ע ס : יא, דיזע טייוואָלים ! און דער נישט-גוטער אין מיר, אויך — זיי האָבען פון איהר דאָס גאנצע לעבענס-בלוט ארויסגעצאפּט. (ער לאַכט פערצווייפעלט) זיי האָבען דאָס געטאָן צו-ליעב מיין גליק ! יא, יא ! (מיט א שווערען געמיטה) און איצט איז זי טויט — פון מיינעט וועגען. און איך בין לעבעדיגערהייט צוגעשמידט מיט קייטען צו א טויטער פרוי. (אין ווילדער אַנגסט) איך — איך, וועלכער  ק ע ן  ניט לעבען אָהן לעבענס-פרייד !

ה י ל ד א : (רוקט זיך איבער אויף דער אַנדער זייט טיש און זעצט זיך אויף דער באַנק, מיט די עלענבויגען אויפ'ן טיש, און דעם קאָפּ אָנגעשפּארט אַן די הענד, זיצט און קוקט אויף איהם א ווײלע) וואָס וועט איהר ווייטער בויען ?

ס אַ ל נ ע ם : (שאָקעלט מיט'ן קאָפּ) איך גלויב ניט, אז איך וועל איבערהויפּט שוין פיעל בויען.

ה י ל ד א : קיינע בעקוועמע, גליקליכע היימען פאר פאָטערס און מוטערס און מחנות קינדער ?

ס אַ ל נ ע ם : איך ווייס ניט צו מען וועט דאָס דאַרפען אין דער צוקונפט.

ה י ל ד א : ארעמער בוימייסטער ! און איהר האָט גאנ־צע צעהן יאָהר דערויף געארביים — דאָס לעבען אָבגעגעבען נור דערויף.

ס אַ ל נ ע ם : יא, איהר האָט רעכט, הילדא.

ה י ל ד א : (פּלאצט ארויס) אָה, דאָס אלעס קומט מיר פאָר אזוי נאריש, אזוי נאריש !

ס אַ ל נ ע ם : אלעס וואָס ?

ה י ל ד א : נישט צו קענען אָנכאַפּען דאָס אייגענע גליק — דאָס אייגענע לעבען ! נור דערפאר וואָס א וועלכע עס איז בעקאנטע פּערזאָן שטעהט אין וועג !

ס אַ ל נ ע ם : א פּערזאָן, וועלכע מען האָט קיין רעכט ניט אָבצושטופּען אָן א זייט.

ה י ל ד א : איך וואָלט וועלען וויסען, צי קיינער האָט ווירק־ליך ניט דאָס רעכט ? און דאָך — אך, ווען מען וואָלט געקענט אריבערשלאָפען די גאנצע געשיכטע ! (זי לעגט פלאך די הענד אויפ'ן טיש, לאָזט די לינקע זייט פון קאָפּ רוהען אויף די הענד, און פערמאַכט די אויגען).

ס אַ ל נ ע ם : (דרעהט ארום דעם לעהנשטוהל און זעצט זיך בײם טיש) האָט א י ה ר געהאט א בעקוועמע, גליקליכע היים, דאָרט ביי אייער פאָטער, הילדא ?

ה י ל ד א : (נישט ריהרענדיג זיך, ווי האַלב פערשלאָפען) איך האָב נור געהאט א שטייגעל.

ס אַ ל נ ע ם : און איהר זייט בעשלאָסען נישט צוריקצו־קעהרען זיך אהין ?

הילדא: (ווי פריהער) דער ווילדער פויגעל וויל קיין מאָל נים אין שטייג אריין.

סאָלנעס: בעסער שוועבען אין די פרייע לופט...

הילדא: (אלץ ווי פריהער) דער רויב פויגעל ליעבט צו שוועבען —

סאָלנעס: (קקוקט אויף איהר). ווער עס האָט נור דעם וויקינג־גייסט אין זיך...

הילדא: (אין איהר נאַטירליכע שטימע; עפענט די אויגען, נור ריהרט זיך נישט) און די אנדער זאך? זאָגט, וואָס איז געווען די אנדער זאך?

סאָלנעס: א געזונדען געוויסען.

הילדא: (זעצט זיך גלייך אויף דער באַנק; איהרע אויגען פינקלען ווידער מיט פרייד. שאָקעלט איהם צו) איך וויים, וואָס איהר וועט בויען נעכסטענס!

סאָלנעס: דאַן ווייסט איהר מעהר ווי איך אליין, הילדא.

הילדא: יא, די בוימייסטער זיינען אזוינע נארישע מענשען.

סאָלנעס: אלזאָ, וואָס וועט דאָס זיין?

הילדא: (שאָקעלט ווידער מיט'ן קאָפ) דער שלאָס.

סאָלנעס: וואָס פאַר א שלאָס?

הילדא: מיין שלאָס, נאַטירליך?

סאָלנעס: איצט ווילט איהר שוין נאָר א שלאָס?

הילדא: זייט איהר מיר נים שולדיג א קעניגרייך, וואָלט איך וועלען וויסען?

סאָלנעס: אזוי בעהויפטעט איהר, ווענינסטענס.

הילדא: גוט, איהר־זייט מודה אז איהר זייט מיר שולדיג א קעניגרייך. און מיר דאַכט אז מען קען נים האָבען קיין קעניגרייך אָהן א קעניגליכען שלאָס!

סאָלנעס: (מעהר און מעהר בעלעבט) יא, געוועהנליך געהען דיביידע זאכען צוזאַמען.

הילדא: גוט. דאן בויט איהם אויף פאר מיר, אט די מינוט!

סאלנעס: (לאכענדיג) אזוי, איהר מוזט אט דאס אויך האבען גלייך אין מינוט?

הילדא: גאנץ געוויס! ווייל איצט זיינען די צעהן יאהר אוים, און איך וויל מעהר נישט ווארטען. אלזא — אהער דעם שלאס, בוימייסטער!

סאלנעס: עס איז גאר נישט קיין שפאס איך עפעס שולדיג צו זיין, הילדא.

הילדא: ווענען דעם האט איהר פריהער געדארפט טראכטען. איצט איז שוין צו שפעט. אלזא — (זי קלאפט אויפ'ן טיש) דעם שלאס אהער אויפ'ן טיש! עס איז מיין שלאס! איך וויל עס גלייך האבען!

סאלנעס: (מעהר ערנסט, בויגט זיך אריבער צו איהר, מיט די הענד אויפ'ן טיש) וואס פאר א סארט שלאס האט איהר זיך פארגעשטעלט, הילדא?

(איהר אויסדרוק ווערט אלץ מעהר פערשלעהערט. זי זעהט אויס-גני זי וואלט טיעף ארייגקוקען אין זיך זעלבסט.)

הילדא: (לאנגזאם) מיין שלאס זאל שטעהן הויך — גאנץ אויבען — מיט א פרייען אויסבליק אויף אלע זייטען — אזוי, אז איך זאל קענען ארויסקוקען ווייט — ווייט ארום.

סאלנעס: און, אהן צווייפעל, מוז אויף איהם זיין א הויכער טורעם?

הילדא: אן אונגעהייער הויכער טורעם, און אויפ'ן רעכ-טען שפיץ פון טורעם מוז זיין א באלקאן, און איך וועל אויף איהם שטעהן —

סאלנעס: (כאפט זיך בײם ווילענדיג בײם שטערען) ווי אזוי קענט איהר ליעב האבען צו שטעהן אויף אזא שווינדעלדיגער הויך? —

הילדא: יא, איך וויל! גראד דארט אויבען וויל איך שטעהן און אראפקוקען אויף די אנדערע — אויף די, וועלכע בויען

קירכען, און הײמען פאר פאטערס און מוטערס און מחנות קינדער.
און א י ה ר מעגט אויך ארויפקומען און דאס אנקוקען.

ס א ל נ ע ס : (שטיל) מעג דער בוימײסטער ארויפקומען צו דער פרינצעסין ?

ה י ל ד א : אויב דער בוימײסטער וויל.

ס א ל נ ע ס : (ווײכער). דאן, גלויב איך, וועט דער בוי־מײסטער קומען.

ה י ל ד א : (שאקעלט מיט'ן קאפ) דער בוימײסטער — ער ו ו ע ט קומען.

ס א ל נ עס : ער וועט אבער מעהר קײנמאל ניט קענען בויען — דער ארעמער בוימײסטער.

ה י ל ד א : (מונטער) יא, יא, ער וועט ! מיר בײדע וועלען זיך נעהמען פאר דער ארבײט צוזאמען. און דאן וועלען מיר בויען דאס שעהנסטע — דאס אלערשעהנסטע, וואס גיט אויף דער וועלט !

ס א ל נ ע ס : (געשפאנט) הילדא, זאגט מיר וואס איז דאס אזוינס ?

ה י ל ד א : (קוקט אויף איהם, שמײכלענדיג, שאקעלט מיט'ן קאפ, פערשפיצט די ליפען און רעדט ווי צו א קינד). די בוימײסטער — זײ זײנען זעהר — זעהר נארעשע מענשען.

ס א ל נ ע ס : יא, אודאי זײנען זײ נארעש. אבער זאגט זשע מיר וואס איז דאס — דאס שענסטע אויף דער וועלט, וואס מיר בײדע דארפען צוזאמען בויען ?

ה י ל ד א : (איז שטיל א ווײלע, דאן זאגט זי מיט אן אונבע־שטימטען אויסדרוק אין די אויגען). ל ו פ ט ־ ש ל ע ס ע ר.

ס א ל נ ע ס : לופט־שלעסער ?

ה י ל ד א : (שאקעלט מיט'ן קאפ). לופט־שלעסער, א ! ווײסט איהר וואס פאר א מין זאך א לופט־שלאס איז ?

ס א ל נ ע ס : איהר זאגט, עס איז דאס שענסטע אויף דער וועלט.

ה י ל ד א : (הויבט זיך האסטיג אויף און גיט א מאך אוועק

מיט דער האַנד). פערשטעהט זיך! לובט־שלעסער — זײנען אַזוי בעקוועם אויף צו בעהאַלטען זיך אין זיי. און עס איז אויך אַזוי לײכט זיי צו בויען — (קוקט אויף איהם צאַרטליך) איבערהויפּט פאַר די בוימײסטערס — וועלכע האָבען אַ — אַ שווינדעלדיגען געוויסען.

ס אָ ל נ ע ס : (הויבט זיך אויף). פון היינט אָן בויען מיר ביידע צוזאַמען, הילדאַ.

ה י ל ד אַ : (מיט אַ שמייכעל פון צווייפעל). אַ ר י כ ט י - ג ע ן לופט־שלאָס?

ס אָ ל נ ע ס : יאָ, אַ לופט־שלאָס מיט אַ שטאַרקען פונדאַמענט אונטער איהם.

(ראַגנאַר בראָוויק קומט אַרויס פון הויז; ער טראָגט אַ גרויסען גרינעם קראַנץ, בעפּוצט מיט בלומען און זיידענע בענדער).

ה י ל ד אַ : (שרייט אויס מיט פרייד). דער קראַנץ! אָה, דאָס וועט זיין פּראַכטפול!

ס אָ ל נ ע ס : (פערוואונדערט). א י ה ר האָט געבראַכט דעם קראַנץ, ראַגנאַר?

ר א ג נ א ר : איך האָב פערשפּראָכען דעם ווערקמײסטער דאָס איך וועל ברייגנען.

ס אָ ל נ ע ס : (ערלייכטערט). אה, אויב אַזוי, שטעל איך מיר פאָר אַז אייער פאָטער פיהלט זיך בעסער?

ר א ג נ א ר : ניין.

ס אָ ל נ ע ס : האָט איהם נאָר ניט ערמונטערט דאָס, וואָס איך האָב אָנגעשריבען?

ר א ג נ א ר : עס איז געקומען צו שפּעט.

ס אָ ל נ ע ס : צו שפּעט!

ר א ג נ ע ר : ווען זי איז דערמיט געקומען, איז ער שוין ניט געווען ביי די געדאַנקען. ער האָט געקריגען די אַפּאָפּלעקסיע.

ס אָ ל נ ע ס : אויב אַזוי געהט־זשע שנעל אַהיים צו איהם! זיים דאָך לעבען אייער פאָטער!

ר א ג נ א ר : ער דאַרף מיך שוין מעהר נישט.

ס אָ ל נ ע ס : אָבער דאָך, איהר מוזט זיין לעבען איהם.

ר א נ נ א ר : ז י זיצט ביי זיין בעט.

ס אָ ל נ ע ס : (עטוואָס אונזיכער). קאַיאַ?

ר א נ נ ע ר : (קוקט אויף איהם פינסטער). יאַ — קאַיאַ.

ס אָ ל נ ע ס : נעהמט אהיים, ראַנגאַר, צו איהר און צו איהם. ניט מ י ר דעם קראַנץ.

ר א נ נ א ר : (אונטערדריקט אַ שפּאָטישען שמייכעל). איהר מיינט דאָך ניט אפשר אליין...?

ס אָ ל נ ע ס : איך וועל מיט דעם אליין ארונטערגעהן (ער נעהמט ביי איהם דעם קראַנץ) און איצט נעהמט אהיים; מיר דאַרפען איך דאָ היינט ניט.

ר א נ נ א ר : איך ווייס, אז איהר דאַרפט מיך מעהר נישט; נור היינט בלייב איך דאָ.

ס אָ ל נ ע ס : נו בלייבט, אויב איהר ווילט.

ה י ל ד א : (ביי דער פענצטער). בוימייסטער — איך וועל דאָ שטעהן און קוקען אויף אייך.

ס אָ ל נ ע ס : אויף מיר!

ה י ל ד א : עס וועט זיין שרעקליך שפּאַנענד.

ס אָ ל נ ע ס : (שטיל). מיר וועלען וועגען דעם שפּעטער רעדען, הילדאַ. (ער געהט אַרונטער די טרעפּ מיט'ן קראַנץ, ווייטער אוועק אין גאָרטען אריין).

ה י ל ד א : (קוקט איהם נאָך, דאַן אומקעהרענדיג זיך צו ראַגנאַרען) איך מיין, איהר האָט איהם ווייניגסטענס געמעגט דאַנקען.

ר א נ נ א ר : איהם דאַנקען! א י ה ם האָב איך געדאַרפט דאַנקען?

ה י ל ד א : יאַ, געוויס האָט איהר געדאַרפט!

ר א נ נ א ר : איך דענק, איך האָב גיכער א י י ך געדאַרפט דאַנקען.

ה י ל ד א : ווי קענט איהר דאָס זאָגען?

ר א נ נ א ר : (ניט ענטפערענדיג) אָבער, איך ראַטה אייך

איהר זאָלט זיין פאַרזיכטיג, פריילען וואַנגעל! איהר קענט איהם נאָך ניט ריכטיג.

הילדא: (פייערדיג). אָה, איך קען איהם בעסער פאַר יעדען איינעם!

ראַגנאַר: (לאַכט פערביטערט). איהם דאַנקען, בעת אַז ער האָט מיך פון יאָהר צו יאָהר געהאַלטען געבונדען! בעת אַז ער האָט געמאַכט אַז מיין פאַטער זאָל צווייפלען אין מיר, אַז איך זאָל אַליין אין זיך צווייפלען! און דאָס אַלעס, נור כדי ער זאָל.....!

הילדא: (ווי עס וואָלט איהר עפּעס איינפאַלען). כדי ער זאָל....? זאָגט מיר גלייך!

ראַגנאַר: כדי ער זאָל זי קענען האַלטען ביי זיך.

הילדא: (שפּרינגט אויף צו איהם). דאָס מיידעל ביים שרייבטיש?

ראַגנאַר: יא.

הילדא: (דראָהענד, מיט צונויפגעפּרעסטע הענד). דאָס איז ניט אמת! איהר דערצעהלט פאַלשע זאַכען וועגען איהם!

ראַגנאַר: איך וואָלט עס אַליין אויך ניט געגלויבט ביז היינט, ווען זי האָט דאָס מיר אַליין געזאָגט.

הילדא: (אויסער זיך). וואָס האָט זי געזאָגט? איך וויל עס וויסען! גלייך!

ראַגנאַר: זי האָט געזאָגט, אַז ער האָט בעהערשט איהרע געפיהלען, אַז אַלע איהרע געדאַנקען געהערען צו איהם און זי קען זיך קיין מאָל פון איהם ניט אָוועקרייסען. אַז זי וועט בלייבען דאָרט, וואו ער איז.....

הילדא: (מיט פלאַמענדע אויגען). מען וועט עס איהר ניט לאָזען!

ראַגנאַר: (פאַרשענדיג). ווער וועט זי ניט לאָזען?

הילדא: (שנעל). ער וועט עס אויך ניט!

ראַגנאַר: ניין, נאַטירליך ניט. איצט פערשטעה איך די גאַנצע געשיכטע. איצט וואָלט זי נור געווען — אין וועג.

הילדא: איהר פערשטעהט גאַרנישט, אויב איהר קענט

אזוי רעדען! ניין, א י ך װעל אייך ערקלערען, װאָרום ער האָט זיך אזוי געהאַלטען אָן איהר.

ר א נ נ א ר : נו גוט, װאָרום?

ה י ל ד א : כדי א י י ך צו האַלטען ביי זיך.

ר א נ נ ע ר : האָט ער דאָס אייך געזאָגט?

ה ל ד א : ניין, נור אזוי איז עס! עס מ ו ז אזוי זיין! (װילד) איך װיל, — איך װ י ל, אז עס זאָל אזוי זיין!

ר א נ נ א ר : און גראָד, װען איהר זייט געקומען, האָט ער זי אָבגעלאָזען.

ה י ל ד א : אייך — אייך האָט ער אָבגעלאָזען! װאָס, מיינט איהר, קימערט ער זיך אום פּרעמדע מיידלעך, װי זי איז?

ר א נ נ א ר : (דענקט נאָך). איז עס מעגליך, אז די גאַנצע צייט האָט ער פאַר מיר מורא געהאַט?

ה י ל ד א : ע ר מורא געהאַט! אזא הויכע מיינונג דאַרפט איהר װעגען זיך ניט האָבען.

ר א נ נ א ר : אָה, ער האָט שוין לאַנג געמוזט בעמערקען, אז איך טויג אויך אויף עפּעס. איבעריגענס, א פּיינליגג — דאָס, זעהט איהר איז ער פון דער נאַטור.

ה י ל ד א : ע ר! אוודאי! דאָס דערצעהלט איטעצען אַנדערש!

ר א נ נ א ר : אין א געװיסען זינן איז ער א פּיינליגג — ער, דער גרויסער בוימייסטער. ער האָט קיין מורא ניט אָװעקצוראַבע־װען ביי אַנדערע זייער לעבענס־גליק — װי ער האָט דאָס געטאָן מיט מיר און מיין פאַטער. אָבער װען עס קומט פאַר אַרויף צו־קלעטערען אויף א שטיקעל ברעטער־געשטעל, װעט ער זיך אויס־דרעהען מיט אַלע מיטלען!

ה י ל ד א : אָה, איהר װאָלט איהם געדאַרפט זעהן אזוי הויך, אזוי הימעל־הויך, װי איך האָב איהם איין מאָל געזעהן!

ר א נ נ א ר : איהר האָט דאָס געזעהן?

ה י ל ד א : גאַנץ געװיס האָב איך עס געזעהן. װי פריי

און גרויס ער האָט אויסגעזעהן, שטעהענדיג דאָרט און צובינדענדיג דעם קראַנץ צו דער קירכען־פאָהן.

ר א ג נ א ר : איך וויים, אז ער האָט דאָס געוואָגט איין מאָל אין זיין לעבען — איין איינציג מאָל. מיר יונגע דערצעהלען עס צווישען זיך ווי אַ טראַדיציע. אָבער קיין מאכט אין דער וועלט קען איהם ניט בעווענען דאָס נאָך אמאָל צו טאָן.

ה י ל ד אַ : היינט טוט ער דאָס ווידער!

ר א ג נ א ר : (שפּאָטיש). יאָ, איך מיין עפּעס!

ה י ל ד אַ : ווען מיר זעהן!

ר א ג נ א ר : ניט איהר און ניט איך וועלען דאָס זעהען.

ה י ל ד אַ : (קען זיך ניט קאָנטראָלירען). איך ו ו ע ל עס זעהן! איך ו ו י ל און מ ו ז עס זעהן!

ר א ג נ א ר : ער וועט דאָס אָבער נישט טאָן. ער וועט איינפאַך ניט וואַגען. אָט די שוואַכקייט האָט ער — ער, דער גרויסער בוימייסטער.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : (קומט אַרויס פון הויז אויף דער וועראַנדע, קוקט זיך אַרום). ער איז דאָ ניטאָ? וואו איז ער אוועק־געגאַנגען?

ר א ג נ א ר : הערר סאָלנעס איז דאָרט מיט די ארבייטער.

ה י ל ד אַ : ער האָט גענומען דעם קראַנץ מיט זיך.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : (מיט אַנגסט). מיטגענומען דעם קראַנץ! אַך גאָט — אַך גאָט! בראַוויק — איהר מוזט אַראָבגעהן צו איהם! זעהט, ער זאָל צוריק קומען!

ר א ג נ א ר : זאָל איך איהם זאָגען, אז איהר ווילט מיט איהם רעדען, גנעדיגע פרוי?

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : אָה, איך בעט אייך! — ניין, ניין, זאָגט איהם ניט פון מ י ר ! זאָגט, אז אימעצער איז דאָ, ער זאָל גלייך קומען.

ר א ג נ א ר : גוט, גוט. איך וועל איהם זאָגען, גנעדיגע פרוי. (ער געהט אַרונטער די טרעפּ אין גאָרטען אריין).

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : אַך, פריילען וואַנגעל, איהר קענט זיך נאָר ניט פאָרשטעלען, ווי בעזאָרגט איך בין וועגען איהם.

ה י ל ד אַ : איז עס דען אַזוי געפעהרליך, אַז מען זאָל דאַרפען זיך אַזוי שרעקען דעריבער?

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : אָה, געוויס; איהר קענט דאָך עס פערשטעהן. בעטראַכט נור — ווען ער וואָלט עס מיינען ערנסט! ווען ער וואָלט ווירקליך וועלען קלעטערען אויפ׳ן ברעטער־געשטעל!

ה י ל ד אַ : (געשפאַנט). און איהר דענקט, ער וועט דאָס טאַקע טאָן?

פ ר ו י  ס אָ ל ע נ ס : מען קען קיין מאָל ניט וויסען, וואָס איהם קען איינפאַלען. אויף איהם איז אַלעס צו גלויבען.

ה י ל ד אַ : אַהאַ, א י ה ר דענקט אפשר אויך, אַז ער איז ניט אַזוי — נישט אין גאַנצען...?

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : אָה, איך וויים שוין אַליין ניט, וואָס צו דענקען וועגען איהם. דער דאָקטאָר דערציילט מיר אַלערליי מעשות. און אויסער דעם, ווען איך דערמאָן זיך פערשי־דענע זאַכען וואָס איך אַליין האָב געהערט פון איהם...

ד ר.  ה ע ר ד ע ל :,(שטעקט אריין דעם קאָפּ דורך די טיר). ער קומט באַלד?

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : אַזוי דענק איך. איך האָב געשיקט נאָך איהם.

ה ע ר ד ע ל : (קומענדיג נעהנטער). איך האָב מורא איהר וועט מוזען אריינגעהן, מאַדאַם —

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : ניין, ניין, איך בלייב דאָ וואַרטען אויף האַלוואַרדען.

ה ע ר ד ע ל : עס זיינען אָבער געקומען צו אייך אַ פּאָר דאַמען מיט אַ וויזיט.

פ ר ו י  ס אָ ל נ ע ס : אַך גאָט! נאָך ד אָ ס האָט נע־פעהלט! און גראָד איצט!

ה ע ר ד ע ל : זיי זיינען, איינענטליך, געקומען זעהען די צערעמאָניע.

פרוי סאַלנעס: גוט, גוט, איך דענק מען מוז דאָך געהן צו זיי. עס איז מיין פליכט.

הילדאַ: קענט איהר דען ניט בעטען די דאַמען זיי זאָלען אוועק געהן?

פרוי סאַלנעס: ניין, דאָס געהט ניט. איין מאָל זיינען זיי שוין געקומען, איז עס מיין פליכט זיי אויפצונעהמען. נור בלייבט איהר דערווייל אין דרויסען — און רעדט מיט איהם, ווען ער וועט קומען.

העררעל: און פערהאַלט איהם מיט א געשפּרעך אַזוי לאַנג, ווי מעגליך....

פרוי סאַלנעס: יאַ, ליעבע פריילען וואַנגעל, — האַלט איהם אַזוי פעסט ווי איהר קענט נור.

הילדאַ: דענקט איהר ניט, אַז עס וואָלט זיין בעסער איהר זאָלט דאָס טאָן?

פרוי סאַלנעס: יאַ, גאָט ווייס, אַז דאָס איז מיין פליכט. נור ווען מען האָט אַזוי פיעל פערשירענע פליכטען...

העררעל: (קוקט ארויס אין גאָרטען). אָט קומט ער!

פרוי סאַלנעס: און איך מוז אריינגעהן.

העררעל: (צו הילדען). זאָגט איהם גאָרנישט ווענען דעם אַז איך בין דאַ.

הילדאַ: אָה, ניין! איך מיין, אַז איך וועל שוין געפינען עפּעס אַנדערעס ווענען וואָס צו רעדען מיט'ן בוימייסטער.

פרוי סאַלנעס: און האַלט איהם נור פעסט. איך דענק, איהר קענט עס טאָן אַם בעסטען.

(פרוי סאַלנעס און דאָקטאָר הערדעל געהען אריין אין הויז, הילדאַ בלייבט שטעהן אויף דער וועראַנדע).

סאַלנעס: (קומט אַרויף אויף די טרעפּ). איך הער, אַז אימעצער דאַרף מיך דאַ.

הילדאַ: יאַ, איך בין דאָס, בוימייסטער.

סאַלנעס: אַזוי, איהר זייט עס, הילדאַ. און איך האָב זיך שוין געשראָקען, טאָמער איז עס אַלינאַ אָדער דער דאָקטאָר.

ה י ל ד א : עס זעהט אויס, א י ה ר זיים זעהר א שרעק־ קעדינער.

ס א ל נ ע ר : דענקט איהר אזוי ?

ה י ל ד א : יא, מען זאגט איהר האט מורא ארום צו קלע־ טערן — אויף די געשטעלען ארום א געביידע, הייסט עס.

ס א ל נ ע ס : נו, דאס אז דאך א גאנץ ספעציעלע זאך.

ה י ל ד א : איז עס, אלזא, אמת, אז איהר האט דערפאר מורא ?

ס א ל נ ע ס : יא, דאס איז אמת.

ה י ל ד א : איהר האט מורא, איהר וועט אראפ פאלען און דעם געניק ברעכען ?

ס א ל נ ע ס : ניין, דאס נים.

ה י ל ד א : וואס־זשע דען ?

ס א ל נ ע ס : איך שרעק זיך פאר דער אברעכענונג, הילדא.

ה י ל ד א : די אברעכענונג ! (שאקעלט מיט'ן קאפ). דאס פערשטעה איך נים.

ס א ל נ ע ס : זעצט זיך, וועל איך אייך עפעס דערצעהלען.

ה י ל ד א : גוט ! דערצעהלט ! (זעצט זיך אויף א טאבורעט ביי דער פארענצע און קוקט אויף איהם מיט ערווארטונג).

ס א ל נ ע ס : (ווארפט זיין הוט אויפ'ן טיש). ווי אייך איז בעוואוסט, האב איך אנגעפאנגען מיין קאריערע מיט בויען קירכען.

ה י ל ד א : (שאקעלט מיט'ן קאפ). דאס ווייס איך וואויל.

ס א ל נ ע ס : ווייל, פערשטעהט איהר, אלס אינגעל בין איך געוואקסען אין א פרום הויז אין א דארף. און מיר האט זיך געדאכט, דאס עס גיט גארנים קיין ערהאבענערע זאך פאר מיר, ווי צו בויען קירכען.

ה י ל ד א : יא, ווארום דען נים ?

ס א ל נ ע ס : און דאס מוז איך אייך זאגען, אז איך האב געבויט די קליינע, ארעמע קירכען מיט אזא עהרליכקייט, ווארעמ־ קייט און ערנסטע איבערגעבענהייט אז — אז...

ה י ל ד א : אז — ? וואס ?

ס אַ ל נ ע ס : אז איך דענק, ער האָט געראַפט זיין צו־פֿריעדען מיט מיר.

ה י ל ד אַ : ע ר ? וואָס פֿאַר אַן ע ר ?

ס אַ ל נ ע ס : ער, פֿערשטעהט זיך, — פֿאַר וועמען די קירכען זיינען געוועזן בעשטימט ! ער, פֿאַר וועמענס רוהם און עהרע זיי זיינען געבויט געוואָרען.

ה י ל ד אַ : אַזוי ! אָבער ווייסט איהר דען בעשטימט אַז — אַז ער איז ניט געוועזן — צופֿריעדען מיט אייך ?

ס אַ ל נ ע ס : (שפּאָטיש). ער צופֿריעדען מיט מ י ר ? ווי קענט איהר דאָס גאָר זאָגען, הילדאַ ? ער, וועלכער האָט דערלאָזען, אַז דער גישט־גוטער זאָל אין מיר געוועלטיגען וויפֿיל ער וויל אַליין. ער, וועלכער האָט זיי געהייסען זיין גרייט מיך צו דיענען בייטאָג און ביינאַכט — אַלע די — די...

ה י ל ד אַ : מייוואָלים ?

ס אַ ל נ ע ס : יע, ביידערליי. אָה ניין, ער האָט מיר געגעבען צו פֿיהלען גאַנץ דייטליך, אַז ער איז מיט מיר נישט צופֿריעדען. (געהיימניספֿאָל). ד אָ ס, זעהט איהר, איז, אייגענטליך, געוועזן די אורזאַך, וואָס ער האָט געלאָזט אָבברענען דאָס אַלטע הויז.

ה י ל ד אַ : איז ד אָ ס געוועזן די אורזאַך ?

ס אַ ל נ ע ס : יאָ, איהר פֿערשטעהט דאָס דען ניט ? ער האָט מיר געוואָלט געבען די מעגליכקייט צו ווערען אַ גרויסער מייסטער אין מיין פֿאַך, אום איך זאָל פֿאַר איהם בויען אַלץ שעה־נערע קירכען. אין אָנפֿאַנג האָב איך נישט פֿערשטאַנען וואוהין ער האָט געצויגען; נור מיט אַמאָל איז דאָס מיר קלאָר געוואָרען.

ה י ל ד אַ : ווען איז דאָס געוועזן ?

ס אַ ל נ ע ס : עס איז געוועזן ווען איך האָב געבויט דעם קירך־טורעם דאָרט, אין לייסאַנזשער.

ה י ל ד אַ : אַזוי האָב איך געדענקט.

ס אַ ל נ ע ס : ווייל, פֿערשטעהט איהר, הילדאַ — דאָרט אין דער פֿרעמד פֿלעג איך אומגעשטערט ארומגעהן און זיך גריבלען אין זיך אַליין. דאַן האָב איך איינגעזעהן גאַנץ קלאָר, וואָרום ער

האָט ביי מיר צוגענומען די קינדערלעך. ער האָט דאָס געטאָן, אום קיין זאך זאָל מיך נישט צובינדען צו זיך. קיינע אזעלכע זאכען, ווי ליעבע און גליק, פערשטעהט איהר מיך. איך האָב נור גע־דאַרפט זיין א בוימייסטער — ווייטער גאָרנישט. און מיין גאַנץ לעבען האָב איך געדאַרפט פערברייננען אין בויען פאַר איהם. (לאַכט) נאָר לאָמיך אייך זאָגען, דערפון איז גאָרנישט ארויסגע־קומען.

הילדא: וואָס האָט איהר דען געטאָן?

סאָלנעס: צוערשט האָב איך זיך געגריבעלט און אויס־געפרובירט מיין אייגען הארץ —

הילדא: און דאַן?

סאָלנעס: דאַן האָב איך געטאָן דאָס אונמעגליכע — איך אַקוראַט ווי ער!

הילדא: דאָס אונמעגליכע?

סאָלנעס: פריהער האָב איך קיין מאָל ניט געקענט ארויפ־קלעטערען הויך און פריי. אָבער יענעם טאָג האָב איך עס געטאָן.

הילדא: (שפרינגט אויף). יאָ, יאָ, איהר האָט עס געטאָן

סאָלנעס: און ווען איך בין דאָרט געשטאַנען, העכער איבער אַלעס, און האָב אויפגעהאַנגען דעם קראַנץ אויף דער וועטער־פאָהן, האָב איך צו איהם געזאָגט: הער מיך אויס, איצטער, דו מעכטיגער! פון היינט אָן וועל איך אויך זיין א פרייער בוימייסטער — איך אין מיין קרייז, פונקט ווי דו אין דיינעם. איך וועל מעהר קיינמאָל ניט בויען קיין קירכען פאַר דיר — נור היימען פאַר מענשען.

הילדא: (מיט גרויסע פינקלענדע אויגען). דאָס איז געווען דער געזאַנג, וואָס איך האָב דאָרט אויבען געהערט.

סאָלנעס: אָבער נאָכהער איז געקומען זיין רייהע.

הילדא: וואָס מיינט איהר דערמיט?

סאָלנעס: (קוקט אויף איהר מוטהלאָז). בויען היימען פאַר מענשען — איז קיין גראָשען ניט ווערטה, הילדא.

הילדא: זאָגט איהר דאָס איצטער?

סאָלנעס: יאָ, איצטער זעה איך דאָס איין. מענשען דארפען נישט אָט די היימען זייערע — אויך צו זיין דארט גליקליך. איך וואָלט אויך נישט געדארפט אזא היים, ווען איך וואָלט עס נעהאט. (מיט א שמייכעל, ביטערען געלעכטער). איהר זעהט, דאָס איז דער רעזולטאט פון דער גאנצער געשיכטע, ווי ווייט צוריק איך זאָל נישט בליקען. עס איז גאָרנישט ווירקליך געבויט, און עס איז אויך גאָרנישט געאָפּפערט, כדי צו האבען די געלעגענהייט צום בויען. גאָרנישט, גאָרנישט! די גאנצע זאך איז גאָרנישט!

הילדא: וועט איהר שוין מעהר קיין מאָל גאָרנישט ניט בויען?

סאָלנעס: (מיט הייטערקייט). אין געגענטהייל, ערשט איצט וועל איך אָנפאנגען!

הילדא: וואָס? וואָס וועט איהר בויען? זאָגט גלייך!

סאָלנעס: איך גלויב, אז עס גיט נור איין מעגליכער וואוין־פּלאַץ פאר מענשליכען גליק — און דאָס איז וואָס איך וועל איצטער בויען.

הילדא: (קוקט איהם פעסט אָן). בוימייסטער — איהר מיינט אונזערע לופט־שלעסער.

סאָלנעס: די לופט־שלעסער — יאָ.

הילדא: איך האָב מורא, עס וועט אייך אָנהויבען שווינדלען, איידער מיר וועלען ארויפגעהן א האלבען וועג.

סאָלנעס: ניין, נים ווען איך קען ארויפשטייגען האנד אין האנד מיט אייך, הילדא.

הילדא: (מיט אַן אויסדרוק פון אונטערדריקטען צאָרן). נור מיט מיר? וועט נים זיין נאך ווער עס איז דערביי?

סאָלנעס: וועמען נאך מיינט איהר דען?

הילדא: אָה — יענע מיידעל — די קאיא, וואָס ביים שרייבטיש. די ארעמע — ווילט איהר דען נים זי אויך מיטנעהמען?

סאָלנעס: אהא! וועגען איהר האָט עס אַלינא מיט איך גערעדט?

ה י ל ד א : איז עס אזוי, אָדער ניט?

ס אַ ל נ ע ס : (האַסטיג). אוּף אַזעלכע פּראַגען ענטפער איך ניט! איהר מוזט אין מיר גלויבען אונבעדינגט, איינגאַנצען! —

ה י ל ד א : גאַנצע צעהן יאָהר האָב איך אין אייך אזוי פעסט געגלויבט — אזוי פעסט.

ס אַ ל ע נ ס : איהר מוזט אין מיר ווייטער אויך גלויבען!

ה י ל ד א : יא, דאַן לאָזט מיך אייך ווייעדער זעהען שטע־הענדיג אויבען, הויך און פריי!

ס אַ ל נ ע ס : (שווערמוטהיג). אַה, הילדא — ניט יעדען טאָג קען איך דאָס טאָן.

ה ל ד א : (ליידענשאַפטליך). איך וויל איר זאָלט עס טאָן! איך וויל עס! (בעטענדיג). נור, נאָך איין איינציגען מאָל, בוי־מייסטער! טוט דאָס אונמעגליכע נאָך איין מאָל!

ס אַ ל ע נ ס : (קוקט איהר טיעף אָן). א ו י ב איך וועל דאָס פּרובירען, הילדא, דאַן וועל איך שטעהן אויבען און רעדען צו איהם ווי דאַמאָלסט.

ה י ל ד א : (אַלץ מעהר געשפּאַנט). וואָס ועט איהר איהם זאָגען?

ס אַ ל נ ע ס : איך וועל איהם זאָגען: הער מיך אויס, אַלמעכטיגער הערר — דו קענסט מיך משפּט'ן, ווי דו ווילסט. אָבער פון איצט אָן וועל איך בויען נור דאָס שעהנסטע אויף דער ו ו ע ל ט —

ה י ל ד א : (ענטציקט). יא — יא!

ס אַ ל נ ע ס : — וועל דאָס בויען צוזאמען מיט א פּרינ־צעסין, וועלכע איך ליעב....

ה י ל ד א : יא, זאָגט איהם דאָס! זאָגט עס איהם!

ס אַ ל נ ע ס : יא. און דאַן וועל איך איהם זאָגען: איצט געה איך אַרונטער און וועל זי אַרומנעהמען און זי קושען —

ה י ל ד א : פיעל מאָל! זאָגט עס!

ס אַ ל נ ע ס : פיעל, פיעל מאָל, וועל איך זאָגען.

ה י ל ד א : און דאַן — ?

ס אָ ל נ ע ס : דאַן וועל איך אַ מאַך טאָן מיט מיין הוט און אַרונטערקומען צוריק אויף דער ערד — און טאָן ווי איך האָב איהם געזאָגט.

ה י ל ד א : (מיט אויסגעשטרעקטע הענט). איצט זעה איך אייך ווידער, ווי דאַן, ווען עס האָט זיך געהערט געזאַנג אין דער לופט.

ס אָ ל נ ע ס : (קוקט אויף איהר, דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזען). ווי אַזוי זייט איהר געוואָרען דאָס, וואָס איהר זייט, הילדאַ?

ה י ל ד א : ווי אַזוי האָט איהר פון מיר געמאַכט דאָס וואָס איך בין?

ס אָ ל נ ע ס : (קורץ און פעסט). די פּרינצעסין זאָל בעקומען איהר שלאָס...

ה י ל ד א : (פרייליך, פּאַטשענדיג מיט די הענד). אַך, בוי־מייסטער! — מיין וואונדער — וואונדערשעהנער שלאָס! אונזער לופט־שלאָס!

ס אָ ל נ ע ס : אויף אַ פעסטען פונדאַמענט.

(אַ עולם מענשען, וועלכען מען זעהט אונדייטליך דורך די בוי־מער, האָט זיך פערזאַמעלט אויפ'ן גאַס. פון ווייטענס, הינטער דעם נייעם הויז הערט מען מוזיק פון בלאָז־אינסטרומענטען).

(פרוי סאָלנעס מיט אַ ווייסען פוטערנעם קראַגען, דאָקטאָר הערדעל, וועלכער טראָגט איהר ווייסען טוך אויף דער האַנד, און אייניגע דאַמען, קומען אַרויס אויף דער ווערענדע. ראַגנאַר בראָוויק קומט אין דער זעלבער צייט אַרויף אויף די טרעפּ).

פ ר ו י ס אָ ל ע נ ס : וועלען מיר האָבען מוזיק אויך?

ר א ג נ א ר : יאַ, גנעדיגע פרוי. דאָס וועלען זיין די מוזיקאַנטען פון דעם בוי־אַרבייטער פעראיין. (צו סאָלנעסען) דער ווערקמייסטער לאָזט אייך וויסען, אַז ער איז שוין פאַרטיג אַרויף צו געהן מיט'ן קראַנץ.

ס אָ ל נ ע ס : (נעהמט זיין הוט) גוט, איך וועל אַליין אַרויבערגעהן.

דאָס איז האָלוואַרד! אַך! דו ליעבער גאָט — ! האָלוואַרד! האָל־
וואַרד!

ה ע ר ד ע ל : שטיל! שרייט ניט צו איהם!

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : (האַלב פון זינען) איך מוז געהן
צו איהם! איך מוז איהם אַרונטערנעהמען אונטען.

ה ע ר ד ע ל : (האַלט זי צו) קיינער זאָל זיך ניט ריהרען!
קיין גערויש!

ה י ל ד אַ : (אונבעוועגליך, פאָלגט נאָך סאָלנעססען מיט די
אויגען) ער קלעטערט ער קלעטערט, העכער און העכער! זעהט!
נור, זעהט!

ר אַ נ נ אַ ר : (אָהן אָן אָטהעם) איצט מ ו ז ער זיך אומ־
קעהרען. עס איז גאָר ניט מעגליך.

ה י ל ד אַ : ער קלעטערט און קלעטערט. באַלד איז ער
אויבען.

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס : איך וועל שטאַרבען פון שרעק. איך
קען דאָס ניט אַריבערטראָגען!

ה ע ר ד ע ל : קוקט־זשע ניט אַהין.

ה י ל ד אַ : ער שטעהט שוין אויף די אויבערשטע ברעטער!
גאַנץ אויבען!

ה ע ר ד ע ל : קיינער זאָל זיך ניט ריהרען! איהר הערט!

ה י ל ד אַ : (מיט שטאַרקער פרייד, שטיל אין זיך) ענדליך!
ענדליך! איצט זעה איך איהם ווידער גרויס און פריי!

ר אַ נ נ אַ ר : (כמעט אָהן לשון) אָבער דאָס איז דאָך אונ.....

ה י ל ד אַ : אַזוי האָב איך איהם געזעהן די גאַנצע צעהן
יאָהר. ווי פעסט ער שטעהט! עס איז פון דעסטוועגען שרעקליך
שפּאַנענד. זעהט, איצט הענגט ער אויף דעם קראַנץ אויפ'ן שפּיץ
טורעם!

ר אַ נ נ אַ ר : עס קומט מיר פאָר, אַזוי ווי איך וואָלט
זעהן עטוואָס גאַנץ אונמעגליכעס.

ה י ל ד אַ : יאַ, דאָס איז דאָך טאַקע דאָס א ו נ מ ע ג ־

ל י ב ע, וואָס ער טוט יעצט! (מיט דעם אומבעשרייבליכען אויסדרוק אין די אויגען) זעהט איהר נאָך אימעצען נעבען איהם?

ר אַ ג נ אַ ר: עס איז דאָרט קיינער ניטאָ.

ה י ל ד אַ: דאָך, דאָרט איז דאָ אימעצער, מיט וועמען ער רעדט זיך איבער.

ר אַ ג נ אַ ר: איהר האָט אַ טעות.

ה י ל ד אַ: און דעם געזאַנג אין דער לופטען הערט איהר אויך נים?

ר אַ ג נ אַ ר: דאָס מוז זיין דער ווינד צווישען די בוימער.

ה י ל ד אַ: איך הער אַ געזאַנג — אַ שטאַרקען געזאַנג! (זי שרייט אין ווילדען יובעל) זעהט, זעהט! אָט מאַכט ער מיט זיין הוט! אָה, גריסט איהם, גריסט איהם צוריק! עס איז שוין געענדיגט! (זי רייסט אַראָב ביים דאָקטאָר דאָס ווייסע טוך, פאָכט עס אין דער לופטען און שרייט צו סאָלנעסען) עס לעבע דער בוימייסטער סאָלנעס!

ה ע ר ד ע ל: הערט אויף! הערט אויף! אום גאָטעס ווילען —!

(די דאַמען פאָכען מיט די טאַשענטיכלעך. פון גאַס הערט מען הורראַה־געשרייען; פלוצלונג ווערט אַלעס שטיל, און דער גאַנצער עולם ברעכט אויס אין אַ געשריי פון שרעק; פון צווישען די בוימער זעהט מען דייטליך ווי אַ מענשליכער קערפער פאַלט אַרונטער צוזאַמען מיט די ברעטער און שטיק האָלץ.)

פ ר ו י ס אָ ל נ ע ס: (און די דאַמען גלייכצייטיג) ער פאַלט! ער פאַלט!

(פרוי סאָלנעס שוואַנקט און פאַלט אָהנמעכטיג ריקווערטס. זי ווערט אונטערגעכאַפט פון די דאַמען אין דעם אַלגעמיינעם רעש און געפילדער. דער עולם אויפ'ן גאַס ברעכט דורך דעם פאַרקאַן און וואַרפט זיך אַריין אין גאָרטען. דאָקטאָר הערדעל לויפט אַרונטער. אַ קורצע פאַוזע.)

ה י ל ד אַ: (קוקט גלייך אַרויף און זאָגט ווי פערשטיינערט) מ י י ן בוימייסטער.

ר א נ נ א ר : (שפּאַרט זיך אָב, ציטערענדיג, אָן פּאַרענצע) ער מוז זיין צושמעטערט אויף שטיקער — טויט אויפ'ן אָרט.

א ד א מ ע : (בשעת מען טראָגט פרוי סאָלנעס אין הויז אַריין) לויפט אַרונטער נאָכ'ן דאָקטאָר — !

ר א נ נ א ר : איך קען זיך ניט ריהרען —

א צ ו ו י י ט ע ד א מ ע : דאַן רופט אימעצען !

ר א נ נ א ר : (פּרובירט אויסרופען) וואָס הערט זיך ? ער לעבט ?

א ש ט י מ ע : (אונטען אין גאָרטען) הערר סאָלנעס איז טויט !

א נ ד ע ר ע ש ט י מ ע ן : (נעהענטער) דער קאָפּ איז אינ־גאַנצען צושמעטערט — ער איז געפאַלען גלייך אויף די שטיינער.

ה י ל ד א : (קעהרט זיך אום צו ראַגנאַרען, שטיל) איצט זעה איך איהם שוין ניט אויבען.

ר א נ נ א ר : עס איז שרעקליך. נאָך אַלעמען האָט ער דאָס דאָך ניט געקענט.

ה י ל ד א : (ווי בעצויבערט, מיט שטילען טריאומף). אָבער ביז צום שפּיץ איז ער דאָך געקומען ! און איך האָב האַרפען ג ע ־ ה ע ר ט דאָרט אויבען. (זי פאָכט אין דער לופטען מיט'ן טוך און שרייט ווילד) מ י י ן — מ י י ן בוימייסטער !

ע נ ד ע .

